באָלעסלאַוו פרוס.

# די קרוין פון מצרים

היסטאָרישער ראָמאַן

יודיש: ע. נ. פרענק

3־טעם בוך.

4־טעם בוך.



פערלאַג „א. גיטלין"

וואַרשוי

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, שוו.־יורסקא 28.

# דריטער טייל.

## ערשטעס קאפּיטעל.

צי די נביאים פֿון דעם אונטערערדישען בית־המקדש פֿון ספינקס האבען געזעהן דעם נייעם הערשער פֿון מצרים צווישען די פּיראמידען, צי זיי האבען דאס מודיע געוועזען אין קעניגליכען פּאלאץ און ווי אזוי זיי האבען דאס געטהון? — דאס ווייסט מען נישט. נאר דאס האט מען געזעהן. ווען רעמסס איז געקומען צו דעם ברעג פֿון נילוס, האט דער גרויסער הרהור געהייסען אויפוועקען די דיענסטשאפט פֿון פּאלאץ און ווען רעמסס איז אנגעקומען אויף דער צווייטער זייט נילוס, זענען אלע כהנים, געענעראלען און גרויסע לייט שוין געוועזען פערזאמעלט אין דעם גרויסען זאל.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען, איז רעמסס דער דרייצעהנטער אריינגעפאהרען אין הויף פֿון פּאלאץ, וואו די דיענסטשאפט איז געפאלען אויף די פּנים'ער פאר איהם, די גווארדיע האט אויפגעהויבען דאס געוועהר און עס האבען זיך געהערט טראמפּעטען און פּויקען.

בעגריסענדיג דאס מיליטער, איז רעמסס געגאנגען אין באד און האט זיך געבאדען אין שמעקענדיג וואסער. דערנאך האט ער זיך געלאזט אין ארדנונג ברענגען זיינע

געטליכע האָר; נאָר ווען דער פּריזירער האָט איהם געפרענט מיט הכנעה: צי ער הייסט זיך גאָלען דעם קאָפּ און די באָרד? — האָט דער נייער פרעה געענטפערט.

— ניין. איך בין נישט קיין כהן, נאָר אַ סאָלדאַט.

אַ ווײַלע דערנאָך זענען די ווערטער איבערגעגעבען געוואָרען אין דעם אוידיענץ-זאַל, אַ שטונדע דערנאָך האָט מען גערעדט פון זיי אין דער שטאָדט מעמפיס און אין אָוועגד האָט מען שוין געוואוסט פון זיי אין אַלע בית-המקדש'ס אין דער גאַנצער מלוכה.

די הויפּט-מענער פון די פּראָווינצען, דאָס אַדעל, מיליטער, פאָלק און אויסלענדער, דערוויסענדיג זיך פון די ווערטער, זענען זיי שיער משוגע געוואָרען פון שמחה און דער הייליגער שטאַנד פון די כהנים האָבען פערשטאַרקט די אבלות נאָך דעם פערשטאָרבענעם פרעה.

אַרויסגעהענדיג פון באָד, האָט דער הייליגער פרעה אָנגעטהון אַ קורץ סאָלדאַטסקע העמדעל און שוואַרצע און נעלע שטרייפען, אויף דעם העמדעל האָט ער אָנגעטהון אַ גאָלדענעם ברוסט-באַנד, אויף די פיס — סאַנדאַלען, וועלכע זענען פערבונדען געוואָרען מיט לעדערלעך און אויפ'ן קאָפּ אַ נידריגען העלם מיט אַ שפּיץ, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעגורט אַ שטאָלענע שווערד פון אַשור, וועלכע ער האָט געטראָגען בעת דער מלחמה אין דער מדבר און — זײַענדיג אַרומגענומען מיט אַ גרויסער סוויטע גענעראַלען, איז ער אַרײַן אין דעם אוידיענץ-זאַל.

דאָרט איז איהם געגען געגאַנגען דער כהן גדול הרהור, וועלכער האָט געהאַט נעבען זיך די כהנים גדולים: שם, מפרים און אַנדערע און הינטער איהם זענען

גענאַנגען די גרויסע שופטים פון מעמפיס און טעבי, עטלי־כע הויפטמענער פון פראָווינצען, דער גרויסער שאַץ־מייסטער, די פערוואַלטער פון תבואה־הויז, קליידער־הויז, שקלאַפען־הויז, גאָלד־און זילבער־הויז און פיעל אַנדערע גרויסע לייט.

הרהור האָט זיך געבוקט פאַר רעמסס'ן און געזאָגט:

— הערשער! איער איביג לעבענדען פאָטער איז געפאַלען געוואָרען אוועקצוגעהן צו די געטער, וואו ער האָט אַ גרויס גליק. אויף דיר איז בעפאַלען די פפליכט זיך צו בעשעפטיגען מיט דעם גורל פון פעריתום'טען לאַנד.

זיי אַלזאָ בעגריסט, דו הערשער פון דער וועלט, און איביג זאָלסטו לעבען, הייליגער חם־שם־מר־אמן־רעמסס־נטר־הגון! ...

אַלע, וואָס זענען דאָרט געוועזען, האָבען מיט התלהבות איבערגעחזר'ט די ווערטער פון הרהור'ן. מען האָט זיך געריכט, אַז דער נייער הערשער וועט ווערען גערירט פון דער סצענע. צו אַלעמענס בעוואונדערונג, האָט ער אָבער נאָר צונויפגעצויגען די ברעמען און געענטפערט:

— לויט דעם רצון פון מיין הייליגען פאָטער און די געזעץ פון מצרים, נעהם איך איבער די ממשלה און איך וועל פיהרען די מלוכה צו'ם גליק און לויב פון פאָלק...

פלוצלונג האָט ער געוואָרפען אַ שאַרפען בליק אויף הרהור'ן און איהם געפרעגט:

— אויף דיין הוט זעה איך אַ גאָלדענע שלאַנג פאַר־וואָס האָסטו זיך אָנגעטהון אַ צייכען פון קעניגליכער מאַכט?

אַ טויט־שטילקייט האָט געהערשט אין דער פערזאַמ־לונג. קיין שום מענש אין מצרים האָט זיך נישט פאַר־

געשטעלט, אז א קרוינפרינץ וועט אנהויבען זיין ממשלה דערמיט, וואס ער וועט אזא פראגע שטעלען א פערזאן, וועלכע איז די מעכטיגסטע אין דער מלוכה, אפשר מעכטיגער איז זי פון דעם געשטארבענעם פרעה.

מיט דעם יונגען פרעה האבען אבער מיטגעהאלטען לערך צוואנציג גענעראלען, אין הויף האבען געבלאנקט די פאלקען פון דער גווארדיע און אויף דעם נילוס איז שוין צוריקגעקומען פון דער מדבר — די ארמעע, וועלכע איז געיועז ווי שכור פון דעם נצחון און האט געליעבט איהר הערשער.

דער מעכטיגער הרהור איז בלאס געווארען און פון זיין געדריקטער קעהל האט קיין שטימע נישט געקאנט ארויס.

— איך פרעג — האט דער יונגער פרעה נאך אמאל געזאגט רוהיג — מיט וואס פאר א רעכט געפינט זיך אויף דיין קאפ א קעניגליכע שלאנג?

— דער הוט איז דיין הייליגען זיידענס, אמן-חטפ׳ים — האט הרהור שטיל געענטפערט — די העכסטע ראט האט מיך געהייסען אנטהון דעם הוט ביי וויכטיגע אנגעלעגענהייטען...

— מיין הייליגער זיידע — האט פרעה געענטפערט — איז געוועזן א פאטער פון דער קעניגין און ער איז בעגנעדיגט געווארען מיט דער ערלויבניש צו טראגען א קעניגליכען צייכען, אבער, ווי איך וויים, געפינט זיך זיין הוט צווישען די הייליגע זאכען אין בית-המקדש פון עמון...

הרהור איז קיהלער געווארען.

— דו, הייליגער פרעה, מוזט געדענקען, אז א

גאַנצען מעת-לעת האָט פרעה נישט געהאַט קיין הערשער. און דעם גאַנצען אָזירים האָט מען דאָך געמוזט אויפוועקען און לעגען שלאָפען, בענשען דאָס פאָלק און לויבען די אבות פון די מלכים האָט מען דאָך אויך געמוזט.

אין אַזאַ שלעכטע צייט, האָט די העכסטע ראַט מיך געהייסען אָנטהון דעם הייליגען הוט, אום די רעגיערונג און גאָטס-דיענסט זאָלען נישט פערשפּעטיגט ווערען. איצט אָבער, ווען מיר האָבען שוין אַ מעכטיגען הערשער, נעהם איך אַראָב פון מיר דעם הייליגען הוט...

זאָגענדיג די ווערטער, האָט הרהור אַראָבגענומען פון זיך דעם הוט מיט דער שלאַנג און איהם דערלאַנגט דעם כהן-גדול מפרים.

פון פרעה'ס פּנים איז אַראָב דער כעס און ער איז צוגעגאַנגען צו'ם טראָהן.

דער הייליגער מפרים האָט איהם דעם וועג פערשטעלט און בוקענדיג זיך צו דער ערד, האָט ער געזאָגט:

— הייליגער הערשער! הער אויס מיין בקשה...

אין זיינע אויגען און אין זיין שטימע האָט זיך אָבער קיין בקשה נישט געהערט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט ווייטער:

— דאָס זענען די ווערטער פון דער העכסטער ראַט, פון אַלע כהנים...

— זאָג — האָט פרעה בעפעהלען.

— דו ווייסט, הייליגער הערשער, אַז אַ פרעה, וואָס איז נישט קיין כהן-גדול, קאָן נישט מקריב זיין קיין קרבנות און טאָר נישט אָנקליידען און אַראָבנעהמען די מלבושים פון גאָט אָזירים

— איך פֿערשטעה — האָט איהם רעמסס איבער־געהאַקט — איך בין אַ פרעה, וואָס איז נישט קיין כהן־גדול.

— דאַדורך — האָט מפרים ווייטער געזאָגט — בעט דיך די העכסטע ראָט, דו זאָלסט בעשטימען אַ כהן־גדול, וועלכער זאָל דיך קאָנען פֿערטרעטען..

דערהערענדיג די ווערטער, האָבען די כהנים־גדולים און אַלע אַנדערע גרויסע לייט געציטערט און זיך גע־דרעהט, ווי זיי וואָלטען געשטאַנען אויף גליהענדע שטיי־נער און די גענעראַלען האָבען כלומרש'ט אונגערן זייערע שווערדען גענומען אין די הענד. דער הייליגער מפרים האָט אָבער מיט שטאָלצקייט געקוקט אויף זיי און ווידער האָט ער זיין בליק געווענדערט צו דעם פנים פֿון פרעה'ן.

דער הערשער פֿון דער וועלט האָט אָבער אויך איצט זיין מוט נישט פֿערלוירען.

— זעהר גוט — האָט ער געענטפֿערט — טהוסטו, זאָגענדיג מיר, וואָס איך בין מחויב צו טהון. די ענינים פֿון דעם מיליטער און פֿון דער מלוכה ערלויבען מיר נישט זיך צו בעשעפֿטיגען מיט די מנהגים פֿון אונזער הייליגער אמונה, דאַדורך מוז איך בעשטימען אַ פֿערטרעטער...

זאָגענדיג די ווערטער, האָט ער זיך אַרומגעקוקט צווישען די פֿערזאַמעלטע.

אין דער לינקער זייט פֿון הרהור'ן איז געשטאַנען דער הייליגער שם. פרעה האָט זיך איינגעקוקט אין זיין פנים, וועלכעס האָט אויסגעדריקט גוטקייט און ערליכקייט און פלוצלונג האָט ער אַ פֿרעגגעטהון:

— ווער און וואָס ביזטו, הייליגער כהן? —

— איך חיים שם און בין א כהן־גדול אין בית־המקדש פתח אין פי־בושת.

— דו וועסט זיין מיין פערטרעטער אין די ענינים פון אמונה. — האט פרעה געזאגט, וויי׳ענדיג אויף איהם מיט׳ן פינגער.

די פערזאמעלטע האבען זיך געוואונדערט. אפילו נאך גאר לאנגע בעראטונגען, וואלט מען קיין בעסערען פערטרעטער נישט געקאנט בעקומען.

הרהור איז אבער זעהר בלאס געווארען און מפרים האט צונויפגעדריקט זיינע בלויע ליפען און פערמאכט די אויגען.

א ווײַלע דערנאך, האט זיך דער נייער פרעה געזעצט אויף זיין טראהן, וועלכער האט געהאט אנשטאט פיס גע־שניצטע געשטאלטען פון פרינצען און מלכים פון נייז פעלקער.

אויף א גאלדענער טאץ האט הרהור דערלאנגט דעם הערשער א ווייסע און א רויטע קרוין. פרעה האט שווײַ־גענדיג ארויפגעלעגט די קרוינען אויפ׳ן קאפ און אלע, וואס זענען דארט געווען, זענען געפאלען מיט די פנים׳ער צו דער ערד.

דאס איז נאך נישט געווען א פייערליכע קאראנאציע, נאר די מאכט האט פרעה דערמיט איבערגענומען.

בעת די כהנים האבען מקריב געווען קטורת און געזונגען א תפלה צו דעם גאט אזירים, ער זאל אויף דעם נייעם פרעה׳ס קאפ אראבשיקען אלע ברכות, איז ערלויבט געווארען די גרויסע לייט צו געהן און קושען די נידריגסטע טרעפ פון דעם טראהן. דערנאך האט פרעה גענומען א

נאַלדענעם לעפּעל און נאָכזאָגענדיג אַ תּפלה, וועלכע שם האָט הויך געזאָגט, האָט ער מקריב געווען קטורת די ביל־דער פון די געטער, וועלכע זענען אויסגעשטעלט געוואָרען אין ביידע זייטען פון טראָהן.

— וואָס זאָל איך איצט טהון? — האָט פּרעה געפרעגט.

— ווייז זיך דעם פאָלק — האָט הרהור געענטפערט.

דורך אַ פערגאָלדעטער טהיר איז פּרעה ארויס פון צימער און מיט מארמאָרנע טרעפּ איז ער ארויפגעגאנגען אויף דעם פלאַכען דאַך. אויפהויבענדיג די הענד, האָט ער זיך געווענדעט צו אלע זייטען און דאן האָבען זיך געהערט שופרות און אויף די טהורמען זענען ארויסגעהאנגען גע־וואָרען פאָהנען. ווער עס איז געווען אויפ'ן פעלד, אויפ'ן הויף, אָדער אויף דער גאס, איז געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד; דער שטעקען, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען אויף אַ בהמה אָדער אַ שקלאַף, איז אראָבגעלאָזט געוואָרען און האָט נישט אָנגעקלאפּט אָן קיינעם, און אלע פערברע־כער פון דער מלוכה, וועלכע זענען דעם טאָג פער'משפּט געוואָרען, זענען געוואָרען בעגנעדיגט.

אראָבגעהענדיג פון דעם פלאַכען דאַך, האָט דער הערשער געפרעגט:

— האָב איך נאָך עפּעס צו טהון?

— דו דארפסט עסען און דערנאָך זיך נעהמען צו די ענינים פון דער מלוכה — האָט הרהור געזאָגט.

— בכן קאָן איך שוין איצט אָברוהען — האָט פּרעה געזאָגט — וואו איז דער קערפּער פון מיין הייליגען פאָטער?

— ער איז איבערגעגעבען געוואָרען צו באַלזאַמי־

רען ... — האט הרהור געענטפערט.

אין פרעה'ס אויגען האבען זיך געוויזען טרעהרען און זיינע ליפען האבען געציטערט. ער האט זיך אבער צוריקגעהאלטען און שווייגענדיג האט ער געקוקט אויף דער ערד. עס האט פאר איהם נישט געפאסט, זיינע קנעכט זאלען זעהן, אז זייער מעכטיגער הערשער וויינט.

וועלענדיג, אז דער הערשער זאל אויפהערען צו טראכטען וועגען זיין פאטער, האט הרהור זיך אנגערופען:

— אפשר ווילסטו, היילינגער הערשער, וועלען אנגעהמען פון דיין היילינגער מוטער דעם כבוד, וואס זי דארף דיר אבגעבען?

— איך?... איך זאל אנגעהמען כבוד פון מיין מוטער?... — האט פרעה געפרעגט מיט א געשטיקטער שטימע.

און וועלענדיג זיך בערוהיגען, האט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל:

— דו, היילינגער כהן, האסט אודאי פערגעסען, וואס דער היילינגער חנוך האט געזאגט?... אפשר וועט אויך דער היילינגער שם איבערחזר'ן די ווערטער, וואס דער היילינגער חנוך האט געזאגט וועגען א מוטער...

— „געדענק — האט שם איבערגעחזר'ט — אז זי האט דיך געבוירען און מיט אלע מיטלען האט זי דיך געשפייזט...“

— זאג ווייטער... זאג!... — האט פרעה געבעטען, בעטיהענדיג זיך צו הערשען איבער זיך.

— „אויב דו וועסט דאס פערגעסען, וועט זי אויפהויבען איהרע הענד צו'ם הימעל און גאט וועט אויסהערען

איהרע ווערטער. לאנג האט זי דיך געטראגען אונטער'ן הארץ און זי האט דיך געבוירען, ווען דיינע חדשים זענען פאראיבער. זי האט דיך דערנאך געטראגען אויף די פלייצעס און דריי יאהר האט זי איהר ברוסט אריינגעלעגט אין דיין מויל. זי האט דיך אזוי ערצויגען, נישט מיאוס'ענדיג זיך מיט דיין אונרייניקייט. און ווען דו ביזט געגאנגען אין שולע און דו האסט זיך געלערנט לעזען און שרייבען, איז זי געשטאנען יעדען טאג פאר דיין לעהרער מיט ברויט און ביער, וואס זי האט איהם געבראכט פון דער היים" *)

פרעה האט טיעף געזיפצט און רוהיג געזאגט:

— איהר זעהט אלזא, אז אזוי דארף נישט זיין: מיין מוטער זאל קומען מיך בעגריסען. איך וועל בעסער געהן צו איהר...

און ער איז דורכגעגאנגען א גאנצע רייהע סאלאנען, וועלכע זענען געוועזען אויסגעפלאסטערט מיט מארמאר, אלבאסטער און האלץ, וועלכע זענען געוועזען געמאלט מיט בלאנקענדע פארבען — און הינטער איהם איז געגאנגען זיין סוויטע. צוקומענדיג צו דעם פארערצימער פון זיין מוטער, האט ער געבעטען, מען זאל איהם לאזען אליין מיט זיין מוטער.

אלס סימן פון אבלות איז אין צימער קיין בילד און קיין מעבעל נישט געוועזען, נאר א טאפטשאן און א קרוג מיט וואסער. דארט איז געזעסען אויף א שטיין די מוטער פון פרעה'ן, די מלכה ניקאטריס. זי האט געהאט אויף זיך א דיק העמד און בארפוס איז זי געוועזען; איהר שטערן

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

איז געװען בעשמירט מיט בלאָטע פון נילוס און איהרע האָר זענען געװען בעשיט מיט אַש.

דערזעהענדיג רעמסס׳ן, האָט די מלכה זיך אַראָפּגעבױגען, װעלענדיג איהם פאַלען צו די פיס. ער האָט זי אָבער נעכאַפּט, גערהאַלזט און געזאָגט װײנענדיג:

— אױב דו, מוטער, װעסט זיך פאַר מיר בוקען צו דער ערד, װעל איך פאַר דיר מוזען קריכען אונטער דער ערד...

די מלכה האָט צוגעטוליעט זײן קאָפּ צו איהר ברוסט, אָבגעװישט זײנע טרערען מיט דעם אַרבעל פון איהר דיק העמד, דערנאָך האָט זי אױפגעהױבען די הענד און געזאָגט:

— אַלע געטער און די נשמות פון דײן פאָטער און זײדען זאָלען דיך אַרומנעהמען מיט שוץ און ברכות... אָ אָזירדאַ, קײנמאָל האָב איך דיר נישט געקאַרגט קײן קרבנות. אָבער הײנט גיב איך דיר דעם בעסטען קרבן... איך שענק דיר מײן ליעבען זוהן... זאָל דער קעניגליכער זוהן מײנער װערען דײן זוהן און זײן לויב און זײן גבורה זאָלען פערגרעסערן דײן געטליכע ערד.

פרעה האָט פיעל מאָל געהאַלזט און געקושט זײן מוטער, דערנאָך האָט ער זי געזעצט אױף דעם טאַפּטשאַן און ער האָט זיך געזעצט אױף דעם שטײן.

— צי האָט דער פאָטער איבערגעלאָזט אַ בעפעהל פאַר מיר? — האָט ער געפרעגט.

— ער האָט דיך געהײסען בעטען, דו זאָלסט אָן איהם געדענקען און צו דער העכסטער ראַטה האָט ער געזאָגט די װערטער: „איך לאָז אײך איבער מײן שטעל־פערטרעטער, װעלכער איז אַ לײב און אַ אָדלער אין אײן

פערזאָן ; פאָלגט איהם , און ער וועט הויבען מצרים ביז צו דער העכסטער גבורה".

— דו מיינסט , אז די כהנים וועלען מיך פאָלגען ?

— געדענק — האָט די מוטער צו איהם געזאָגט — אז דער צייכען פון פרעה'ן איז אַ שלאַנג , און אַ שלאַנג איז חכמה: זי שווייגט און בייסט שטערבליך, כאָטש מען ווייסט נישט ווען... אויב דו וועסט די צייט נעהמען פאר דיין נ-מען פריינד , וועסטו אלע מנצח זיין .

— הרהור איז אַ שרעקליכער מחוצף . היינט האָט ער אָנגעטהון דעם הוט פון אָמון-חתף... איך האָב איהם וועלבסט פערשטענדליך , געהייסען אראָבנעהמען דעם הוט און איך וועל איהם אָברוקען פון דער רעגיערונג... איהם און עטליכע מיטגליעדער פון דער העכסטער ראטה...

די מלכה האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ

— מצרים איז דיין — האָט זי געזאָגט — און די געטער האָבען דיך בעשענקט מיט גרויכע חכמה. ווען דו וואָלסט נישט געווען אזא גרויסער חכם , וואָלט איך זיך זעהר געשראָקען פאר א סכסוך מיט הרהור'ן ...

— איך פיהר נישט קיין וכוח מיט איהם . פערטריי-בען וועל איך איהם ...

— מצרים איז דיין — האָט די מלכה וויעדער גע-זאָגט — איך שרעק זיך אָבער פאר א מלחמה געגען די כהנים. דאָס איז אמת , אז דורך דער נוטסקייט פון דיין פאָטער זענען די כהנים געוואָרען גרויסע מחוצפים , מען קאָן אָבער דאָך נישט ארויסטרעטען געגען זיי מיט שטרענגקייט .

איבריגענס — לעג דיר איבער : ווער וועט דיר פער-טרעטען די כהנים, ווען דו וועסט דארפען א עצה פרעגען ?...

זיי וויסען אלעס, וואס עס איז געווען, וואס עס איז און וואס עס וועט זיין אויף דער ערד און אויפ'ן הימעל; זיי זעהען די פערבארגענסטע געדאנקען פון מענשען און זיי פיהרען די הערצער. אהן זיי וועסטו נישט וויסען, וואס עס טהוט זיך נישט נאר אין צור און אין נינוה, אבער אויך אין מעמפיס און אין טעבי.

— איך שטוים נישט אב קיין קלוגשאפט, נאר איך וויל קנעבט — האט פרעה געענטפערט — איך ווייס, אז זייער חכמה איז גרוים, זי מוז אבער קאנטראלירט ווערען, אום זי זאל נישט רואינירען די מלוכה... זאג דו אליין, מוטער, וואס האבען זיי געמאכט פון מצרים אין משך פון דרייסיג יאהר?... דאס פאלק איז עלענד און בונטעוועט זיך, מיליטער האבען מיר וועניג, דער שאץ איז לעער און דערוויל וואקסט נעבען אונז אשור און שוין היינט הייסט אשור שליסען אבמאכען, וועלכע איהר מלך געפעלען...

— טהו, וואס דו ווילסט. נאר געדענק, אז דער צייכען פון פרעה'ן איז א שלאנג און א שלאנג איז — שטיל־שווייגען און קלוגשאפט.

— אמת זאגסטו, מוטער, גלויב מיר אבער, אז אין געוויסע צייטען איז מוט בעסער פון אלעס, איצט ווייס איך שוין, אז די כהנים האבען געמאכט א פלאן, אז די מלחמה מיט די לובים זאל דויערען עטליכע יאהרען. איך האב די מלחמה פערענדיגט אין משך פון עטליכע טעג און נאר דערפאר, וואס איך האב יעדען טאג געמאכט א מוטיגען שריט. ווען איך וואלט נישט געלאפען גענגען דעם פיינד אין דער מדבר אריין, וואלטען די לובים היינט גע־

וועןֹ געבעןֹ מעמפיס. און דאס געהן געגעןֹ זיי אין דער מדבר אריין איז דאך געוועןֹ א שגעון...

— איך ווייס, אז דו האסט געזאגט תחנה'ן און עס איז אנגעקומעןֹ א טיפאן — האט די מלכה געזאגט — דו ביזט נישט פארזיכטיג... דו האסט מיך אין זינען נישט געהאט...

רעמסס האט געשמייכעלט.

— זאל דיין הארץ רוהיג זיין — האט ער געענטפערט — ווען פרעה פיהרט א מלחמה, האט ער דעם גאט עמון אין דער רעכטער און אין דער לינקער זייט. און ווער קאן זיך דעם גאט עמון געגען שטעלען?

ער האט נאך א מאל געהאלזט די מלכה און איז ארויסגעגאנגען.

# צווייטעס קאפיטעל.

די גרויסע סוויטע פון דעם הייליגען פרעה איז נאך אלץ געשטאנען אין דעם גאסט-זאל, נאר זי איז געוועןֹ גע-טיילט אין צוויי. אין איין זייט זענען געשטאנען הרהור, מפרים און עטליכע עלטערע כהנים גדולים, אין דער צוויי-טער זייט — אלע גענעראלען, ציוויל-בעאמטע און א רוב פון די יונגערע כהנים.

פרעה האט באלד דערזעהן, אז זיין סוויטע איז פונ-אנדערגעטיילט און זיין הארץ איז פול געווארען מיט גאוה.

„און אט, נישט ארויסגעהמענדיג די שווערד, האב איך מנצח געוועןֹ!..." — האט ער זיך געקלערט.

און די גענעראלען מיט די בעאמטע האבען זיך וואס א מאל ווייטער אבגערוקט פון הרהור'ן און מפרים'ן.

קיינער האט שוין דאמאלס קיין ספק נישט געהאט, אז די ביידע כהנים גדולים, וועלכע זענען ביז איצט געוועזן די מעכטיגסטע אין דער מלוכה, זענען נישט בעליעבט ביי דעם נייעם פרעה.

איצט איז פרעה איבערגעגאנגען אין עס-צימער, וואו עס זענען געוועזן פיעל כהנים, וועלכע האבען דארט געזאלט בעדיענען און — נאך מעהר שיסלען מיט מאכלים.

— דאס אלעס זאל איך אויפעסען? — האט ער געפרעגט מיט וואונדערונג.

דער כהן, וועלכער האט געהאט אויפזיכט איבער דער קיך, האט ערקלערט פרעה'ן, אז די מאכלים, וועלכע דער הייליגער פרעה עסט נישט אויף, געהען אויף א קרבן פאר דער דינאסטיע.

זאגענדיג די ווערטער, האט ער פרעה'ן געוויזען א רייהע מיט בילדער, וועלכע זענען געשטאנען אין דער לענג פון זאל.

פרעה האט געקוקט אויף די בילדער, דערנאך אויף די כהנים, וועלכע זענען געוועזן געזונד און דיק, ווי זיי וואלטען אלעס אויפגעגעסען און — ער האט פערלאנגט, מען זאל איהם געבען ביער און סאלדאטסקע ברויט מיט קנאבעל.

דער עלטסטער כהן איז געבליבען שטעהן, ווי פערשטיינערט און דאך האט ער פרעה'ס בעפעהל איבערגעגעבען א יונגערן כהן. דער יונגערער כהן האט זיך געוואקעלט און דאך האט ער פרעה'ס בעפעהל איבערגעגעבען יונגלעך און מיידלעך. די יונגלעך האבען אנפאנגס נישט געגלויבט זייערע אייגענע אויערן, דערנאך זענען זיי זיך אבער פונאנדערגעלאפען אין פאלאץ.

אַ פֿיערטעל שעה דערנאָך זענען זיי צוריקגעקומען מיט ציטערניש, איינגרוימענדיג די כהנים, אַז זיי האָבען נישט בעקומען קיין סאָלדאַטסקע ברויט מיט קנאָבעל...

פרעה האָט געשמייכעלט און אָנגעזאָגט, אַז פון דאַמאָלס אָן זאָלען אין די קיכען שטענדיג זיין פשוט'ע מאכלים. דערנאָך האָט ער אויפגעגעסען אַ טויב, אַ שטיקעל פיש, אַ ווייצענע זעמעל און געטרונקען ווייז.

ער האָט גוט געוואוסט, אַז די מאכלים זענען גוט פאַרבערייט געוואָרען און דער ווייז איז געווען זעהר גוט; עס איז איהם אָבער נישט געפעלען געוואָרען דאָס, וואָס די הויפּ-קיך שלינגט איין גרויסע סומען געלד.

מקריב זייענדיג קטורת לכבוד זיינע עלטערן, איז זיך פרעה אריינגעגאַנגען אין קעניגליכען קאַבינעט, אום דאָרט אויסצוהערען ראַפּאָרטען.

צו'ם ערשטען איז אריינגעגאַנגען צו איהם הרהור, וועלכער האָט זיך געבוקט פאַר איהם פיעל נידריגער, ווי פריהער, בעת ער האָט איהם בעגריסט און זייענדיג זעהר גערירט, האָט ער איהם געוואונשען, ער זאָל שטענדיג מנצח זיין זיינע שונאים, ווי ער האָט איצט מנצח געווען די לובים.

— דו האָסט זיך געוואָרפען אויף די לובים — האָט הרהור געזאָגט — ווי אַ טיפאָן אויף עלענדע געצעלטען אין דער מדבר. דו האָסט געוואונען אַ גרויסע מלחמה און אויסציהענדיג דיין געטליכע שווערד, האָסטו אין איין מאָל פאַרענדיגט די מלחמה, וועלכע מיר, געוועהנליכע מענשען, האָבען געהאַלטען פאַר אַ זעהר שווערע און ווען זי וועט אַ סוף נעהמען, האָבען מיר נישט געקאָנט וויסען.

פרעה האָט דערשפּירט, אַז זײַן שנאה צו הרהור'ן הויבט אָן שוואַכער צו ווערען.

— דאָדורך — האָט הרהור געזאָגט — בעט די העכסטע ראַט, אַז דו, הײליגער פרעה, זאָלסט בעשטי־מען צעהן טאַלענטען אַלס נאָגראַדע פאַר די פאַלקען... און דו, הויפּט־אָנפיהרער, ערלויב, אַז דו זאָלסט גערופען ווע־רען „מנצח"...

ווײַסענדיג, אַז פרעה איז נאָך זעהר יונג, האָט הרהור גערעכענט, אַז ער וועט געווינען זײַן האַרץ מיט חניפה. פרעה איז אָבער אָבגעקיהלט געוואָרען פון זײַן בעראַשונג און האָט פּלוצלונג געענטפערט:

— אַז איהר גיעט מיר איצט אַ נאָמען „מנצח", וואָס פאַר אַ נאָמען וואָלט איהר מיר געגעבען, ווען איך וואָלט פערטיליגט די אַרמעע פון אשור און פול געמאַכט די בית־מקדש'ס מיט רײַכטהומען פון נינוה און בבל?...

„ער קלערט נאָך אַלץ וועגען דער מלחמה מיט אשור!..." — האָט הרהור געטראַכט.

ווי אום דאָס צו בעשטעטיגען, האָט פרעה אַ פראַגע געטהון:

- וויפיעל מיליטער האָבען מיר?

— דאָ, געבען מעמפיס?

— ניין, אין גאַנץ מצרים.

— דו, הײליגער פרעה, האָסט געהאַט צעהן פאַל־קען... — האָט דער כהן־גדול געזאָגט — דער גרויסער ניטאַגער האָט אויף דער מזרח־גרענעץ פונפצעהן פאַלקען... אויף דרום־זײַט האָבען מיר צעהן פאַלקען, וויל אין נוב

הויבען זיך אין אונרוהען... פינף פאלקען זענען פערשפרייט אין לאנד.

— אלע צוזאמען — פיערציג פאלקען — האט פרעה געזאגט — וויפיעל סאלדאטען האבען מיר אלזא?

— לערך זעכציג טויזענד...

פרעה האט זיך אויפגעחאפט פון זיין שטוהל.

— זעכציג אנשטאט הונדערט און צוואנציג טויזענד?... — האט ער געשריען — וואס האט איהר געמאכט פון מיין ארמעע?...

— מיר האבען נישט קיין מיטלען אויף אויסצוהאלטען מעהר סאלדאטען...

— א, נעטער!... — האט פרעה געשריען, אנחאפענדיג זיך ביי'ם קאפ — אין א חודש ארום וועלען דאך די אשורים אנפאלען אויף אונז!... מיר זענען דאך געבליבען אהן מיליטער!...

— מיט אשור האבען מיר א אבמאך געשלאסען — האט הרהור געענטפערט.

— אזוי קאן ענטפערן נאר א פרוי, אבער נישט א קריעגס-מיניסטער—האט זיך פרעה געכעס'ט — וואס פאר א ווערטה האט א אבמאך, ווען ער ווערט נישט געשטיצט מיט קיין ארמעע?... א העלפט מיליטער פון מלך אסר וואלט דאך היינט געקענט אונז אלע אויסראטען.

— בערוהיג זיך, הייליגער העדר. ווען מיר וואלטען נאר דערהאלטען א ידיעה, אז די אשורים האבען ברעה צו ברעכען דעם אבמאך, וואלטען מיר געהאט א האלבען מיליאן סאלדאטען...

פרעה האט געלאכט איהם אין פנים.

— וואָס ?... פֿון וואַנען ?... דו , כהן , ביזט משוגע געוואָרען !... דו גריבעלסט שטענדיג אין די פּאַפּירוסען , אָבער איך דיען שוין זיבען יאָהר אין מיליטער און כמעט יעדען טאָג האַלט איך אָב אַ מושטיר אָדער מאַנעווערען מיט דעם מיליטער. ווי אַזוי וועסטו בעקומען אַ אַרמעע פֿון אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען ?...

— דער גאַנצער אַדעל וועט אַרויסטרעטען נעגען דעם פֿיינד...

— וואָס זאָגסטו מיר פֿון דעם אַדעל?... דער אַדעל איז נישט קיין סאָלדאַטען. פֿאַר אַ האַלבען מיליאָן סאָלדאַטען דאַרף מען אַמווענינגסטענס הונדערט און פֿונפֿציג פֿאָלקען און מיר האָבען, ווי דו זאָגסט, נאָר פֿיערציג.. וואו וועלען זיך אויסלערנען די מיליטער-קונסט—די אַלע , וועלכע פּאַשען היינט בהמות, אַקערען , מאַכען טעפּ, אָדער טרינקען וויין און געהען לעדיג אין זייערע גיטער ? די מצריים זענען נישט קיין גוטער מאַטעריאַל אויף סאָלדאַטען, איך וויים דאָס , וואָרום איך זעה דאָך זיי יעדען טאָג.. די לובים , גריבען , חתים שיסען מיט פֿייל-און-בויגען , ווען זיי זענען נאָך קינדער און אין איין יאָהר לערנען זיי זיך גוט מאַרשירען , און אַ מצרי קאָן אין דריי יאָהר זיך נישט אויסלערנען מאַרשירען. אין צוויי יאָהר קאָן זיך אַ מצרי אויסלערנען ווירקען מיט דער שווערד אָדער מיט אַ שפּיז, אָבער שיסען קאָן ער זיך נישט אויסלערנען אַפּילו אין פֿיער יאָהר.

אין עטליכע חדשים וואָלטען מיר געקאָנט האָבען נישט אַ אַרמעע, נאָר אַ באַנדע פֿון אַ האַלבען מיליאָן, וועלכע די באַנדע פֿון אשור וואָלט אין איין אויגענבליק

נעקאָנט אויסראָטען. ווארום חאָטש די פאָלקען פון אשור זענען ניט קיין גוטע און שלעכט אויסגעמושטירט, דאָך קאָנען די סאָלדאטען פון אשור ווארפען שטיינער און שיסען, האקען, שטעכען און לויפען, ווי ווילדע חיות, בעת דער מצרי קאָן גארנישט. מיר קאָנען מנצח זיין דעם שונא נאר דערמיט, וואָס אונזערע פאָלקען זענען, ווי די מויערען: א העלפט סאָלדאטען דארף מען אויסהרג'ענען איידער עס וועט געלינגען פונאנדערצוואָגען א פאָלק. אָבער, אז מיר האָבען קיין פאָלקען ניט, האָבען מיר ניט קיין ארמעע.

— א קלוגען אמת האָסטו געזאָגט, הייליגער הערשער— האָט הרהור געזאָגט צו דעם פערבעס'טען פרעה— נאר געטער קאָנען זיין אזוי קלוג ווי דו... איך ווייס איך, אז מצרים איז שוואך און אום צו קרעפטיגען די מלוכה דארף מען ארבייטען פיעל יאָהרען... און טאקי דאדורך וויל איך שליסען א אָבמאך מיט אשור.

— איהר האָט דאָך שוין געשלאָסען..

— נאר אויף דערוויל. דערזעהענדיג, אז דיין פאָטער איז קראנק און מורא האָבענדיג פאר דיר, האָט סרגון זיך צוריקגעהאלטען, ביז דו, הערשער, וועסט ארויף אויף דעם טראָהן.

פרעה איז ווידער געוואָרען אין כעס.

— וואָס? — האָט ער געשריען — מיינען זיי טאקי, אז זיי וועלען פעניציען זיך צונעהמען?... און זיי מיינען טאקי, אז איך וועל אונטערשרייבען א אָבמאך, וועלכער וועט זיין א חרפה און א בושה פאר מיין מלוכה?... שלעכטע רוחות זענען ארייין אין אייך אלע!...

די אודיענץ איז געווען געענדיגט. הרהור איז גע-

פֿאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד און אוועקגעהענדיג האָט ער זיך געטראַכט:

„דער היילינער פּרעה האָט אויסגעהערט מיין ראַפּאָרט, בכן וועט ער מיך איבערלאָזען אויף מיין שטעל. איך האָב איהם געזאָגט, אז ער מוז אונטערשרייבען דעם אָבמאַך מיט אשור, איז דאָך די שווערסטע זאַך געמאַכט געוואָרען... ער וועט זיך איבערקלערען, איידער סרגון וועט קומען...

ער איז אַ לייב און זאָגאַר נישט אַ לייב, נאָר אַ צעדייצטער עלעפאַנט, דער יונגער פּרעה... ער איז דאָך געוואָרען אַ פּרעה נאָר וויל ער איז אַ אייניקעל פֿון אַ כהן־גדול!... ער פֿערשטעהט נאָך נישט, אז די זעלבע הענד, וועלכע האָבען איהם אזוי הויך אויפֿגעהויבען...“

אין פֿאָדערצימער האָט זיך הרהור אנידערגעשטעלט און געקלערט, ענדליך איז ער געגאַנגען, אַנשטאָט צו זיך — צו דער מלכה ניקאָטריס.

אין גאָרטען זענען נישט געווען קיין פֿרויען און קיין קינדער, נאָר פֿון די קליינע פּאַלאַצלעך האָבען זיך געהערט זיפֿצען. די פֿרויען, וועלכע האָבען געהערט צו דעם הויז פֿון געשטאָרבענעם פּרעה האָבען בעוויינט דעם פֿערשטאָרבענעם.

זיי האָבען טאַקי אין אמת'ן בעוויינט דעם געשטאָרבענעם פּרעה.

אין קאַבינעט פֿון דעם נייעם הערשער איז דערווייל אריינגעקומען דער העכסטער שופט.

— וואָס האָסטו מיר צו זאָגען, גרויסער שופט? — האָט רעמסס געפֿרעגט.

פאר עטליכע טעג איז נעבען טעבי געווען א אונגעהייערליכער פארפאל, — האט דער שופט גענטפערט — א פויער האט דערהרג'עט זיין פרוי מיט דריי קינדער און אליין האט ער זיך דערטרונקען אין א הייליגער אויערע.

— ער איז משוגע געווארען?

— עס דאכט זיך, אז ער האט דאס געטהון, ווייל זיי אלע האבען געליטען הונגער.

פרעה האט זיך פערטראכט.

— א וואונדערליכער פארפאל — האט ער געזאגט — איך וואלט אבער געוואלט עפעס אנדערש הערען. וואס פאר פערברעכען קומען פאר אמעהרסטען אין די צייטען?

דער העכסטער שופט האט נישט באלד געענטפערט, ווי ער וואלט מורא געהאט צו זאגען,

— זאג דרייסט — האט פרעה געשריען מיט אונגעדולד — און פערבארג גארנישט פאר מיר. איך ווייס, אז מצרים איז אריינגעפאלען אין א זומפף און איך וויל איהם ארויסציהען, מוז איך דאך אלעס וויסען...

אממעהרסטען, אמאפטסטען קומען פאר בונטען... אבער נאר דער המון בונטעוועט זיך...

— איך הער — האט פרעה געזאגט — דערצעהל ווייטער!...

— אין קסם — האט דער שופט געזאגט — האט זיך געבונטעוועט א פאלק פון מויערער, וועלכע מען האט נישט געגעבען צו דער צייט, וואס זיי האבען בעדארפט. אין סיחון האט דער המון געהרג'עט א שרייבער, וועלכער האט צונויפגעקליבען אבצאהלונגען... אין מלכתית און אין פי-הבית האבען די פויערען רואינירט די הייזער פון די

פעניציִשע ארענדאַטאָרען ... נעבען כסא האָבען די פויערען ניִשט געוואָלט פערריכטען דעם קאַנאַל, בעהויפּטענדיג, אז פּאַר דער ארבּייט דאַרף מען זיי בעצאָהלען ... אין די גראָבען האָבען די אַרעסטאַנטען געשלאָגען די אויפזעהער און זיי האָבען געוואָלט אַנטלויפען צו'ם ים ...

— דאָס איז פּאַר מיר קיין נייעס ניִשט — האָט פרעה געזאָגט — אָבער וואָס מיינסטו וועגען די פערברעכען?

— די שולדיִגע מוזען קודם-כל בעשטראָפט ווערען ...

— איך מיין אָבער, אז קודם-כל דאַרף מען די ארבּייטענדע מענשען געבען דאָס, וואָס זיי געהער — האָט פרעה געענטפערט — א הונגעריגער אָקס לעגט זיך אויף דער ערד, א הונגעריגער פערד וואַקעלט זיך און פּגר'ט ... קאָן מען דען פערלאַנגען, אז א הונגעריגער מענש זאָל ארבּייטען און ניִשט ארויסווייזען, אז עס איז איהם שלעכט ...

— בכן, מיינסטו, הייליגער פרעה ...

— פענטועֶר וועט גריִנדען א ראַט צו ערפאָרשען דאָס אַלעס — האָט פרעה איבּערגעהאַקט זיינע ווערטער — דערווייל וויל איך ניִשט, מען זאָל בעשטראָפען ...

— אויב אַזוי, וועט דאָך אויסברעכען א אַלגעמיינער בונט! ... — האָט אויסגעשריען דער בעשראָנקענער שופט,

פרעה האָט זיך אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט זיינע הענד און האָט געטראַכט.

— הא! — האָט ער נאָך אַוויילע געזאָגט — זאָלען די געריכטען טהון דאָס זייעריגע אָבער נאָר מיט חסד ...

און פענטועֶר זאָל נאָך היינט צונויפקלויבען די ראַט ...

— עס איז לייכטער זיך צו בעשליסען אין א מלחמ

זיי אין דעם אונאָרדנונג, וואָס הערשט אין מצרים...

ווען דער העכסטער שופט איז אַרויסגעגאַנגען, האָט פּרעה גערופען צו זיך טוטמאַזיס'ן. ער האָט איהם געהייסען בעגריסען אין זיין נאָמען דאָס מיליטער, וועלכעס איז צוריקגעקומען פון דער מדבר און פונאַנדערטיילען צוואַנציג טאַלענטען צווישען די אָפיציערען און די סאָלדאַטען.

דערנאָך האָט רעמסס געהייסען רופען פענטוער'ן און איידער ער איז געקומען האָט פּרעה אָנגענומען דעם גרעס־טען שאַצמייסטער.

— איך וויל וויסען — האָט ער געזאָגט — דעם צושטאַנד פון דעם שאַץ.

— מיר האָבען איצט — האָט דער גרויסער שאַצ־מייסטער געענטפערט — אין די שפייכלערס, שטאַלען, מאַגאַזינען און קאַסטענס סחורות פאַר אַ ערך צוואַנציג טויזענד טאַלענטען. עס קומען אָבער אַן יעדען טאָג פרי־שע אָבצאָהלונגען.

— און בונטען ווערען געמאַכט יעדען טאָג — האָט פּרעה צוגעגעבען — און אונזערע אַלגעמיינע איינקינפטען און אויסגאַבען ווי זעהען אויס?

— אויף דעם מיליטער געבען מיר אויס צוואַנציג טויזענד טאַלענטען יעהרליך. אויף דעם הויף פון הייליגען פּרעה געבען מיר אויס פון צוויי ביז דריי טויזענד טאַלענ־טען אַ חודש...

— נו?... וואָס ווייטער?... און די געזעלשאַפטליכע אַרבייט?...

— איצט ווערט די אַרבייט געמאַכט אומזיסט —

האָט געענטפערט דער גרויסער שאַצמײַסטער אַראַבלאָזאָני-דיג דעם קאָפּ.

— און די אײַנקינפטען ?...

— ווי-פיל מיר געבען אויס, אזוי פיל האָבען מיר... — האָט דער שאַצמײַסטער שטיל געענטפערט.

— בכן האָבען מיר יעהרליכע אײַנקינפטען פון פיערציג ביז פופציג טויזענד טאַלענטען — האָט פרעה געזאָגט — און דאָס איבעריגע ?...

— דאָס איבעריגע איז פערמשכון'ט בײַ די פעניציאַנער, בײַ מאַנכע באַנקירען און סוחרים און אויך בײַ די הײַליגע כהנים...

— גוט — האָט פרעה געענטפערט — עס איז דאָך אָבער פערהאַנען אַ אונגעהײַערער שאַץ פון די פרעה'ס אין גאָלד, פּלאַטינע, זילבער און צירונג. וויפיעל בעטרעפט דער שאַץ ?...

— דער שאַץ איז שוין פאַר צעהן יאָהר בעריהרט און אויסגעגעבען געוואָרען...

— אויף וואָס ?... ווען ?...

— אויף די בעדערפענישען פון הויף — האָט דער שאַצמײַסטער געענטפערט — אויף מתנות פאַר די הויפט-מענער פון די פּראָווינצען און פאַר די בית-המקדש'ס...

— דער הויף האָט דאָך געהאַט אײַנקינפטען פון די אָבצאָהלונגען און צו האָבען די מתנות געקאָנט אויסשעפּען דעם אוצר פון מײַן פאָטער ?...

— אָזיריס-רעמסס, דײַן הײַליגער פאָטער איז געוועזען אַ גרויסער נדבן און האָט גרויסע קרבנות מקריב געוועזען...

— ווי גרויס זענען געוועזען די קרבנות ?... איך וויל

אַ מאָל אַלעם געגנוי וויסען ... האָט פּרעה געזאָגט מיט אונגעדולד.

— געגויע רעכענונגען געפֿינען זיך אין די אַרכיווען; איך געדענק נאָר די אַלגעמיינע ציפֿערען...

— זאָג! ...

— צו'ם בײַשפּיעל די בית־המקדש'ס — האָט דער שאַצמײַסטער געענטפֿערט — האָט אָזיריס־רעמסס אָבגעגעבען אין דער צײַט פֿון זײַן גליקליכען הערשען לערך הונדערט שטעדט, הונדערט און צוואַנציג שיפֿען, צוויי מיליאָנען בהמות, צוויי מיליאָנען זעק מיט תּבואה, הונדערט און צוואַנציג טויזענד פֿערד, אַכציג טויזענד שקלאַפֿען, צוויי הונדערט טויזענד פֿעסער מיט ביער און ווײַן, דרײַ מיליאָנען לאַבען ברויט, דרײַסיג טויזענד קלײַדער, דרײַ הונדערט טויזענד קריג מיט האָניג, בוימעהל און געווירץ און אויסער דעם טויזענד טאַלענטען גאָלד, דרײַ טויזענד טאַלענטען זילבער, צעהן טויזענד טאַלענטען געגאָסענעם בראָנז, פֿינף הונדערט טאַלענטען טונקעלן בראָנז. זעקס מיליאָנען קרענץ מיט בלומען, טויזענד צוויי הונדערט בילדער פֿון געטער און דרײַ הונדערט טויזענד טײַערע שטיינער... אַנדערע ציפֿערען געדענק איך נישט, נאָר אַלעם איז פֿערשריבען...

פּרעה האָט מיט געלעכטער אויפֿגעהויבען די הענד אין דער הייך און נאָך אַ ווײַלע איז ער אַרײַנגעפֿאַלען אין כּעס און קלאַפּענדיג מיט דער פֿויסט אויף דעם טיש, האָט ער געשריען:

— דאָס איז נישט דערהערט געוואָרען, אַז אַ ביסעל בהמות זאָלען פֿערניצען אַזוי פֿיעל ביער, ברויט, קרענץ

מיט בלומען און מלבושים, האַבענדיג אייגענע איינקינפֿטען?... ריזיגענדיגע איינקינפֿטען, וועלכע זענען עטליכע הונדערט מאָל גרעסער פֿון די בעדערפֿנישען פֿון די הייליגע מענשען...

— דו, הייליגער פרעה, האָסט פֿערגעסען, אז די כהנים שטיצען צעהנדליגע טויזענדער אָרעמע, היילען אַ מענגע קראַנקע און האַלטען אויס לערך צוואַנציג פֿאָלקען אויף די קאָסטען פֿון די בית־מקדש׳ם.

— צו וואָס טויגען זיי די פֿאָלקען? די פרעה׳ס ציהען דאָך נוצען פֿון די פֿאָלקען נאָר אין דער צייט פֿון אַ מלחמה. וואָס אַנבעלאַנגט די קראַנקע, צאָהלט דאָך יעדער קראַנקער, אָדער ער ארבייט אָב, וואָס ער איז שולדיג פֿאַר דעם היילען. און אָרעמע?... אָרעמע ארבייטען דאָך פֿאַר די בית־מקדש׳ם: זיי טראָגען וואַסער פֿאַר די געטערס וועגען, זיי בעטייליגען זיך אין די פֿײַערונגען און זיי געהערען צו די נסים, וואָס ווערען געמאַכט. זיי ווערען משוגע, בלינד, טויב און ביי די טהויערען פֿון די בית־מקדש׳ם בעקומען זיי צוריק זייער פֿערשטאַנד, זייער ראיה און דאָס פֿאָלק זעהט די נסים און איז מתפלל זעהר היים און ברענגט פֿיעל קרבנות פֿאַר די געטער...

די אָרעמע זענען ווי אָקסען און שאָף פֿון די בית־מקדש׳ם: זיי ברענגען נוצען די כהנים...

— די כהנים געבען דאָך אָבער נישט אויס אַלעס, וואָס זיי בעקומען פון די קרבנות — האָט דער שאַצמייסטער זיך אָנגערופֿען — נאָר זיי זאַמלען געלד...

— צו וואָס?

— אויף אַ פּלוצלונג בעדערפֿניש פֿון דער מלוכה...

— ווער האָט געזעהן דעם פאַנד, וואָס די כהנים זאמלען?...

— איך אַליין האָב איהם געזעהן — האָט דער שאַצמייסטער געענטפערט — די אוצרות, וועלכע ווערען געזאַמעלט דורך די כהנים ווערען נישט קלענער, נאָר זיי מעהרען זיך פון דור צו דור, און ווען מען וועט דאַרפען...

— און — האָט פרעה איבערגעהאַקט זיינע ווערטער — די אשורים זאָלען האָבען צו נעהמען, ווען זיי וועלען איינגעהמען מצרים, און וועלכען די כהנים הערשען אזוי שען!...

איך דאַנק דיר, גרויסער שאַצמייסטער! — האָט ער צוגעגעבען — איך האָב געוואוסט, אַז דער פערמעגענס-צושטאַנד פון מצרים איז שלעכט. איך האָב אָבער נישט געוואוסט, אַז די מלוכה איז רואינירט... און לאַנד פון בונטען איז נישט דאָ קיין מיליטער, פרעה איז אָרעם... אָבער דער שאַץ פון די כהנים ווערט גרעסער פון דור צו דור!...

ווען יעדע דינאַסטיע, אָבער נאָר די דינאַסטיע און נישט יעדער פרעה, וואָלט געגעבען די בית-מקדש'ס אזוי פיעל קרבנות, וויפיעל מיין פאָטער האָט זיי געגעבען, וואָלט דער אוצר פון די כהנים שוין געהאַט נייַנצעהן טויזענד טאַלענטען גאָלד, זעכציג טויזענד טאַלענטען זילבער, און וויפיעל תבואה, בהמות, ערד, שקלאַפען און שטעדט, וויפיעל מלבושים און טייערע שטיינער, דאָס וועט קיין שום רעכענמייסטער נישט קאָנען אויסרעכנען!

דער גרויסער שאַצמייסטער האָט מיט טרויעריגקייט געזעגענט דעם הערשער. פרעה איז אָבער אויך טרויעריג

געווען. ער האט באלד דערנאך פערשטאנען, אז ער האט צו אפענהערציג גערעדט מיט די גרויסע לייט.

# דריטעס קאפיטעל.

די וואך, וועלכע איז געשטאנען אין פאדערצימער, האט געמעלדעט, אז פענטווער איז געקומען. דער כהן איז געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד פאר פרעה'ן און האט געפרעגט, וואס פאר א בעפעהל ער וועט ערהאלטען.

— נישט קיין בעפעהל וועל איך דיר געבען, נאר בעטען וועל איך דיך — האט פרעה געזאגט — דו ווייסט, אז אין מצרים זענען פערהאנען בונטען!... בונטען פון פויערען, בעלי-מלאכות און, אויך ארעסטאנטען... פון ים ביז צו די גראבען זענען פערהאנען בונטען... עס פעהלט שוין נישט מעהר, ווי נאר מיינע סאלדאטען זאלען זיך בונטעווען און זיי זאלען פערעפענטליכען, אז הרהור ווערט א פרעה!...

— אייביג לעבען זאלסטו, הייליגער פרעה!... — האט דער כהן געענטפערט — עס איז אין מצרים נישטא קיין מענש, וועלכער זאל זיך נישט וועלען אפפערן פאר דיינעט וועגען און זאל נישט בענשען דיין נאמען.

— אך, ווען מען וואלט געוואוסט — האט דער הערשער געזאגט מיט כעס — ווי אונמעכטיג און ארעם פרעה איז, וואלט יעדער הויפטמאן געוואלט זיין א הערשער אין זיין פראווינץ!... איך האב געמיינט, אז יר'שענדיג די קרוין, וועל איך האבען עפעס א וויכטיגקייט... באלד אין ערשטען טאג איבערצייג איך זיך אבער, אז איך בין נאר א שאטען פון די פריהעריגע הערשער פון מצרים! וויארום וואס פאר א וויכטיגקייט קאן האבען א פרעה אה, פערמעגען, אהן מיליטער

און אָהן עהרליכֿע דיענער? איך בין, ווי די בילדער פֿון די געטער, וועלכֿע מען איז מקריב קרבנות און קטורת... די בילדער זענען אונמעכֿטיג און מיט די קרבנות שטאָפּען זיך די כהנים... דו האלטסט דאָך אָבער מיט זיי...

— עס שמערצט מיך—האָט פֿענטווער געענטפֿערט— הערענדיג, ווי דו, הייליגער פרעה, רעדסט אַזוי אין ערשטען טאָג פֿון דיין הערשען. ווען מען וואָלט דאָס געוואָהר געוואָרען אין מצרים...

— ווערמען דען זאָל איך זאָגען, וואָס מיך שמערצט.. האָט איהם פרעה איבערגעהאקט די ווערטער — דו ביסט מיין יועץ און דו האָסט מיר דאָס לעבען געראַטעוועט, אודאי נישט אויף דעם, אַז דו זאָלסט יעדען דערצעהלען, וואָס אין מיין הארץ טהוט זיך... דו ביסט אָבער גערעכֿט...

פרעה איז געגאַנגען אויף און אָב אין דעם צימער און נאָך אַ ווייַלע האָט ער געזאָגט מיט אַ רוהיגערן טאָן:

— איך האָב דיך בעשטימט פֿאַר אַ הויפּטמאַן פֿון דעם ראטה, וועלכֿער דאַרף ערפֿאָרשען די סבות פֿון די שטענדיגע בונטען אין מיין מלוכה. איך וויל, אַז נאָר שולדיגע זאָלען בעשטראָפֿט ווערען און אונגליקליכֿע זאָלען בעהאַנדעלט ווערען מיט יושר...

— זאָל דיך גאָט שטיצען מיט זיין חסד!... — האָט דער כהן געזאָגט — איך וועל טהון, וואָס דו, הערשער, הייסט מיך טהון. די סבות פֿון די בונטען ווייס איך אָבער אויך אָהן אויספֿאָרשונגען...

— זאָג...

— נישט איין מאָל האָב איך געזאָגט דיר, הייליגער פרעה, אַז דאָס ארבייטענדע פֿאָלק איז הונגעריג, ארבייט

צו פֿיעל און צאָהלט צו גרויסע אָבצאָהלונגען... דער, װאָס האָט פֿריהער געאַרבייט פֿון זונאױפֿגאַנג ביז'ן זונאונטערגאַנג, מוז היינט אָנהויבען אַרבייטען אַ שעה פֿאַר'ן זונאױפֿגאַנג און ענדיגען די אַרבייט אַ שעה נאָכ'ן זונאונטערגאַנג. פֿריהער האָט יעדער געװעהנליכער מענש געקאָנט יעדען צעהנטען טאָג בעזוכען די קברים פֿון זיין פֿאָטער און מוטער, שמועסען מיט זייערע שאָטענס און מקריב זיין קרבנות. היינט געהט אָבער קיינער נישט אויף די קברים, וויל קיינער האָט קיין צייט נישט.

פֿריהער האָט אַ פּויער געגעסען דריי ווייצענע פּלעצלעך יעדען טאָג, היינט איז ער נישט אימשטאַנד צו האָבען אַפֿילו אַ גערשטען־פּלעצעל. פֿריהער איז גערעכענט געוואָרען אַלס אָבצאָהלונגען די אַרבייט ביי די קאַנאַלען און וועגען; היינט מוז מען בעזונדער אַרבייטען און בעזונדער אַרבייטען.

אָט דאָס איז די סבּה פֿון די בונטען.

— איך בין דער אָרעמסטער אַדעלמאַן אין דער מלוכה! — האָט פּרעה אויסגעשריען, רייסענדיג זיך די האָר — דער קלענסטער גוט־בעזיצער גיט זיינע בהמות צו עסען און צייט אָבצורוהען; מיין אינוועטאַר איז אָבער אייביג הונגעריג און מיעד!...

— בכן, וואָס האָב איך צו טהון? זאָג! דו האָסט דאָך מיך געבעטען, איך זאָל פֿערבעסערען דעם גורל פֿון די פּויערען!...

— דו גיסט מיר אַ בעפֿעהל, אַז איך זאָל דיר זאָגען?...

— איך בעט, איך בעפעהל!... ווי דו ווילסט... נאר רעד קלוגע ווערטער...

— געבענשט זאל זיין דיין הערשען, דו אמת ער זוהן פון אזירים! — האט דער כהן געענטפערט — און אט אזוי דארף מען טהון...

קודם כל גיב ארויס א בעפעהל, הערשער מיינער, אז מען זאל צאהלען פאר געזעלשאפטליכער ארבייט, ווי מען האט פריהער געפלעגט צאהלען...

— עס פערשטעהט זיך.

— דערנאך גיב ארויס א בעפעהל, אז די ארבייט אויפן פעלד זאל דויערען נישט לענגער, ווי פון זונאויפגאנג ביז צום זונאונטערגאנג... נאכדעם זאל איינגעפיהרט ווערען, אז יעדען זיבענטען טאג זאל דאס פאלק רוהען, ווי עס איז איינגעפיהרט געווען אין די צייטען פון די געטליכע דינאסטיעס. דערנאך גיב ארויס א בעפעהל, אז גוט-בעזיצער זאלען נישט האבען דאס רעכט צו פערמשכונ'ען און די שרייבער זאלען נישט שלאגען און קוועלען די פויערען.

אויסער דעם גיב די פויערען א צעהנטען אדער צוואנציגסטען טייל פון דער ערד; דאס זאל געהערען צו זיי, קיינער זאל דאס זיי נישט טארען אוועקנעהמען. זאל יעדע פאמיליע פון א פויער האבען דאס קלענסטע שטיקעל ערד, וועט זי שוין נישט זיין הונגעריג. גיב די פויערען דאס זאמד פון דער מדבר און אין עטליכע יאהרען ארום, וועלען דארט זיין גערטנער.

— זעהר שען רעדסטו — האט פרעה זיך אנגערופען — דו זאגסט אבער נאר דאס, וואס דו זעהסט אין דיין הארץ, נישט אויף דער וועלט. די איינפאלען

פון מענשען שטימען נישט שטענדיג מיט דעם נאטירליכען לעבען...

— הייליגער פרעה, איך האב שוין געזעהן אזעלכע ענדערונגען און זייערע רעזולטאטען — האט פענטווער גע־ענטפערט.

ביי מאנכע בית־מקדש׳ם ווערען געמאכט פראבען פון היילען קראנקע לערנען קינדער. האדעוויען בהמות און געוואוקסען, אויסבעסערען מענשען, און פאסירט האט אזוי:

ווען מען האט א דארען, פוילען פויער געגעבען רוהע יעדען זיבענטען טאג, איז ער געווארען פעט, האט בעקו־מען חשק צו דער ארבייט און האט מעהר געגראבען ערד, ווי פריהער. א ארבייטער ווערט פרעהליכער און ארבייט מעהר פון א שקלאף, האטש מען שלאגט איהם מיט איי־זערנע שטעקענס. זאטע מענשען האבען מעהר קינדער פון הונגעריגע און פערמאטערטע; קינדער פון פרייע מענשען זענען געזונד און שטארק און קינדער פון שקלאפען זענען שוואך, טרויעריג און האבען נייגונגען צו גנב׳ענען און לי־גענד זאגען.

מען האט זיך אויך איבערצייגט, אז ערד, וועלכע ווערט בעארבייט דורך איהר אייגענטימער, גיט ארויס אנדערטהאלבען מאל מעהר תבואה און קרויטעכטער, ווי די ערד, וועלכע ווערט בעארבייט דורך שקלאפען.

איך וועל דיר, גרויסער פרעה, נאך א אינטערעסאנ־טערע זאך דערצעהלען: ווען מוזיק שפיעלט ביי דער אר־בייט, געהט די ארבייט בעסער און די מענשען, ווי אויך די אקסען, ווערען נישט אזוי גיך מיד...

דאָס אַלעס איז בעשטעטיגט געוואָרען אין אונזערע בית-המקדש'ס.

פרעה האָט געשמייכעלט.

— איך מוז איינפיהרען מוזיק אין מיינע גיטער און אין מיינע גראָבען — האָט ער געזאָגט — נאָר אויב די כהנים האָבען זיך אַזוי איבערצייגט, פאַרוואָס פיהרען זיי זיך נישט אַזוי מיט די פויערען אין זייערע גיטער?...

פענטוער האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

— ווייל — האָט ער געענטפערט — נישט אַלע כהנים זענען חכמים און האָבען עדעלע הערצער...

— אָט אַזוי טאַן איך טאַקי אויך!... — האָט פרעה אויסגעשריען.

— און איצט זאָג מיר, דו, וועלכער שטאַמסט פון פויערען און ווייסט, אַז צווישען די כהנים געפינען זיך שלעכטע און נאַרען, זאָג מיר: פאַרוואָס ווילסט דו מיר נישט דיענען אין מיין קאַמפף געגען זיי?... דו ווייסט דאָך, אַז איך וועל דעם צושטאַנד פון די פויערען נישט קאָנען אויסבעסערן, ווי לאַנג די כהנים וועלען נישט גע-צוואונגען זיין מיך צו פאָלגען...

פענטוער האָט זיך געבראָכען די הענד.

— מיין הערשער! — האָט ער געענטפערט — דער קאַמפף געגען די כהנים איז געפעהרליך און שלעכט!... נישט איין פרעה האָט אָנגעהויבען צו פיהרען דעם קאַמפף און... האָט איהם נישט געקאָנט ענדיגען...

— ווייל אַזעלכע חכמים, ווי דו, האָבען די פרעה'ס נישט געשטיצט!... — האָט פרעה זיך געכעס'ט — און אין אמת'ן קאָן איך קיינמאָל נישט פערשטעהן, פאַרוואָס

זענען זיך מתחבר קלוגע, גוטע כּהנים מיט אַ באַנדע רשעים! ...

פּענטוער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— דרײַסיג טויזענד יאָהר ווערט מצרים געפֿיהרט דורך דעם הײליגען שטאַנד פֿון די כּהנים און דער שטאַנד האָט געבראַכט דאָס לאַנד צו זײַן הײַנטיגען צושטאַנד. אַ וואוּנ־דערבאַר לאַנד האָט דער שטאַנד געמאַכט פֿון מצרים. די גאַנצע וועלט בעוואונדערט דאָס לאַנד. און פֿאַרוואָס האָט געלונגען די כּהנים דאָס צו מאַכען, חאָטש זײ האָבען חסרונות? ... ווײַל זײ זענען אַ לאַמפּ, וועלכע גיט אַרוים ליכטיגקײט פֿון חכמה...

די לאַמפּ קאָן זײַן שמוציג און אַרויסגעבען אַ שלעכ־טען ריח. דאָך האָט זי אין זיך געטליך פֿײַער, אָהן וועלכען עס וואָלט געווען בײַ מענשען פֿינסטער און ווילד־קײט וואָלט צווישען זײ געהערשט.

דו זאָגסט, מײַן הערשער, אַז דו ווילסט פֿיהרען אַ קאַמפּף נעגען די כּהנים — האָט פּענטוער ווײַטער געזאָגט — וואָס קאָן איך האָבען פֿון דעם קאַמפּף? ... ווײַסטו דעם קאַמפּף פֿערשפּילען, וועל איך זײַן אומגליקליך, וואָרום דעם גורל פֿון די פֿויערען וועסטו נישט אויסבעסערן. וועסטו געווינען דעם קאַמפּף? ... דאָס וואָלט איך נישט געוואָלט דערלעבען! ... וואָרום ווען דו וואָלסט די לאַמפּ צוהאַקט, וואָלסטו פֿערלאָשען דאָס פֿײַער פֿון חכמה, וועלכעס לײַכט שוין טויזענדער יאָהרען אין מצרים און אויף דער גאַנצער וועלט...

און דאַדורך קען איך זיך נישט מישען אין דײַן קאַמפּף מיט דעם שטאַנד פֿון די כּהנים... איך שפּיר, אַז

דער קאמפף וועט מוזען אנקומען און איך לייד יסורים דערפון, וואס אזא ווארום ווי איך קאן נישט אפהאלטען דעם קאמפף. מישען זיך אין דעם קאמפף וועל איך זיך אבער נישט, ווארום ווען איך וואלט זיך יא געמישט, וואלט איך געמוזט פערראטהען דיך, אדער דעם גאט פון חכמה...

הערענדיג די ווערטער, איז פרעה ארומגעגאנגען אין צימער און געטראכט.

— הא!... — האט ער געזאגט רוהיג — טהו, ווי דו ווילסט. דו ביזט נישט קיין סאלדאט, דארפסטו דאך קיין מוטה נישט צו האבען... מיין יועץ קאנסטו אבער נישט זיין... נאר דאס בעט איך דיך, אז דו זאלסט גריני דען א קאמיסיע אויסצופארשען די בונטען פון פויערען און ווען איך וועל דיך רופען, זאלסטו דו מיר זאגען, ווי דיין חכמה וועט דיך הייסען.

פענטווער האט נידערגעקניעט און זיך געזעגענט מיט פרעה'ן.

— יעדענפאלס — האט פרעה ווייטער געזאגט — זאלסטו וויסען, אז איך וויל נישט אויסלעשען די געטליכע ליכטיגקייט... זאלען די כהנים האדעווען די חכמה אין זייערע בית-המקדש'ס, נאר מיין מיליטער זאלען זיי מיר נישט פערניכטען. זאלען זיי נישט שליסען קיין אבמאכען, וועלכע זענען א חרפה און א בושה פאר מצרים... און זאלען זיי נישט בעגנב'ענען — האט ער צוגעגעבען מיט כעס — די אוצרות פון די פרעה'ס...

אפשר מיינען זיי אבער, אז איך וועל שטעהן אונטער זייער טהירען, ווי א בעטלער, אום זיי זאלען מיר געבען געלד צו הייבען די מלוכה, וועלכע איז רואינירט געווארע,

דורך זײער נאַרישער און נידערטרעכטיגער רעגירונג ? ...
חא ! ... חא ! ... פּענטוער ... איך װאָלט אַפילו די געטער
נישט געבעטען װעגען דעם, װאָס איז מײן מאַכט און מײן
געזעץ.

די קאָנסט אװעקגעהן.

דער כהן האָט זיך פיעל מאָל געבוקט רוקענדיג זיך
צו דער טהיר, װאו ער איז געפאַלען מיט'ן פּנים צו דער
ערד און ארויסגעגאַנגען.

פרעה איז געבליבען אלײן.

„שטערבליכע מענשען — האָט ער זיך געטראַכט —
זײנען אַזױ װי די מענשען. הרהור איז דאָך קלוג, ער װײס
דאָך, אַז מצרים דאַרף צו אַ מלחמה אַ האַלבען מיליאָן
סאָלדאַטען, ער װײסט, אַז מיליטער מוז מושטרירט װע-
רען און דאָך — האָט ער פערקלענערט די צאָהל פון די
פּאָלקען ...

דער גרױסער שאַצמײסטער איז אויך קלוג. און דאָך
זאָגט דאָס אױס בײ איהם זעהר נאַטירליך, אַז אַלע אוצרות
פון די פּרעה'ס זײנען איבערגעגאַנגען צו די כהנים.

און פּענטוער !.., װי אַ װאונדערבאַרער מענש איז
ער !... ער װיל בעשענקען די פויערען מיט עסענװאַרג,
ערד און רוהע-טעג ... גוט, אָבער דאָס אלעס װעט דאָך
פערקלענערן מײנע אײנקינפטען, װעלכע זײנען אָהן דעם
אויך קלײן. װען איך װאָלט איהם אָבער געזאָגט: העלף
מיר אָבצונעהמען בײ די כהנים די קעניגליכע אוצרות,
װאָלט ער געזאָגט, אַז איך בין אַ רשע און װיל פערלעשען
די ליכטיגקײט פון דער װעלט ! ...

אַ זעלטענער מענש איז פּענטוער !... ער װאָלט גער-

אומגעדרעהט די מלוכה מיט'ן קאפ אראב. אום נאר די פויערען זאל בעסער זיין און דאך וואלט ער נישט געהאט די העזה צו נעהמען א כהן־גדול ביי דעם קארק און איהם צו ווארפען אין דער תפיסה אריין. גאנץ רוהיג הייסט ער מיך, איך זאל זיך ענטזאגען א העלפט פון מיינע הכנסות און פון א בית־המקדש וואלט ער זיך נישט אונטערגעשטעלט ארוים צו טראגען א קופערנע מטבע..."

פרעה האט געשמייכעלט און ווייטער זיך געטראכט:

"יעדער וויל זיין גליקליך; ווען מען וויל אבער, אז אלע זאלען זיין גליקליך, שרייען אלע, ווי מען וואלט זיי די צייהנער געריסען...

און דאדורך מוז א הערשער האבען א פעסטע דעה...

און דאדורך האט מיין געטליבער פאטער שלעכט געטהון דערמיט, וואס ער האט די פויערען פערנאכלעסיגט און די כהנים האט ער אלעם אנגעטרויעט... א שווערע ירושה האט ער מיר איבערגעלאזט... נאר איך וועל מיר א עצה געבען...

אין דער מדבר איז אויך די מלחמה געוועזען שווער... שווערער נאך פון דער מלחמה, וואס איך וועל מוזען דא פיהרען... דא האב איך געגען זיך נאר פלאפלער און דארט האב איך געהאט געגען זיך בעוואפענטע מענשען, וועלכע זענען געוועזען בערייט אומצוקומען אין דער מלחמה...

איין מלחמה עפענט אונז מעהר די אויגען פון צעהנדליגע רוהיגע יאהרען... ווער עם בעשליסט אבצורוקען פון זיך די הינדערונגען, דער רוקט זיי אב..."

עס איז געווארען פינסטער. אין פאלאץ איז די וואך איבערגעענדערט געווארען און אין די ווייטערע סאלאנען

האָט מען אָנגעצונדען שטאָלקאַצען. נאָר אין פּרעה׳ס צימער האָט קיינער נישט געהאַט די העזה אַרײַנצוגעהן אָהן אַ בעפעהל.

פּרעה, זײַענדיג מיעד פון דער נעכטיגער רײַזע און הײַנטיגער בעשעפטיגונג, איז געפאַלען אויף זײַן שטוהל. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז שוין הונדערטער יאָהרען אַ פּרעה און עס האָט זיך איהם נישט געוואָלט גלויבען, אַז זינט ער איז געווען נעבען די פּיראַמידען ביז איצט, איז פאַראיבער קוים איין מעת לעת.

„איין מעת-לעת?... דאָס איז אונמעגליך!..."

דערנאָך איז איהם געקומען אויף די געדאַנקען, אַז אפשר בעזעצען זיך די נשמות פון די פריהערינע פּרעה׳ס אין דעם הארץ פון אַ קרוינפּרינץ. עס איז אודאי אַזוי, ווארום ווען נישט, פאַרוואָס זאָל ער זיך שפּירען, אַז ער איז שוין אַזוי לאַנג אַ פּרעה?... און פאַרוואָס דאַכט זיך איהם, אַז עס איז זעהר לײַכט צו פיהרען די מלוכה, בעת פאַר עטליכע חדשים האָט ער געציטערט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער וועט דאַרפען צו הערשען?...

„איין טאָג? — האָט ער זיך געטראַכט — איך בין דאָך אויף דעם אָרט שוין טויזענדער יאָהרען!..."

פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ דערשטיקטע שטימע.

— מײַן זוהן!... זוהן!...

פּרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שטוהל.

— ווער ביזטו?... — האָט ער גערופען.

— איך בין איך... צי האָסטו שוין מיך פערגעסען?...

דער הערשער האָט נישט געקאָנט וויסען פון וואַנען די שטימע שטאַמט. פון אויבען, פון אונטען, אָדער פון

דעם גרויסען בילד פֿון אָזירים, וועלכעס איז געשטאַנען אין ווינקעל.

— מײַן זוהן — האָט די שטימע ווײַטער געזאָגט — אַכט דעם רצון פֿון די געטער, אויב דו ווילסט, אַז זײ זאָלען דיר העלפֿען... אָ, אַכט די געטער, וואָרום אָהן זײער הילף, איז די גרעסטע ערדישע מאַכט ווי שטויב און ווי אַ שאָטען... אָ, אַכט די געטער, אום דײַנע זינד זאָלען מיר נישט פֿערביטערן דאָס לעבען צווישען מײַנע אבות...

די שטימע איז שטיל געבליבען און פּרעה האָט געהײסען, מען זאָל אַרײַנברענגען ליכט. איין טהיר פֿון ציממער איז געוועזען פֿערמאַכט, בײַ דער צווײטער איז געשטאַנען די וואַך. קײן פֿרעמדער האָט דאָרט נישט געקאָנט אַרײַנקומען.

כעס און אונרוהע האָבען געריסען דאָס האַרץ פֿון פּרעה'ן. וואָס איז דאָס געוועזען? ... צי האָט טאַקי דער שאָטען פֿון זײַן פֿאָטער צו איהם גערעדט, אָדער די כהנים האָבען איהם ווידער גענאַרט?

נאָר אויב די כהנים קאָנען רעדען צו איהם פֿון דער ווײַטענס, האָטש דיקע מויערען טײלען זײ אָב פֿון איהם, קאָנען זײ דאָך אַודאַי אויך אונטערהאָרכען, און אויב אַזוי, איז דאָך ער, דער הערר פֿון דער וועלט, אַרומגענומען און געהיט פֿון אַלע זײַטען, ווי אַ ווילדע חיה!...

אין קעניגליכען פּאַלאַץ איז טאַקי דאָס אונטערהאָרכען געוועזען אַ געוועהנליכע זאַך. פּרעה האָט אָבער געמײנט, אַז דער קאַבינעט זײַנער איז פֿרײַ און די חוצפּה פֿון די כהנים ווערט פֿערהאַלטען בײַ דער שוועל פֿון הערשער

און אויב דאָס איז געווען אַ נשמה? ...

פרעה האָט ניט געוואָלט עסען, נאָר זיך געלעגט שלאָפֿען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער וועט ניט אנטשלאָפֿען ווערען, נאָר די מידקייט האָט איהם בעהערשט און ער איז יאָ אנטשלאָפֿען געוואָרען.

עטליכע שטונדען דערנאָך האָט איהם אויפֿגעוועקט פֿון שלאָף עפּעס אַ ליכטיגקייט און גלייכצייטיג האָט ער דערהערט קלינגען. עס איז שוין געווען האַלבע נאַכט און דער שטערנזעהער איז געקומען איהם אָבגעבען אַ ראַפּאָרט וועגען דער שטעלונג פֿון די שטערען. פרעה האָט אויסגע-הערט דעם בעריכט און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— צי וואָלסטו, גרויסער נביא, ניט געקאָנט אָב-געבען דיינע ראַפּאָרטען דעם גרויסען שם? ... ער איז דאָך מיין פֿערטרעטער אין אַלע רעליגיעזע ענינים ...

דער שטערנזעהער האָט זיך זעהר געוואונדערט, זעהענדיג, אַז פרעה בעציהט זיך אַזוי קאַלטבלוטיג צו די הימלישע זאַכען.

— ווילסטו, הערשער, ניט אננעהמען די עצות, וועלכע ווערען געגעבען די הערשער דורך די שטערען? — האָט דער שטערנזעהער געפֿרעגט.

— דורך די שטערען? — האָט פרעה איבערגעפֿרעגט — נו, זאָג מיר, וואָס זאָגען היינט די שטערען?

דער שטערנזעהער האָט זיכער פֿאַראויס געוואוסט, אַז פרעה וועט איהם דאָס פֿרעגען, דאדורך האָט ער געענט-פֿערט, ניט בעקלערענדיג זיך פֿריהער:

— דער האָריזאָנט איז פֿאָרלויפֿיג טונקעל... דער הערר פֿון דער וועלט טרעפֿט נאָך ניט צו דעם וועג

פון אמת, וועלכער פיהרט צו דערקאָנען דעם רצון פון די געטער. נאָר פריהער אָדער שפּעטער וועט ער דעם וועג געפינען און אויף דעם וועג וועט ער געפינען אַ לאַנג, גליקליך לעבען און אַ הערשען, וועלכעס וועט פול זיין מיט לויב.

— אהאַ!... איך דאַנק דיר, הייליגער מענש! ווען איך וועל שוין, וואָס איך האָב צו זוכען, וועל איך זוכען און דיך וועל איך ווידער בעטען, דו זאָלסט זיך דורכ־רעדען מיט דעם כהן־גדול שם. ער איז מיין פערטרעטער און ווען דו וועסט דערזעהן עפּעס אינטערעסאַנטעס אויף די שטערען, וועט שם מיר דערצעהלען אין דער פריה.

דער כהן איז אַרויס פון שלאָפציממער, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ.

— ער האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף — האָט פּרעה געזאָגט מיט אונצופרידענהייט און איצט וועל איך שוין נישט קאָנען אַנטשלאָפען ווערען!...

— די מלכה ניקאָטרים האָט פאַר אַ שטונדע מיך געהייסען בעטען דיך, הייליגער פּרעה, דו זאָלסט זי אָנ־נעהמען—האָט דער אדיוטאַנט פּלוצלונג געזאָגט...

— איצט?... אין האַלבע נאַכט?... — האָט פּרעה געפרעגט.

— זי האָט מיר טאַקי געזאָגט, אַז האַלבע נאַכט וועסטו, הייליגער פּרעה, זיך אויפכאַפּען פון שלאָף...

פּרעה האָט אַ ווייַלע געקלערט און דערנאָך האָט ער דעם אדיוטאַנט געענטפערט, אַז ער וועט וואַרטען אויף דער מלכה אין דעם גאָלדענעם זאַל. ער האָט גערעכענט, אַז דאָרט וועט קיינער נישט אונטערהאָרכען זייער שמועס.

פרעה האָט גענומען אויף זיך אַ מאַנטעל, די פּיס האָט ער אַרײַנגעשטעקט אין אַ סאַנדאַל און האָט געהייסען העל בעלייכטען דעם גאָלדענעם זאַל. דערנאָך איז ער דאָרט אַרײַנגעגאַנגען, הייסענדיג די דינסטשאַפט, זי זאָל מיט איהם נישט מיטגעהן.

די מוטער האָט ער אָנגעטראָפען אין זאַל. זי האָט געהאַט אויף זיך קליידער פון דיקע לײַנוואַנד אַלס צייכען פון טרויער. דערזעהענדיג פרעה'ן, האָט די גרויסע מלכה ווידער געוואָלט פאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד, דער זוהן האָט זי אָבער אויפגעהויבען און געהאַלזט.

— ציָ איז פאָרגעקומען עפּעס נייעס, וואָס דו בעמיהסט זיך אַזוי שפּעט בײַנאַכט? — האָט ער געפרעגט.

— איך בין נישט געשלאָפען... איך האָב מתפלל געווען... — האָט זי געענטפערט — אָ, מיין זוהן, איך האָב דיר עפּעס וויכטיגעס איבערצוגעבען... איך האָב געהערט די געטליכע שטימע פון דיין פאָטער...

— אַזוי?... — האָט פרעה געזאָגט און ער איז געוואָרען אין כעס.

— דיין אונשטערבליכער פאָטער האָט מיר געזאָגט מיט אַ טרויעריגער שטימע—האָט די מלכה ווייטער געזאָגט — אַז דו געהסט אויף אַ וועג פון פאַלשקייט... דו ווילסט נישט ווערען קיין כהן־גדול און די קנעכט פון די געטער בעהאַנדעלסט דו זעהר שלעכט.

„ווער וועט בלייבען בײַ רעמסס'ן — האָט דיין געטליכער פאָטער געזאָגט — אַז ער וועט דערצערנען די געטער און די כהנים וועלען איהם פערלאָזען?... זאָג איהם... זאָג איהם — האָט די געטליכע נשמה ווייטער געזאָגט —

אז אויב ער וועט זיך אזוי פיהרען, וועט ער אומברענגען מצרים, זיך און די גאנצע דינאסטיע..."

— אהא! — האט פרעה אויסגעשריען — אין ערשטען טאג פון מיין הערשען בעשרעקען זיי מיך שוין אזוי?... מוטער מיינע! א הונד בילט אמהעפסטען, ווען ער האט שטערצען. די כהנים ליידען אודאי אויך זעהר פיעל און דאדורך בעשרעקען זיי מיך!...

— דיין פאטער האט דאך דיר דאס געזאגט... — האט די דערשראקענע מלכה גע'טענה'ט.

— מיין אונשטערבליכער פאטער — האט פרעה געענטפערט — און מיין הייליגער זיידע אמן-חתף, זענען הייליגע נשמות און זיי קאנען מיין הארץ, זיי זעהען דעם ביטערען צושטאנד פון מצרים. און וויל מיין הארץ וויל רעטען די מלוכה, קאנען זיי מיר זיכער אין דעם נישט שטערען...

— בכן גלויבסטו נישט, אז די נשמה פון דיין פאטער גיט דיר א עצה? — האט די מלכה געפרעגט מיט נאך גרעסערען שרעק.

— איך וויים נישט. איך האב אבער דאס רעכט צו גלויבען, אז די שטימען פון די נשמות, וועלכע הערען זיך אין די פערשיעדענע ווינקעלעך פון אונזער פאלאץ, זענען נאר המצאות פון די כהנים. נאר כהנים האבען מורא פאר מיר; געטער און נשמות האבען פאר מיר קיין מורא נישט... און בכן בעשרעקען אונז נישט קיין נשמות, נאר די כהנים.

די מלכה האט זיך פערקלערט און מען האט דער־קאנט, אז די ווערטער פון איהר זוהן מאכען אויף איהר

א איינדרוק. זי האָט געזעהן פיעל נסים אין איהר לעבען און מאַנכע האָבען איהר אליין זיך אויסגעוויזען, ווי פאַלשע.

— אויב אזוי — האָט זי געזאָגט זיפצענדיג — ביזטו נישט פאָרזיכטיג, מיין זוהן!... נאָך מיטאָג איז ביי מיר געוועזען הרהור, ער איז געוועזען אונצופריעדען פון דער אוידיענץ ביי דיר... ער האָט געזאָגט, אז דו ווילסט בעזייטיגען די כהנים פון דעם הויף.

— און צו וואָס טויגען זיי מיר?... נאָר אויף דעם, אז מיין קיך און קעהלער זאָלען האָבען גרעסערע אויסגאַבען!... אָדער אפשר דאַרף איך זיי האָבען, אום זיי זאָלען אונטערהאָרכען, וואָס איך רעד און זעהען, וואָס איך טהו.

— דאָס גאַנצע לאַנד וועט אויפגערעגט ווערען, ווען די כהנים וועלען מפרסם זיין, אז דו ביסט נישט פרום...—האָט זיך די מלכה אָנגערופען.

— דאָס לאַנד ווערט שוין אויפגערעגט, אָבער אין דעם זענען שולדיג נאָר די כהנים — האָט פרעה געענטפערט — און אויך וועגען דער פרומקייט פון דעם פאָלק אין מצרים הויב איך אָן צו בעקומען אַנ'אַנדער בעגריף... ווען דו, מוטער, וואָלסט געוואוסט, וויפיעל פראָצעסען עס קומען פאַר אין נידריגען מצרים וועגען פערניכטען די געטער און אין העכערן מצרים—וועגען בע'גנב'ענען מתים, וואָלסטו דו זיך איבערצייגט, אז פאַר אונזער פאָלק זענען די כהנים און זייערע ענינים נישט הייליג.

— דאָס איז דער איינפלוס פון די אויסלענדער, וועלכע פערפולען מצרים — האָט די מלכה אויסגעשריען— בפרט דער איינפלוס פון די פעניציאַנער...

— וואָס איז מיר פאַר אַ אונטערשיעד וועמענס איינ־פלוס דאָס איז? געזונג, אז איך ווייס, אז מצרים אַכטעט שוין נישט קיין בילדער און קיין כהנים ... און ווען דו, מוטער, וואָלסט געהערט, וואָס עס שמועסען צווישען זיך אדעל־לייט, אָפיצירען, סאָלדאַטען, וואָלסט דו פערשטאַנען. אז עס איז אָנגעקומען אַ צייט, וואָס די קעניגליכע מאַכט קען אָבנעהמען ביי די כהנים זייער מאַכט, אויב מען וויל, אז עס זאָל בלייבען עפּעס אַ מאַכט אין לאַנד.

— מצרים איז דיין—האָט די מוטער געזיפצט—דיין קלוגהייט איז נישט קיין געוועהנליכע, כבן טהו, ווי דו פערשטעהסט. זיי אָבער פאָרזיכטיג... אָ, זעהר פאָרזיכ־טיג! אַ שלאַנג, אפילו ווען זי איז שוין דערהרג'עט, קען זי נאָך אויך פערוואונדען ...

זיי האָבען זיך געהאַלוט און פרעה איז צוריקגעגאַנגען אין זיין שלאָפצימער. ער האָט אָבער שוין נישט געקאָנט ענטשלאָפען ווערען.

ער האָט שוין קלאָר געזעהן, אז צווישען איהם און די כהנים האָט זיך אָנגעהויבען אַ מלחמה, וועלכע ער ווייס נישט, ווי צו פיהרען.

וואָרום וואו האָט ער דעם שונא, געגען וועלכען ער זאָל קעמפפען? געגען וועמען זאָל איצט אַרויסטרעטען זיין טרייע מיליטער?... זאָל זיין מיליטער אַרויסטרעטען געגען די כהנים, וועלכע פאַלען פאַר איהם אויף דער ערד? אָדער זאָל ער קעמפען געגען די שטערען, וועלכע זאָגען, אז ער איז נאָך נישט געקומען צו דעם אמת'ן וועג? געגען וועמען האָט ער צו קעמפפען?...

זאָל ער קעמפען געגען די שטימען פון נשמות,

וועלכע הערען זיך אין דעם פאלאץ ?... אדער זאל ער קעמפפען געגען זיין אייגענע מוטער, וועלכע בעט איהם, ער זאל נישט פערטרייבען די כהנים ?...

פרעה האט זיך געווארפען אויף זיין בעט, שפירענדיג, אז ער איז אונמעכטיג. פלוצלינג איז איהם א געדאנק אנגעקומען אין קאפ אריין: „וואס געהט מיך אן א שונא, וועלכער ווערט צודריקט, ווי בלאטע אין דער האנד ?... זאלען זיך די כהנים רעדען אין די לעערע זאלען, זאלען זיי זיך בייזערן אויף מיר, ווייל איך בין נישט פרום...

איך וועל ארויסגעבען בעפעהלען און ווער עס וועט האבען די העזה נישט אויסצופיהרען די בעפעהלען, דער איז מיין שונא און געגען איהם וועל איך ארויסטרעטען מיט פאליציע, מיט געריכט און מיליטער..."

# פירטעס קאפיטעל.

בכן איז אין חודש התור, נאך א פיער און דרייסיגיעהריגען הערשען, געשטארבען פרעה-מר-אמן-רעמסס דער צוועלפטער, דער הערשער פון צוויי וועלטען, הערר פון אייביגקייט, וועלכער האט פונאנדערגעטיילט לעבען און אלערליי פערגניגען.

ער איז געשטארבען, ווייל ער האט געשפירט, אז זיין קערפער איז אוננוצליך. ער איז געשטארבען, ווייל ער האט זיך פערבענגט צו זיין אייביגען פאטערלאנד און די הערשונג איבער דער ערדישער מלוכה האט ער געוואלט אנטרויען א יונגערן פון איהם. ער איז געשטארבען, ענדליך, ווייל ער האט אזוי געוואלט, אזוי איז געוועזען זיין רצון. דער

גָטלִיכֶער גײַסט איז אַוועקגעפלויגען, ווי אַ רויב־פויגעל, וועלכער שוועבענדיג לאַנג איבער דער ערד, ווערט ער דערנאָך פערשוואונדען אין דער הויך.

בײַם לעבען האָט ער, דער אונשטערבליכער, געוויילט אין דעם לאַנד פון ערד, צווישען שטערבליכע בעשעפּנישען און זײַן טויט האָט איהם ערלעזט פון צרות, פון מיה.

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זײַן שלאָף ווען די זון איז אויפגעגאַנגען און אָנשפּאַרענדיג זיך אויף צוויי גביאים, זײַענדיג אַרומגענומען מיט אַ כאָר פון כהנים, איז ער אַרײַן אין דעם קלײַנעם בית־מקדש פון דעם גאָט אָזיריס, דאָרט האָט ער, ווי געוועהנליך, אויפגעוועקט דעם גאָט, אָבגעוואַשען איהם און אָנגעקלײַדט, מקריב געוועזען אַ קרבן און אויפגעהויבען די הענד צום הימעל.

אין דער זעלבער צײַט האָבען די כהנים געזונגען:

ערשטער כאָר. געלויבט זײַן זאָלסט דו, וועלכער הויבט זיך הויך און לויפט דורך דעם הימעל...

צווייטער כאָר. דער וועג פון דײַן הייליגקײַט איז דאָס גליק פון די, וואָס אויף זייערע פּנים'ער פאַלען דײַנע שטראַהלען.

ערשטער כאָר. הלואי וואָלט איך געקענט אַזוי געהן, ווי דו געהסט, נישט אָבשטעלענדיג זיך, אָ דו זון!...

צווייטער כאָר. דו גרויסע וואַנדערין, וועלכע האָט נישט איבער זיך קײַן הערר און הונדערטער מיליאָנען יאָהרען זענען בײַ דיר ווי אַ אויגענבליק...

ערשטער כאָר. דו געהסט אונטער און דאָך דויערסט דו ווײַטער אײַנע אַלײַן, לויט דײַנע אייגענע געזעצען...

צווייטער כאר. דו בעלייבטסט די ערד, אפפערנדיג זיך מיט דיינע אייגענע הענד, ווען דו געהסט ארום אויפ'ן הימעל אין געשטאלט פון דעם גאט רע.

ערשטער כאר. אשטערן, וועלכער רוקט זיך ארום, גרויס ביסט דו מיט דיין ליכטיגקייט, דו אליין בילדעסט אום דיינע אברים ...

צווייטער כאר. און דורך קיינעם ביסט דו נישט געבוירען געווארען, דו געבירסט זיך זעלבסט אויפ'ן הימעל ...

דא האט זיך אנגערופען פרעה:

„א, דו, וועלכע שטראהלסט אויפ'ן הימעל! ערלויב מיר אריינצוטרעטען אין אייביגקייט, זיך צו בעהעפטען מיט די הייליגע שאטענס פון מיינע אבות. זאל איך צוזאמען מיט זיי קענען אנקוקען דיין בלאנקען אין דערפריה און אווענד, ווען דו בעהעפסט זיך מיט דיין מוטער נות. און ווען דו ווערסט ווענדען דיין פנים צו מערב, זאל איך קענען מתפלל זיין פאר'ן כבוד וועגען פון דעם לעבען, וועלכעס ווערט ענטשלאפען הינטער די בערג *)

אזוי האט פרעה געזאגט, האלטענדיג די הענד אין דער הויך, זייענדיג ארומגענומען מיט א וואלקען פון קטורת-רויך. פלוצלונג איז ער שטיל געבליבען און איז געפאלען מיט'ן רוקען אין די ארעמס פון די כהנים, וועלכע זענען געשטאנען הינטער איהם.

ער האט שוין נישט געלעבט.

די ידיעה וועגען פרעה'ס טויט איז גיך ווי א בליץ

*) דער הימן איז ריכטיג איבערגעגעבען.

אומגעלאָפּען דעם פּאַלאַץ. די דיענער האָבען געוואָרפען זייער בעשעפטיגונג, די אויפזעהער האָבען אויפגעהערט צו היטען די שקלאַפען, מען האָט באַלד אַלאַרמירט די גוואַרדיע און אַלע איינגאַנגען זענען געהיט געוואָרען.

אויף דעם הויפּט־הויף האָט זיך אָנגעהויבען צו פערזאַמלען אַ המון פון קיך־מייסטערס, קעהלער־וועכטער, שטאַל־מייסטערס, פרויען און קינדער פון דעם הייליגען פערשטאָרבענעם. די האָבען געפרעגט, צי דאָס איז וואַהר, אַנדערע האָבען זיך געוואונדערט, אז די זון לייכט נאָך אויף דעם הימעל און אַלע צוזאַמען האָבען הויך געשריען:

„אָ, הערשער!... אָ, פאָטער אונזערער! אָ, געליעבטער!... איז דאָס מעגליך, אז דו זאָלסט שוין אַוועקגעהן פון אונז?... אָ, יאָ, ער געהט שוין קיין אבידות! אויף מערב־זייט, אין לאַנד פון צדיקים... דאָס אָרט, וועלכעס דו האָסט ליעב געהאַט, זיפצט און וויינט נאָך דיר!...*)

אַ שרעקליך געראַויש האָט זיך געהערט אין אַלע הויפען פון דעם ריזענדיגען גאָרטען. דאָס געראַויש האָט זיך אָבגעשלאָגען אָן די מזרח־בערג, דער ווינד האָט געטראָגען איבער דעם נילוס און די גאַנצע שטאָדט מעמפיס איז דערשראָקען געוואָרען.

די כהנים האָבען דערווייל געזעצט דעם פערשטאָרבענעם אין אַ רייכע פערמאַכטע לעקטיקע. אַכט כהנים זענען געשטאַנען ביי די דרענגער פון דער לעקטיקע,

*) ריכטיג איבערגעגעבען

פֿיער פֿון זיי האָבען גענומען אין די הענד פֿעכערס פֿון שטרויס-פֿעדערן, אַנדערע האָבען גענומען קטורת און זיך פֿערטיג געמאַכט אַרויסצוגעהן.

דאַמאָלס איז לויפֿענדיג אָנגעקומען די מלכּה ניקאָטריס און דערזעהענדיג דעם טויטען קערפּער אין דער לעקטיקע, האָט זי זיך געוואָרפֿען צו די פֿיס פֿון פֿערשטאָרבענעם.

— אָ, מאַן מײַנער!... אָ, ברודער מײַנער!... אָ, געליבטער מײַנער! — האָט זי געשריען, וויינענדיג זעהר הויך — אָ געליבטער! פֿערבלייב דאָ מיט אונז, פֿערבלײַב דאָ אין דײַן היים, דערווײַטער זיך נישט פֿון דעם אָרט אויף דער ערד, וואו דו געפֿינסט זיך"...

— בשלום, בשלום, אויף מערב-זײַט — האָבען די כּהנים געזונגען — אָ, גרויסער הערשער! געה בשלום אויף מערב-זײַט"...

— נעבאַך! — האָט די מלכּה געזאָגט — דו אײַלסט צו דעם ברעג, אום גיך זיך איבער צו שיפֿען אויף דער צווייטער זײַט! כּהנים! נביאים! אײַלט נישט! לאָזט איהם איבער! איהר וועט צוריק קומען אַהיים, נאָר ער וועט געהן אין לאַנד פֿון אייביגקייט"...

— „בשלום, בשלום, אויף מערב-זײַט!... — האָבען געזונגען די כּהנים — אויב גאָט'ס רצון איז, וועלען מיר דיך, הערשער, ווידער זעהן, ווען דער טאג פֿון אייביגקייט וועט אָנקומען, וואָרום אָט געהסט דו אין לאַנד, וועלכעס שליסט מיט זיך צונויף אַלע מענשען" *).

הרהור האָט אויפֿגעהויבען זײַן האַנד און אַ וואונק געטהון. דאַן האָבען די דינערינען אַוועקגעריסען די מלכּה

*) ריכטיג איבערגעבען

פון פרעה'ס פּים און מיט געוואלט האבען זיי זי אבגעפיהרט אין איהר פּאלאץ.

די כהנים האבען געטראגען די לעקטיקא און אין איהר איז געזעסען דער הערשער אין זיינע מלבושים, ווי ביי זיין לעבען. אן דער רעכטער זייט און אן דער לינקער זייט, פאָרענט און הינטען זענען געגאנגען: גענע-ראלען, שאץ-מייסטערם, שופטים און שרייבער, דער האק-טרעגער און דער פייל-און-בויגען-טרעגער און א גאנצע מחנה פון גרעסערע און קלענערע כהנים.

אויף דעם הויף איז די דיענסטשאפט געפאלען אויף די פנים'ער, זיפצענדיג און וויינענדיג, דאס מיליטער האט אויסגעשטעלט געוועהר און טראמפעטען האבען זיך געלאזט הערען, ווי צו בעגריסען דעם נייעם פרעה.

דער הערשער איז געטראגען געווארען צום ברעג פון נילוס. ווען די גאנצע מחנה איז געקומען צום נילוס, האבען די כהנים אנידער געשטעלט די לעקטיקע אויף א פערגאל-דעטע שיף אונטער א פורפורנער חופה, ווי זיי האבען גע-פלעגט טהון ווען פרעה האט געלעבט.

אויף דעם שיף האט מען בעשאטען די לעקטיקע מיט בלומען, געגען איהר האט מען אנידערגעשטעלט דאס בילד פון ענובית און דאס שיף איז געפיהרט געווארען צום צווייטען ברעג פון נילוס ביי דעם ביטערן געוויין פון דער דיענסטשאפט און פיעל הויפס-פרויען.

וייט פון נילוס, פון פרוכטבארע פעלדער און וועל-דער האבען זיך געפונען בנינים, וועלכע זענען געווען גע-ווידמעט טויטע און געוואהנט האט דארט נישט קיינער, אויסער די, וואס האבען באלזאמירט די מתים. דארט הין

האָט מען געבראַכט די מתים און געמאַכט פֿון זיי מומיעס. דאָרט האָבען די קרובים פֿון די מתים זיך משוה געווען מיט די כהנים וועגען דעם פּרייז פֿון דער קבורה. דאָרט האָט מען געמאַכט די הייליגע ביכער, די ארונות פֿון די מתים, כלים און בילדער.

דאָס אָרט איז ווייט געווען פֿון מענשען עטליכע טויזענד טריט און איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ לאַנגע מויער, וועלכע האָט געהאַט פֿיעל טהירען. די מחנה, וועלכע איז נאָכגעגאַנגען דעם קערפּער פֿון פּרעה'ן, האָט זיך געשטעלט פֿאַר דעם שענסטען טהויער, וואו איינער פֿון די כהנים האָט אָנגעקלאַפּט.

—ווער איז דאָרט?—האָט מען געפֿרעגט פֿון אינוויינִיג.

— אזיריס־מר־אמו־רעמסס, דער הערר פֿון ביידע וועלטען, קומט צו אייך און פֿערלאַנגט פֿון אייך, איהר זאָלט איהם פֿאַרבערייטען צו דער אייביגער רייזע — האָט דער כהן געענטפֿערט.

— איז דען מעגליך, אז די זון פֿון מצרים זאָל פֿער־לאָשען ווערען?... עס זאָל שטאַרבען דער, וועלכער איז אליין געווען אַטהעם און לעבען?...

— אזוי איז געווען זיין רצון—האָט דער כהן געענט־פֿערט—נעהמט אַלזאָ אָן דעם הערר מיט געהעריגען כבוד און גיט איהם אָב אלעס, וואָס איהם געהער, אום איהר זאָלט נישט בעשטראָפֿט ווערען אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

— מיר וועלען טהון, ווי איהר הייסט — האָט מען געענטפֿערט פֿון אינוויינִיג.

איצט האָבען די כהנים אַנידערגעשטעלט די לעקטיקע

פאר'ן טהויער און זיי זענען גיך אוועקגעגאנגען, אום עס זאל ניט פאלען אויף זיי קיין אונרייינער הויך פון די טויטע קערפערס, וועלכע האבען זיך פערזאמעלט אויף דעם ארט. עס זענען נאר געבליבען בעאמטע אונטער דער לייטונג פון דעם העכסטען שופט און שאך-מייסטער.

נאך א ווייכע האט זיך דאס טהויער געעפענט און לערך צוואנציג מענשען זענען ארויסגעקומען. זיי האבען געהאט אויף זיך מלבושים פון כהנים און זייערע פנים'ער זענען געווען בעדעקט.

דערזעהענדיג די מענשען, האט דער שופט געזאגט:

— מיר געבען אייך איבער דעם קערפער פון אונזער און אייער הערשער. טהוט מיט דעם אזוי, ווי עס בעפעהלט אייך אונזער אמונה און פערנאכלעסיגט גארניכט, אום דער גרויסער מת זאל ניט דארפען ליידען אויף יענער וועלט איבער אייער שולד.

דער שאך-מייסטער האט צוגעגעבען:

— בענוצט גאלד, זילבער, שמאראגדען, טורקיסען און אלע טייערסטע בשמים פאר אונזער הערשערס וועגען, עס זאל איהם גאר ניט פעהלען און אום ער זאל אלעס האבען פון בעסטען סארט. דאס זאג איך, שאך-מייסטער, אייך, און אויב עס וואלט זיך געפינען צווישען אייך א רשע, וועלכער וואלט בענוצט אנשטאט טייערע מעטאלען — פאלשע זאכען און אנשטאט טייערע שטיינער — גלאז פון פעניציען, זאל ער געדענקען, אז ער ווערט האבען אבגעהאקטע הענד און אויסגעשטאכענע אויגען.

— עס ווערט געשעהן אזוי, ווי איהר פערלאנגט —

האָט געענטפערט איינער פון די כהנים.

דערנאָך האָבען אנדערע כהנים אויפגעהויבען די לעקטיקע און זענען אריינגעגאנגען מיט איהר אין דער שטאָדט פון מתים, זינגענדיג:

— „דו געהסט בשלום צו אבידות!... בשלום זאָלסטו קומען צו דער מערב־זייט!... אויף מערב, אויף מערב־זייט, צום לאַנד פון צדיקים!...“

דאָס טהויער האָט זיך פערמאַכט און דער העכס־טער שופט מיט די בעאַמטע, וועלכע האָבען איהם בע־גלייט זענען צוריק צו דעם ברעג פון נילוס און זיך גע־שיפט צום פּאַלאַץ.

אין דער צייט האָבען די כהנים געטראָגען די לעק־טיקע אין אַ גרויסען בנין, וואו מען האָט באַלזאַמירט נאָר בלויז מלכים און די גרויסע לייט, וועלכע זענען זעהר בעליעבט געוועזען ביי פרעה'ן. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אין פאָדערהויז, וואו עס איז געשטאַנען אַ גאָלדען שיפעל אויף רעדלעך און זיי האָבען אָנגעהויבען ארויסנעהמען דעם טויטען פון דער לעקטיקע.

— זעהט נאָר! — האָט געזאָגט איינער פון די כהנים — וואָס פאר אַ גנבים זענען זיי!... פרעה איז דאָך געשטאָרבען נעבען דעם בית־המקדש'ל פון אָזיריס, בכן איז ער דאַמאָלס געוועזען גוט אויסגעצירט... און דאָ — אָט!... אנשטאָט גאָלדענע בראָנסאַלעטען, האָט ער אויף זיך מעשענע, און אין די פינגערלעך זענען פאַלשע שטיינער...

— אמת — האָט אַ אנדערער געענטפערט — איך וואָלט זעהר געוואָלט וויסען, ווער עס האָט זיך מיט איהם

מתעסק געווען: כהנים, אָדער שרײַבער?

— אודאי כהנים... זאָלען זײ די הענד געשוואָלען ווערען!... און אַזעלכע גנבים האָבען די העזה אונז צו וואָרנען, אַז מיר זאָלען דעם מת געבען אַלעס פֿון בעסטען מאָרט!...

— נישט זײ האָבען דאָס פֿערלאַנגט, נאָר דער שאַצמײַסטער...

— אַלע זענען גנבים...

שמועסענדיג אַזוי צווישען זיך, האָבען די באַלזאַמי־רער אראָבגענומען פֿון דעם מת די מלבושים זײַנע, איהם בעדעקט מיט אַ שלאַפֿראָק, וואָס איז געווען געשטיקט מיט גאָלד און איהם איבערגעטראָגען אין אַ שיפֿעל.

— געבענשט זאָלען זײַן די געטער — האָט אײנער פֿון די באַלזאַמירער געזאָגט — דערפֿאַר, וואָס זײ האָבען אונז שוין אַ מאָל געגעבען אַ נײַעם פּרעה. ער וועט שוין מאַכען אַ אָרדנונג מיט די כהנים... וואָס זײ האָבען גענומען מיט די הענד, וועלען זײ צוריקגעבען מיט די פֿיסקעס..

— אַז אַז אַז!... מען זאָגט, אַז ער וועט זעהר שטרענג זײַן — האָט זיך אַ אַנדערער אָנגערופֿען — ער בעפֿרײַנדעט זיך מיט פֿעניציאַנער, פֿערהאַלט זיך גוט מיט פֿענטוער'ן, וועלכער איז פֿאָרט נישט קײן געבוירענער כהן, נאָר ער שטאַמט פֿון אַזעלכע אָרעמע, ווי מיר... און דאָס מיליטער! מען זאָגט, אַז דאָס מיליטער וואָלט געשפּרונגען אין פֿײַער און אין וואַסער פֿאַר דעם נײַעם פּרעה...

— און די טעג האָט ער מנצח געוועזען די לובים...

— וואו איז ער, דער נײַער פּרעה?... — האָט זיך אַ אַנדערער אָנגערופֿען — אין דער מדבר!... אָט, האָב

איך מאַכ׳ מורא, אַז אַמידער ער וועט צוריקקומען קײן מעמפֿיס, וועט מיט איהם פּאַסירען אַ אונגליק...

— וואָס וועט איהם ווער קענען טהון, ווען דאָס מיליטער האַלט מיט איהם?! זאָל איך קײן אָרענטליכע לויה נישט האָבען, אויב דער יונגער פּרעה וועט נישט מאַכען מיט די כהנים, ווי אַ אָקס מיט ווײץ...

— אוי, נאַר! — האָט זיך אָנגערופֿען אַ באַלזאַמירער, וועלכער איז ביז איצט שטיל געווען — פּרעה וועט זיך געבען אַ עצה געגען די כהנים!

— פֿאַר וואָס נישט?

— האָסט דו שוין אַ מאָל געזעהן, אַז אַ לײב זאָל צורײסען אַ פּיראַמידע?

— וואָס פֿאַר אַ פֿערגלײכען?...

— האָט אַ ווילדער אָקס געקענט אַ מאָל אומוואַרפֿען אַ פּיראַמידע?

— עס פֿערשטעהט זיך, אַז נישט!

— און אַ ווינד האָט אַ מאָל יאָ אומגעוואָרפֿען אַ פּיראַמידע?

— וואָס פֿאַר פֿראַגען שטעלט ער אונז הײנט?...

— נו, זאָג איך דיר, אַז אַ לײב, אַ ווילדער אָקס אַ ווינד וועט ניכער אומוואַרפֿען אַ פּיראַמידע, ווי פּרעה וועט קענען בײקומען די כהנים... מעג שוין דער פּרעה זײן אַ לײב, אַ ווילדער אָקס און אַ שטורם-ווינד צוזאַמען...

— הערט, איהר!...— האָט מען געשריען צו זײ פֿון דער הויך — דער מת איז שוין פֿערטיג?...

— שוין... שוין... נאָר אַ באַק פֿאַלט איהם אַראָב — האָט מען געענטפֿערט פֿון פֿאָרערהויז.

— זאָל איהם פאַלען...גיט איהם דאָ אַהער גיך, וואָרום איזידאַ מוז אין אַ שטונדע אַרום געהן אין שטאָדט אַריין...

נאָך אַ ווײַלע האָט מען אויף גאָלדענע שנורען אַרויפ־געצויגען דאָס שיפעל מיט'ן מת אין דער הויך, אויף דעם אינעוועניגסטען באַלקאָן.

פון דעם פאָרערהויז איז מען אַרײַן אין אַ גרויסען זאַל, וועלכער איז געווען געמאָלט בלוי און בעציירט מיט געלע שטערען. אָן איינע פון די ווענד, אין דער גאַנצער לענג פון דעם זאַל, איז געווען אַ באַלקאָן אין געשטאַלט פון אַ בויגען, וואָס זײַנע עקען זענען געווען אין דער הויך פון איין שטאָק און דער מיטען — אין דער הויך פון אַנדערט־האַלבען שטאָק.

דער זאַל האָט פאָרגעשטעלט דעם הימעל, דער באַלקאָן — דעם וועג פון דער זון אויפ'ן הימעל, דער געשטאָרבענער פרעה האָט געזאָלט זײַן אָזירים, אָדער די זון אליין, וועלכע רוקט זיך פון מזרח ביז מערב.

אונטען איז געשטאַנען אַ מענגע כהנים און כהנות, וועלבע, וואַרטענדיג אויף דער פײַערליכקײַט, האָבען זיך געשמועסט וועגען פערשיעדענע זאַכען.

— פערטיג! — האָט מען געשריען פון באַלקאָן.

דער שמועס האָט אויפגעהערט. אין דער הויך האָט מען דרײַ מאָל געקלונגען אויף קופערנע בלעך און — אויפ'ן באַלקאָן האָט זיך בעוויזען דאָס גאָלדענע שיפעל, אין וועלכען דער מת איז געפאָהרען.

אונטען האָט מען געזונגען דעם הימן לכבוד דער זון:

„אָט וויזט זי זיך אין וואָלקען, אום אָבצוטיילען דעם הימעל פון דער ערד און זי דערנאָך צו בעהעפטען...

אונאויפהערר האלט זי זיך אין יעדער זאך, זי אליין לעבט, אין איהר האלטען זיך שטענדיג אלע זאכען..."

דאס שפּיעל האט זיך איינצינוויז געדרוקט אין דער הויך פון בויגען און ענדליך איז עס געשטאנען אויף דעם העכסטען ארט.

אויף דעם אונטערשטען ארט פון בויגען האט זיך בעוויזען א כהנת, וועלכע איז געווען האראקטעריזירט ווי די געטין איזידא מיט איהר זוהן חרות און איז אויך לאנגזאם געגאנגען אין דער הויך. זי האט מיט זיך פאר־געשטעלט די לבנה, וועלכע געהט נאך דער זון.

איצט האט זיך דאס שפּיעל אנגעהויבען אראפּלאזען צו מערב און אונטען האט זיך ווידער אנגערופען דער כאר:

„גאט געפינט זיך אין יעדער זאך, דער גייסט שוו אין אלע געטער. ער איז דער קערפּער פון לעבענדיגע מענשען, ער האט בעשאפען די בוימער, וועלכע געבען פרוכט, ער הייסט דעם נילוס זיך פונאנדערגיסען און פרוכטבאר מאכען די פעלדער. אהן איהם לעבט גאר נישט אויף דער ערד"*).

דאס שפּיעל איז פערשוואונדען געווארען אויף דעם מערב'דיגען עק פון דעם באלקאן און איזידא מיט חרות'ן זענען געשטאנען אויף דעם שפּיץ פון בויגען. צום שפּיעל איז דאמאלס צוגעלאפען א גרופּע כהנים; זיי האבען ארויסגענומען פרעה'ס קערפּער און איהם געלעגט אויף א מארמאר־טיש, ווי אזירים ליעגט נאך ייי טאג־ארבייט.

*) דער הימן איז ריכטיג איבערגעגעבען.

צום מת איז צוגעגאנגען איינער פון די, וועלכע רייניגען די גערערם פון מתים. זייענדיג חאראקטעריזירט ווי דער גאט טיפאן. אויף דעם קאפ האט ער געהאט א שרעקליכע מאסקע און א געלע פערוק מיט לאנגע, צו־פלאסענע האר, אויף די פלייצעס א פעל פון א ווילד חזיר און אין דער האנד — א שטיינערן מעסער פון כוש.

מיט דעם מעסער האט ער גיך געשניטען די פארעשוועס פון מת.

— וואס טהוסט דו דעם שלאפענדען, ברודער טיפאן? — האט איהם געפרעגט איזידא, שטעהענדיג אויף דעם באלקאן.

— איך שאב אב די פים פון מיין ברודער אזירים אום ער זאל מיט דעם ערדישען שטויב נישט פערואונרייניגען דעם הימעל — האט טיפאן געענטפערט.

אבשניידענדיג די פארעשוועס האט ער געחאפט א איינגעבויגענעם דראט און איהם אריינגעשטופט אין דער נאז פון מת, ארויסציפענדיג שטיקער געהירען. דערנאך האט ער איהם אויפגעשניטען דעם בויך און גיך ארויס געצויגען די גערערם, דאס הארץ און לונגען.

די געהילפען פון טיפאן'ען האבען געבראכט פיער גרויסע קרוגען, וועלכע זענען געווען בעצירט מיט קעפ פון די געטער: חפה, אמת־עה, דום. אופת און קיבה־סניף. אין יעדען פון די קריג האבען זיי אריינגעלעגט א שטיק פון פרעה'ס אינערליכע איברים.

— און וואס טהוסט דו דארט, ברודער טיפאן? — האט איזידא געפרעגט צום צווייטען מאל.

— איך רייניג מיין ברודער אזירים פון ערדישע

זאבען, אום ער זאל שענער זיין, האט טיפאן געענטפערט.

נעבען דעם מארמאר־טיש איז געווען א מקוה מיט וואסער, וועלכעס איז געווען דורכגעזאפט מיט זאדע. די רייניגער האבען דעם מת אריינגעווארפען אין דער מקוה, וואו ער האט זיך געווייקט 70 טעג.

איזידא איז דערווייל דורכגעגאנגען דעם גאנצען באל־קאן און צוגעגאנגען צום צימער, וואו דער מת איז פריהער גערייניגט געווארען. זי האט א קוק געטהון אויף דעם מארמאר־טיש און זעהענדיג, אז דער מת ליעגט נישט אויף איהם, האט זי געפרעגט מיט שרעקעניש:

— וואו איז מיין ברודער?... וואו איז מיין געטליבער מאן?...

אינדעם האט זיך געהערט א דונער, טראמפעטען האבען זיך אנגערופען און טיפאן האט געלאכט, שרייענדיג:

— שענע איזידא, וועלכע מאכט לוסטיג די נעכט צוזאמען מיט די שטערען, דיין מאן איז שוין נישט דא! — דער שטראהלענדער אזירים וועט שוין קיינמאל זיך נישט זעצען אויף דעם גאלדענעם שיפעל, די זון וועט זיך שוין קיינמאל נישט בעווייזען אויף'ן הימעל... איך האב דאס געטהון, איך, שת, און איך האב איהם בעהאלטען אזוי טיעף, אז קיין שום גאט און אפילו אלע געטער צוזאמען וועלען איהם שוין נישט געפינען!...

הערענדיג די ווערטער האט די געטין צוריסען איהרע קליידער, האט אנגעהויבען וויינען און זיך רייסען די האר. ווידער האבען זיך אנגערופען טראמפעטען און גלאקען, די כהנים און כהנות האבען צווישען זיך עפעס שטיל געשמועסט, דערנאך האט זיך געהערט א געשריי

און פלוצלינג זענען אלע אנגעפאלען אויף טיפאנ'ען, שרייענדיג:

— פערשאלטען זאלסט דו זיין, דו גייסט פון פינס־טערניש!... דו גייסט, וועלכער ברענגסט די שטורם־ווינדען פון דער מדבר, רעגנסט אויף דעם ים און פערטונקעלסט די ליכטיגקייט פון טאג! אין דער שאול־תחתיה זאלסט דו אזוי אריינפאלען, אז אפילו דער פאטער פון די געטער זאל דיך נישט קענען אפראטעווען!... פערשאלטען זאלסט דו זיין!... פערשאלטען זאלסט דו זיין, שת!... דיין נאמען זאל זיין צו שרעק און צו שאנד!...

שעלטענדיג האבען זיך אלע אויף טיפאנ'ען ארויפגע־ווארפען מיט די פויסטען און שטעקענס און טיפאן האט גע־נומען ענטלויפען און ענדליך איז ער ענטלאפען פון זאל.

עס האט ווידער דריי מאל געקלונגען און די פייער־ליכקייט האט זיך געענדיגט.

— נו, גענוג! — האט דער עלטסטער כהן גערופען צו די איבריגע כהנים, וועלכע האבען זיך אנגעהויבען צו שלאגען — דו, איזידא, קענסט געהן אין דער שטאדט אריין, און די איבריגע — צו אנדערע מתים, וועלכע ווארטען אויף אונז... פערנאכלעסיגט נישט די אנדערע מתים, ווארום מיר ווייסען דאך נישט, ווי מען וועט אונז בעצאהלען פאר דעם...

— אוודאי נישט פיעל וועט מען אונז בעצאהלען! — האט זיך אנגערופען א באלזאמירער — מען זאגט, אז דער שאץ איז לעדיג און די פעניציאנער זאגען, אז זיי וועלען אויפהערען געלד צו ליי[ה]ען, אויב מען וועט זיי קיין נייע רבית נישט געבען..

— זאָל דער טויט אויסראָטען אײַערע פענוציאַנער!..
אין קורצען וועלען מיר בײַ זײַ מוזען בעשטעלען א גערשטען-פלעצעל, אזוי האָבען זײַ שוין אלעס צוגענומען...

— אָבער אויב זײַ וועלען פרעה'ן נישט געבען קײַן געלד, וועלען מיר פאר אונזער ארבײַט גאר נישט בעקו-מען...

אײַנציגוויז האָט דער שמועס אויפגעהערט און אלע זענען ארויס פון דעם בליען זאל.

די גאנצע פײַערליכקײַט, וועלכע האָט פארגעשטעלט די לעגענדע, וואָס דערצעהלט, אז אָזיריס (די זון) איז געהרג'עט געוואָרען דורך טיפאָנ'ען (נאָט פון דער נאכט און זינד), האָט געדיענט דערצו, אז מען זאָל צושנײַ-דען און רײַניגען דעם קערפער פון פרעה'ן, כדי ער זאָל פארבערײַטעט ווערען צום באלזאמירען.

70 טעג איז דער קערפער געלעגען אין וואסער, וואָס איז געווען דורכגעזאפט מיט זאַדע, אלס אָנדענקונג, אז דער שלעכטער טיפאָן האָט דערטרונקען דעם קערפער פון זײַן ברודער אָזיריס אין די זאַדע-אָזיערעס. די אלע טעג, אין דער פריה און אָוועגד, איז אין דעם בלויען זאל ארײַנ-געקומען די כהנת, וועלכע האָט פארגעשטעלט די געטין איזידא. זי האָט געזיפצט און זיך געריסען די האָר. אויס-פרעגענדיג די כהנים, וועלכע זענען דאָרט געשטאנען: צי האָט ווער פון זײַ נישט געזעהן איהר געטליבען ברודער און מאן?

ווען די טרויער-צײַט איז פאראיבער, איז אנגעקומען אין זאל הרות, דער זוהן און נאָכפאָלגער פון אָזיריס'ן, מיט זײַן סוויטע און — ערשט דאמאלס האָבען זײַ דערזעהן

די מקוה מיט דעם טויטען קערפער.

— אפשר ווילען מיר דא זוכען דעם קערפער פון מיין פאטער? — האט חרות געפרעגט.

זיי האבען גענומען זוכען און געפונען דעם קערפער. די כהנים האבען זיך זעהר געפרייעט, מוזיק האט געשפיעלט און דער קערפער פון דעם טויטען פרעה איז ארויסגעצויגען געווארען פון דער מקוה.

דעם קערפער האט מען דאן אריינגעלעגט אין א שטיינערנע רעהר, דורך וועלכער עס איז עטליכע טעג דורכגעגאנגען הייסע לופט און ווען דער קערפער איז גוט אויסגעטריקענט געווארען, איז ער איבערגעגעבען געווארען די באלזאמירער.

איצט האבען זיך אנגעהויבען די וויכטיגסטע צערעמאניעס, וועלכע זענען געמאכט געווארען דורך די העכסטע כהנים פון דער שטאדט פון די טויטע.

דעם קערפער האט מען אויסגעדרעהט מיט'ן קאפ צו דרום-זייט, מען האט איהם געוואשען מיט הייליג וואסער און אינוועניג האט מען איהם געוואשען מיט פאלמען-ויין. אויף דער פאדלאגע, וועלכע איז געווען בעשיט מיט אש, האבען זיך געזעצט וויינערינס, וואס האבען זיך געריסען די האר, צוראצט די פנים'ער און בעוויינט דעם מת. ארום דעם טויטען קערפער האבען זיך פערזאמעלט כהנים, וועלכע זענען געווען כאראקטעריזירט אלס געטער. עס איז דארט געשטאנען א נאקעטע איזיס אין א קרוין פון פרעה'ן, דער יונגענקער חירות, ענובית מיט א קאפ פון א שאקאל, טוט מיט א פויגעל-קאפ און מיט טאוולען אין די הענד און אויך פיעל אנדערע.

אונטער דער אויפזיכט פון די געטער, האבען די ספעציאליסטען אנגעהויבען אנצופילען דעם קערפער פון מת מיט שמעקענדע געווירצען און ארייננגיסען שמעקענדען זאפט פון בוימער, און אלעס איז געטהון געווארען ביי תפלות, וועלכע זענען דערביי געזאגט געווארען. דערנאך האט מען איהם ארייננגעזעצט גלעזערנע אויגען, וועלכע זענען געוועזען איינגעפאסט אין בראנז.

דערנאך האט מען דעם קערפער בעשיט מיט זאדע.

איצט איז צוגעגאנגען א כהן און האט ערקלערט, אז דער קערפער פון מת איז דער קערפער פון אזיריס'ן. די צויבערנדע איינגעשאפטען פון זיין לינקער שלעף, זענען די איינגענשאפטען פון דעם גאט תום, וואס זיינע שטראה־לען שלאגען דורך די פינסטערניש. זיין לינק אויג איז דאס אויג פון דעם גאט חירות, וועלכעס ראטעט אוים אלע לעבעדיגע בעשעפענישען; די אויבערשטע ליפ איז איזיס און די אונטערשטע ליפ—נפתים. זיין האלז איז א געטין, זיינע הענד — געטליכע נשמות, די פינגער — הימלישע שלאנגען, זיהן פון דער געטין סלקית. זיינע זייטען זענען פעדערען פון דעם גאט עמון, זיין רוקען — א שדרה־ביין פון גאט שיב און זיין בויך — די געטין נוע.

א אנדער כהן האט געזאגט:

„מען האט מיר געגעבען א מויל צו רעדען, פים צו געהן, הענד אומצוווארפען מיינע פיינד, איך שטעה אויף תחית־המתים, איך לעב, עפען דעם הימעל: איך טהו דאס, װאס מען האט מיך געהייסען איז מעמפים[1].

---

[1]) ריכטיג איבערגעגעבען.

אויף דעם האלז פון מת האט דערוויל געהאנגען א בילד פון א סקאראבעאוס, וועלכער איז געווען געמאכט פון א טייערען שטיין און אויף איהם איז געווען א אויפשריפט:

„אָ הארץ מיינס, הארץ, וועלכעס איך האב בעקומען פון מיין מוטער, וועלכע איך האב געהאט ווען איך בין געווען אויף דער ערד. אָ, הארץ! שטעל זיך נישט געגנען מיר און זאג נישט שלעכט עדות אין דעם טאג פון מיין משפט *)."

די הענד, פיס און פינגער פון דעם מת האבען איצט די כהנים ארומגעוויקעלט מיט בענדער, אויף וועלכע עס זענען געווען אויפגעשריבען תפלות און השבעות. די בענדער זענען געווען אונטערגעקלעבט מיט גומע און באלזאם. אויף זיין ברוסט און האלז האט מען געלעגט „ביכער פון טויטע", אין וועלכע עס איז געווען געשריבען דאס, וואס די כהנים האבען דערביי געזאגט:

„איך בין דער, וועלכען קיין שום גאט שטעלט נישט קיין שטערונג.

ווער איז דער?...

נעכטען איז דער געווען דער גאט אזירים, מארגען וועט ער זיין דער גאט רע, אין דעם טאג, ווען ער וועט אויסראטען די שונאים פון דעם הערר, וועלכער הערשט איבער אלעם און ווען ער וועט היילינען זיין זוהן חרות. מיט אנדערע ווערטער: אין דעם טאג, ווען דער ארון פון אזירים וועט בעגעגנען זיין פאטער רע. ער וועט בעקעמט-

---

*) ריכטיגער איבערגעזעצט.

פֿען די געטער אויף דעם בעפֿעהל פֿון דעם גאָט אָזיריס. דעם הערר פֿון בארג אמנתי.

וואָס איז דאָס?

אמנתי איז אַ בעשעפֿעניש פֿון די נשמות פֿון געטער, אויף דעם בעפֿעהל פֿון אָזיריס'ן, דער הערר פֿון בארג אמנתי. מיט אַנדערע ווערטער: אמנתי איז אַ דערהיצונג, וועלכעס איז אַרויסגערופֿען געוואָרען דורך דעם גאָט רע; יעדער גאָט, וואָס קומט דאָרט הין, פֿיהרט אַ קאַמפּף, איך קען אַ גרויסען גאָט, וועלכער וואָהנט דאָרט.

איך בין פֿון מיין לאַנד, איך קום פֿון מיין שטאָדט, איך פֿערניכט דאָס שלעכטס, רוק אָב דאָס נישט-גוטס, איך דערווייטער דעם שמוץ פֿון זיך.

אָ, איהר, חברים, גיט מיר די האַנד, וואָרום איך וועל זיין איינער פֿון אייך*)!"

ווען יעדער גליד פֿון דעם מת איז שוין געווען אַרומגעוויקעלט מיט בענדער און בעהאַנגען מיט קמיעות, ווען דער מת האָט שוין אויף זיך אויפֿשריפֿטען, דורך וועלכע ער וועט שוין קאָנען געפֿינען יעדען וועג אין דעם לאַנד פֿון די געטער, האָט מען איהם אָנגעהויבען בעזאָרגען מיט אַ כתב, וועלכעס האָט איהם געזאָלט עפֿנען די טהויערען פֿון יענעם לאַנד.

וואָרום צווישען דעם קבר און דעם הימעל וואַרטען אָב דעם מת צוויי און פֿערציג שרעקליכע ריכטער מיט'ן גאָט אָזיריס בראש, וועלכע פֿאָרשע[illegible] לעבען אויף דער ערד. ערשט ווען דאָס הארץ פֿון מת ווערט געוואוי-

*) „בוך פֿון מתים".

גען אויף דער וואג פון רעכטשאפענהייט און עס בעווייזט זיך דער אמת, וואס איז גלייך צו א גאט, ווען דער גאט דוט-עת, ווילכער פערשרייבט אויף טעוועלעך די מעשים פון דעם מת, בעטראכט זיי אלם גוטע. ערשט דאמאלס נעהמט חירות די נשמה ביי דער האנד און פיהרט זי צו דעם טראן פון אזירים'ן.

און אום דער מת זאל זיך קענען פערטיידיגען פאר דעם בית-דין, דארף מען זיין מומיע איינוויקלען אין א פאפירוס, אויף וועלכען עס איז פערשריבען — א אלגעמיינע ודוי. בעת די מומיע ווערט איינגעוויקעלט אין דעם פאפי-רוס, זאגען די כהנים הויך און דייטליך, אום דער מת זאל נישט פערגעסען:

„הערשער פון אמת, איך ברענג אייך דעם אמת אליין.

איך האב נישט געטהון קיין עולה קיין שום מענש. איך האב נישט פעראונגליקט קיינעם פון מיינע נאהנטע... איך בין נישט געווען אויסגעלאסען און קיין מיאום ווארט האב איך נישט געזאגט אין הויז פון אמת. איך בין נישט געווען בעהעפט צו שלעכטס. אלס הערר האב איך מיינע אונטערטהענער נישט געהייסען ארבייטען איבער זייערע קרעפטען. קיינער איז דורך מיר נישט בעשראקען געווא-רען, קיינעם האב איך נישט ארעם געמאכט, קיינעם האב איך קיין יסורים נישט אנגעטהון. איך האב נישט געטהון קיין מעשים, מיט וועלכע די געטער מיאוסען זיך. איך האב נישט געפייניגט קיין שקלאף. איך האב איהם נישט גע-קוועהלט מיט הונגער, עד האט דורך מיר נישט געוויינט. איך האב קיינעם נישט געהרגעט. איך האב נישט בערויבט קיין

בית־מקדש. איך האָב נישט געהייסען פֿערדעטעריש הרג'ענען.
איך האָב נישט פֿערקלענערט די אײַנקינפֿטען פֿון די געטער.
איך האָב נישט געדויבט קיין ברויט און גירטלען פֿון מומיעס.
איך האָב קיין זינד נישט געטהון מיט דעם כּהן פֿון מײַן
געגענד. איך האָב איהם נישט פֿערנומען און נישט פֿער־
קלענערט זײַן פֿערמעגען. איך האָב קיין פֿאַלשע וואָג נישט
בענוצט. איך האָב נישט אָבגעריסען קיין קינד פֿון זײַן מו־
טערס ברוסט. איך האָב קיין בעציהונגען נישט געהאַט מיט
בהמות. איך האָב נישט געחאַפּט אין אַ נעץ קיין פֿויגעל,
וועלכע זענען געווען בעשטימט פֿאַר די געטער. איך האָב
נישט געשטערט דאָס וואַסער פֿון נילוס, עס זאָל זיך מעה
רען. איך האָב נישט פֿערהאַלטען דאָס וואַסער פֿון די קאַ־
נאַלען. איך האָב נישט פֿערלאָשען קיין פֿײַער, ווען מען
האָט דאָס נישט בעדאַרפֿט. איך האָב נישט געגנב'עט קיין
קרבנות בײַ די געטער. איך בין ריין... איך בין ריין... איך
בין ריין... *)

ווען דער מת האָט זיך שוין געקענט אַ עצה געבען
דורך דעם „מתים־בוך" אין דעם לאַנד פֿון אײביגקייט און
ווען ער האָט שוין געוואוסט ווי ער זאָל זיך פֿערטיידיגען
פֿאַר דעם משפט פֿון די צוויי און פֿירציג ריכטער, האָבען
איהם די כּהנים אויך געגעבען אַ הקדמה צו דעם בוך. און
זײַ האָבען איהם ערקלערט ווי וויכטיג די פֿאָררעדע איז.

צו דעם צוועק האָבען זיך אָבגעדרוקט די באַלזאַמירער,
וועלכע זענען געשטאַנען אַרום דער מומיע און עס איז
אָנגעקומען דער כּהן גדול פֿון דעם אָרט און ער האָט אײַנ־

*) דאָס פֿינף און זיעבציגסטע קאַפּיטעל פֿון „מתים־בוך".

גערוימט דעם מת אין אויער אריין:

„דו זאָלסט וויסען, אז האָבענדיג דאָס בוך, ווערסט דו געהערען צו די לעבעדיגע און דו ווערסט האָבען א גרויסע ווירקזאַמקייט ביי די געטער. דו זאָלסט וויסען, אז דורך דעם בוך וועט קיינער נישט האָבען די העזה דיר זיך געגענצושטעלען. די געטער אליין וועלען צוגעהן צו דיר און וועלען דיך האַלזען, ווייל דו ווערסט געהערען צו זייער חברה.

דו זאָלסט וויסען, אז דורך דעם בוך ווערסט דו דערקענען, וואָס עס איז געווען אין אָנפאַנג. קיין שום מענש האָט פון דעם נישט געהערט. קיין אויג האָט דאָס נישט געזעהן, קיין אייער האָט דאָס נישט געהערט. דאָס בוך איז דער אמת אליין, נאָר קיינער האָט דאָס בוך קיין מאָל נישט געקענט. זאָל דאָס בוך געזעהן ווערען נאָר דורך דיר אליין און דורך דעם, וואָס האָט דיר דאָס בוך געגעבען. מאַך נישט אויף איהם קיין פירושים. דאָס בוך ווערט אין גאַנצען געשריבען אין דעם זאל, וואו מען באלזאַמירט מתים. דאָס איז א גרויסער סוד, וועלכען קיין שום געוועהנליכער מענש קען נישט, קיינער אויף דער גאַנצער וועלט.

דאָס בוך וועט זיין דיין נאָהרונג אין דעם נידריגערן לאַנד פון די נשמות, דאָס בוך וועט געבען דיין נשמה מיטעל צו לעבען אויף דער ערד, דאָס בוך וועט געבען דיין נשמה א אייביג לעבען און וועט מאַכען, אז קיינער זאָל נישט האָבען קיין מאַכט איבער דיר". *)

דער קערפער פון פרעה'ן איז געקליידעט געוואָרען

*) „מתים-בוך".

אין טייערע מלבושים, אויפ'ן פנים האט מען איהם אנגע־
טהון א גאלדענע מאסקע, אויף די הענד—בראנזאלעטען.
אונטער'ן קאפ האט מען איהם געלעגט א אונטערלעהן פון
עלפאנט־ביין, אויף וועלכען מצריים האבען געוועהנליך גע־
שריבען. דערנאך האט מען ארייגעלעגט דעם קערפער
אין דריי ארונות: א פאפירנעם, צעדער־פערגאלדעטען און
מארמארנעם. דער ערשטער ארון איז געוועזען ווי א בילד
פון מת.

ווען די מומיע איז געווען דריי חדשים אין לאנד פון
טויטע, האט מען זיך ערשט גענומען צו דער לויה.

## פינפטעס קאפיטעל.

די זיעבציג טאג, אין וועלכע דער טויטער פרעה האט
זיך געוויייקט אין וואסער, איז אין מצרים אבגעריכט געווארען
א טרויער.

די בית־מקדש'ים זענען געווען פערמאכט, מען האט
קיין פראצעסיעס נישט געמאכט, קיין מוזיק האט זיך נישט
געהערט, קיין מאהלצייטען האט מען נישט געמאכט, פון
די טענצעריננס זענען געווארען וויינעריננס, וועלכע האבען
זיך געריסען די האר און זעהר הויך געוויינט, נישט הא־
בענדיג דערביי קיין שום שאדען, וויל פאר'ן וויינען און
זיך רייסען די האר האט מען זיי בעצאהלט, ווי פאר
טאנצען.

מען האט נישט געטרונקען קיין וויין, נישט געגעסען
קיין פלייש. די גרעסטע לייט זענען געגאנגען בארוועס, אין
דיקע קליידער. קיינער האט זיך נישט ראזירט (חוץ די
כהנים), די גאר איבערגעגעבענע האבען זיך אויך נישט
געוואשען, נאר זיי האבען בעשמירט דאס פנים מיט בלא־

טע און די האָר האָבען זיי בעשאָטען מיט אַש.

אין גאַנץ מצרים האָט געהערשט אַ שטילקייט און אַ טרויעריגקייט. עס איז פֿערלאָשען געוואָרען די זון פֿון מצרים, זי איז אַוועקגעגאַנגען אויף מערב זייט און זיינע דינער האָט פֿערלאָזט דער הערר, וועלכער האָט זיי געגעבען שמחה און לעבען.

אין די גרעסטע געזעלשאַפֿטען האָט מען גערעדט נאָר פֿון דעם אַלגעמיינעם טרויער, וועלכער האָט געהערשט אויך אין דער נאַטור.

— האָסט דו נישט בעמערקט — האָט איין גרויסער מאַן געזאָגט צו דעם אַנדערן גרויסען מאַן — אַז די טעג זענען געוואָרען קירצער און פֿינסטערער?

— איך בין נישט דרייסט גענוג דיר דאָס צו זאָגען — אָבער איך האָב אויך דאָס זעלבע בעמערקט. איך האָב אויך בעמערקט, אַז ביי נאַכט לייכטען וועניגער שטערן און די לבנה איז נישט גאַנץ געווען אין דעם חודש,

— די פּאַסטוכער זאָגען, אַז די בהמות ווילען נישט עסען, נאָר זיי וויינען...

— און איך האָב געהערט פֿון יעגער, אַז די לייבען וויינען אויך און זיי פֿאַלען שוין אָן אויף די הירשען, וויל זיי עסען נישט קיין פֿלייש.

— אַ שרעקליכע צייט!... קום צו מיר היינט אָבענד, וועלען מיר טרינקען יעדער אַ גלאָז טרויער־משקה, וועלכע מיין שר המשקים האָט ערפֿונדען.

— איך ווייס, דו האָסט אודאי שוואַרץ ביער פֿון צידון?...

— זאָלען מיך די געטער היטען פֿון טרינקען ווין

אין אזא צייט. די משקה, וועלכע מיין שר המשקים האט ערפונדען איז נישט קיין ביער... זי איז מעהר ענהליך צו וויין, וועלכער איז אנגעזאפט מיט פיזעם און שמעקענדע קרייטעכטסער.

— אזא משקה איז זעהר צוגעפאסט צו דער צייט, ווען אונזער הערר ווײלט אין דעם מתים-לאנד, וואו די לופט איז אנגעזאפט מיט פיזעם אין באלזאם-קרייטעכטסער.

אזוי האבען זיך מצער געווען די גרויסע לייט אין מצרים גאנצע זיעבציג טעג.

דעם ערשטען צייכען פון שמחה האט מען דערזעהן אין מצרים, ווען עס איז אנגעקומען א ידיעה פון מתים-לאנד, אז דער קערפער פון דעם הערשער איז ארויסגענו-מען געווארען פון דער מקוה און די באלזאמירער און כהנים טהוען שוין זיין רעכטס

אין דעם טאג האט מען זיך אנגעהויבען צו שערען די האר. מען האט אראבגענומען די בלאטע פון דעם פנים און ווער עס האט געהאט חשק, האט זיך אבגעוואשען. און באמת האט מען שוין קיין זארג נישט געהאט: חרות האט געפונען דעם קערפער פון אזירים'ן, דער הערשער פון מצרים איז דורך די באלזאמירער צוריק לעבעדיג גע-ווארען און דורך די תפלות פון די כהנים און דעם „מתים-בוך" איז ער געווארען גלייך צו די געטער.

פון דאמאלס אן האט דער געשטארבענער פרעה, מר-אמן-רעמסס, געהייסען אפיציעל: „אזירים"; נישט אפיציעל האט מען איהם גערופען „אזירים" באלד נאכ'ן טויט.

די נאטירליכע לוסטיגקייט פון דעם פאלק אין מצרים

האָט בעקעמפפט די טרויעריגקייט. אמלוסטיגסטען זענען געווען די סאָלדאַטען, בעלי־מלאכות און פּויערען. די שמחה בײַ דעם פּראָסטען המון איז געווען ווילד.

עס זענען פערברייטעט געוואָרען קלאַנגען, אַז דער יונגער פּרעה, וועלכען דאָס פאָלק האָט שוין אינסטינקטיוו געליעבט, וויל פערבעסערן דעם גורל פון פּויערען, אַרבײטער און אפילו שקלאַפען.

דאַדורך האָבען מיערער, סטאָליאַרעס און טעפּפער געהאַט די העזה צו שטיעסען אין די שענקען וועגען די אַבצאָהלונגען און זיך בעקלאָגען אויף דער מאַכט פון די כהנים. פּויערען האָבען זייער פרייע צייט נישט פערבראַכט מיט תפלות און געהן אויף די קברים, נאָר געשמועסט צווישען זיך: ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען יעדער פון זיי וואָלט געהאַט אַ שטיקעל אייגענע ערד און וואָלט געקענט רוהען יעדען זיבענטען טאָג!

דאָס מיליטער, בפרט פון די אויסלענדישע פאָלקען, האָט זיך מעהר געפרייעט פון אלע. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי זענען די גרעסטע און בעסטע אין גאַנץ מצרים, און אויב זיי זענען נישט ביז איצט, וועלען זיי ווערען די גרעסטע באַלד, נאָך עפּעס אַ גליקליכער מלחמה וועלכע וועט באַלד פאָרקומען.

דערגעגען האָבען פייערליך אָבגעריכט דעם טרויער: די הויפּטמענער פון די פּראָווינצען, די פּריצים, וועלכע האָבען געוואָהנט אין זייערע גיטער און אמטעהרסטען — די כהנים־גדולים פון אלע בית־מקדש'ס. זיי האָבען געטרויערט אפילו דאַמאָלס, ווען פון פּרעה'ן איז געוואָרען אָזיריס, און מען האָט שוין געמעגט לוסטיג זײַן.

דער נײַער פרעה האָט ביז דאַמאָלס קײנעם קײן עולה נישט געטהון און די גרויסע לײט האָבען געטרויערט נאָר איבער די קלאַנגען, װעלכע האָבען אַנדערע אַזױ דערפרײעט. די הויפּטמענער און די פּריצים האָט זעהר געקװעהלט דער געדאַנק, אַז זײערע פױערען װעלען קענען רוהען פופציג טעג אין יאָהר און האָבען אײגענע ערד, האָטש אפילו נאָר אַזױ פיעל, װיפיעל מען דאַרף אויף א קבר. די כהנים זענען בלאַס געװאָרען און געקריצט מיט די צײהנער, זעהענדיג די אױפפיהרונג פון רעמסס דעם דרײצעהנטען געגען זײ.

אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ איז טאַקי זעהר פיעל געענדערט געװאָרען.

פרעה האָט איבערגעטראָגען זײן דירה אין אײנעם פון די בנינים אין פליגעל, װאו די גענעראַלען האָבען פערנומען כמעט אַלע צימערען. די קעהלער־שטובען האָט ער בעזעצט מיט די גריכישע סאָלדאַטען, דעם ערשטען שטאָק — מיט זײן גװאַרדיע, די צימערען, װעלכע זענען געװעזען אין דער לענג פון דער מויער — מיט כושים. די װאַך אַרום דעם פּאַלאַץ איז בעשטאַנען פון אַזיאַטען און בײ זײנע אײגענע צימערען האָט ער געשטעלט דעם שװאַדראָן, װאָס זײנע סאָלדאַטען זענען מיטגעגאַנגען מיט איהם װען ער איז נאָכגעלאָפען תחנה׳ן.

נאָר ערגער איז געװעזען דאָס, װאָס פרעה האָט בעגנעדיגט די לובים נאָך זײער בונט, קײנעם פון זײ האָט ער נישט בעשטראָפט און עטליכע האָט ער בעשענקט מיט זײן צוטרוי.

די כהנים, װעלכע זענען געװעזען אין הויפּט־פּאַלאַץ,

זענען טאקי דארט ווייטער געבליבען און אינטער דער לייטונג פון דעם כהן־גדול׳ שם האבען זיי אבגעריכט אלע רעליגיעזע צערעמאניעס. נאר וויל די כהנים האבען פרעה׳ן נישט בעגלייטעט ביי זיין פריהשטיק, מיטאג און נאכט־עסען, איז זייער נאהרונג שוין נישט געווען אזוי פיין, ווי פריהער.

אומזיסט האבען די היילינגע כהנים דערמאהנט, אז זיי מוזען שפייזען די פארשטעהער פון נייגצעהן דינאסטיעס און זעהר פיעל געטער. דער שאץ־מייסטער, דערמער־קענדיג פרעה׳ס רצון, האט געענטפערט די כהנים, אז פאר די געטער און אבות קענען גענוג זיין בלומען און געווירצען, און די נביאים דארפען עסען נאר געררשטענע פרעצלעך און טרינקען וואסער אדער ביער. און דער שאץ־מייסטער האט זיך נאך פעררופען אויף דעם היילינגען שם וועלכער האט געלעבט ווי א בעל־תשובה און ער האט נאך צוגעגעבען, אז דער היילינגער פרעה צוזאמען מיט די גענעראלען, פיהרט א סאלדאטסקע קיך.

די כהנים פון פאלאץ האבען אלזא אנגעהויבען זיך צו קלערען: צי וועט נישט בעסער זיין פאר זיי צו פער־לאזען דעם קארגען פרעה און זיך איבערצוטראגען אין די בית־מקדש׳ס, וואו זיי וועלען נישט דארפען אבצוריכטען אזוי פיעל תפלות און דער הונגער וועט זיי נישט אוים־דרעהען די געדערם?

און אפשר וואלטען זיי טאקי אזוי געטהון, ווען די היילינגע הרהור און מפרים וואלטען זיי נישט געהייסען בלייבען אויף זייער שטעלע.

די לאגע פון הרהור׳ן האט אבער אויך נישט געקענט

בעטראַכט ווערען אלס גוטע. דער גרויסער מיניסטער, וועלכער איז פריהער כמעט נישט אַרויס פון דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, איז איצט געזעסען איינער אַליין אין זיין פּאַלאַץ און פיעל טעג האָט ער נישט געזעהן דעם נייעם פרעה. ער איז נאָך געווען קריעגס-מיניסטער, אָבער קיין בעפעהל האָט ער נישט אַרויסגעגעבען. אַלע מיליטערס אינטערעסען האָט פרעה אַליין בעזאָרגט. אַליין האָט ער געלייענט די ראַפּאָרטען פון די גענעראַלען, אַליין האָט ער פערשיקט דענע שווערע פראַגען אויפגעלעזט און זיינע אַדיוטאַנטען האָבען אַליין גענומען פון דעם קריעגס-מיניסטעריום די כתבים, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט.

דער גרויסער הרהור איז געגאַנגען געוואָרען צו דעם הערשער נאָך דאַמאָלס, ווען פרעה האָט איהם געוואָלט מאַכען פּאָרוואָרפע.

אַלע גרויסע לייט האָבען אָבער געמוזט מודה זיין, אַז דער נייער פרעה אַרבייטעט שווער.

רעמסס דער דרייצעהנטער איז אויפגעשטאַנען איידער די זון איז אויפגעגאַנגען. האָט זיך געבאָדען און מקריב געווען קטורת דעם בילד פון גאָט אָזיריס. באַלד דערנאָך האָט ער אָבגענומען ראַפּאָרטען פון העכסטען שופט, פון העכסטען שרייבער פון די שפּייכלערס און שטאַלען אין גאַנצען לאַנד, פון העכסטען שאַצמייסטער און פון דעם הויפטמאַן פון זיינע פּאַלאַצען. דער הויפטמאַן פון די פּאַלאַצען האָט אַממעהרסטען געליבען: יעדען טאָג האָט איהם פרעה געזאָגט, אַז דאָס אויסהאַלטונג פון הויף קאָסט צו טייער און צו פיעל מענשען געפינען זיך אין דעם הויף. און וויר‍קליך האָבען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ

געוואָהנט עטליכע הונדערט ווייבער פון דעם געשטאָרבענעם פרעה מיט זייערע קינדער און דיענסטען. דער הויפּטמאַן פון דעם פּאַלאַץ, הערענדיג יעדען טאָג פון פרעה'ן, אז עס געפינען זיך צו פיעל מענשען אין דעם פּאַלאַץ, האָט ער יעדען טאָג אַרויסגעיאָגט לערך צוואַנציג פערזאָן און די איבריגע האָט ער בעגרענעצט די אויסגאַבען. דאַדורך זענען נאָך אַ חודש אַלע ווייבער פון הויף געלאָפען מיט אַ געשריי צו דער מלכה ניקאָטריס און זי געבעטען, זי זאָל זיי שיצען.

די מלכה איז באַלד געגאַנגען צו איהר זוהן און, פאַלענדיג פאַר איהם מיט'ן פנים צו דער ערד, האָט זי איהם געבעטען, ער זאָל רחמנות האָבען אויף די ווייבער פון זיין פאָטער און זיי נישט לאָזען שטאַרבען פון הונגער.

פרעה האָט מיט אַ געקניטשטען שטערן אויסגעהערט איהרע ווערטער און האָט געהייסען דעם הויפּטמייסטער, ער זאָל מעהר נישט בעגרענעצען די אויסגאַבען פון די ווייבער. גלייכצייטיג האָט ער געזאָגט זיין מוטער, אז נאָך דער לויה פון זיין פאָטער וועלען אַלע ווייבער אָבגערוקט ווערען פון פּאַלאַץ און פונאַנדערגעשיקט אין גיטער.

— אונזער הויף — האָט ער געזאָגט — קאָסט אַ ערך פון דרייסיג טויזענד טאַלענטען יעהרליך, דאָס הייסט מיט אַ העלפט מעהר, ווי דאָס גאַנצע מיליטער קאָסט. אזא גרויסע סומע געלד קען איך נישט אויסגעבען, אויסער ווען איך וועל רואינירען זיך און די מלוכה.

— טהו, וואָס דו ווילסט — האָט די מלכה געזאָגט — מצרים איז דיין. איך האָב אָבער מורא, אז די פונאַנדער-געטריבענע מענשען וועלען ווערען דיינע שונאים.

פרעה האָט שווײַגענדיג גענומען די מוטער בײַ דער האַנד, זי צוגעפֿיהרט צום פֿענסטער און איהר געוויזען אַ וואלד מיט שפּיעזען, וועלכער מושטרירט זיך אויפֿ'ן הויף.

די אויגען פֿון דער מלכּה האָבען געבלאַנקט פֿון גאוה. פּלוצלונג האָט זי זיך אַראָבגעבויגען און געקושט איהר זוהן אין דער האַנד, זאָגענדיג מיט אַ ריהרענדע שטימע:

— דו ביסט טאַקי אַ זוהן פֿון איזידאַ און אָזיריס און איך האָב גוט געטהון, אָבגעבענדיג דיך די געטער... ענד־ליך האָט מצרים אַ הערשער!...

פֿון דאַמאַלס אָן האָט זיך די מלכּה שוין קיינמאָל נישט געווענדעט צו איהר זוהן. און ווען מען האָט זי געבעטען, זי זאָל זיך פֿאַר עמיצענס ווענען שטעלען בײַ איהר זוהן, האָט זי געענטפֿערט:

— איך בין אַ דיענסט פֿון פּרעה'ן און איך ראַטה אײַך צו טהון, וואָס ער הייסט. ווײַל אַלעס, וואָס ער טהוט, שטאַמט פֿון די געטערס בעגײַסטערונג. און ווער קען טהון אַנדערש, ווי די געטער ווילען?

נאָכ'ן פֿריהשטיק האָט פּרעה זיך בעשעפֿטיגט מיט די ענינים פֿון קריעגס־מיניסטעריום און פֿון דעם שאַץ און נאָך מיטאָג, זײַענדיג אַרומגענומען מיט אַ גרויסער סוויטע, איז ער אַרויסגעפֿאָהרען צום מיליטער, וועלכעס האָט געהאַט דעם לאַגער נעבען מעמפֿיס און צוגעקוקט דעם מושטרירען.

און די גרעסטע ענדערונגען זײַנען פֿאָרגעקומען אין די ענינים פֿון מיליטער.

אין משך פֿון נישט גאַנצע צוויי חדשים, האָט דער

הײליגער פּרעה געגרינדעט פינף נײַע פּאָלקען. גאָר נײַ זענען די פּאָלקען נישט געװען. זײ האָבען פריהער עקזיס־טירט, נאָר װען זײן פאָטער איז אַלט געװען, זענען זײ אונטערגעברענגט געװאָרען. ער האָט אָבגערוקט די אָפּי־צירען, װעלכע האָבען געשכור'ט און אויך די, װעלכע האָבען געקװעהלט די סאָלדאַטען.

אין די ביוראָס פון קריעגס־מיניסטעריום האָט ער אַרײַנגעפיהרט זײַנע פּעהיגסטע אַדיוטאַנטען, װעלכע האָבען זעהר גיך זיך בעקאַנט געמאַכט מיט די װיכטיגסטע דאָ־קומענטען, װעגען דער אַרמעע. ער האָט געהײסען צונויפ־שטעלען אַ רשימה פון אַלע מענער, װעלכע האָבען געהערט צו דעם מיליטערס־שטאַנד און שוין פיעל יאָהרען האָבען זײ אין מיליטער נישט געדיענט. ער האָט געגרינדעט צװײ נײַע אָפּיצירען־שולען פאַר קינדער פון צװעלף־יעהריגע אָן.

קײן שום אָבטײלונג פון מיליטער האָט נישט גע־טאָרט װאָהנען אין דאָרף, נאָר אין קאַזאַרמען אָדער אין דער מחנה. יעדער פּאָלק האָט געהאַט אַ בעשטימטען פּלאַץ אויף איבונגען, אויף װעלכע מען האָט דעם גאַנצען טאָג געשלײַדערט שטײנער אָדער געשאָסען מיט בויגענס צו פּאַנצערס.

עס איז אויך אַרויסגעגעבען געװאָרען אַ פעראָרדנונג צו די פּאַמיליעס פון מיליטערס־שטאַנד, אַז אַלע מענער זאָלען זיך לערנען שיסען אונטער דער לײַטונג פון אָפּיצי־רען און הויפּטמענער פון דער רעגולערער אַרמעע. די פער־אָרדנונג איז באַלד אויסגעפיהרט געװאָרען, דאַדורך האָט מצרים אויסגעזעהן צװײ חדשים נאָך רעמסס דעם צװעלפ־טענס טויט — װי אַ מחנה מיט מיליטער.

אָרום אפילו די קינדער פון שטעדט און דערפער, וועלכע האבען זיך ביז דאמאלס געשפּיעלט אין כהנים און שרייבער, האבען זיך אנגעהויבען שפּיעלען אין סאלדאטען. בכן אויף יעדען פּלאץ, אין יעדען גארטען זענען גאנצע טעג געוואָרפען געוואָרען שטיינער און מיט בויגענס איז געשאָסען געוואָרען און די ריכטער האָבען שטענדיג גע- האַט זעהר פיעל אָנקלאגען פון די איינוואָהנער, וועלכע זענען פערוואונדעט געוואָרען איינער פון דעם אנדערן.

און מצרים איז געוואָרען ווי גאר אַ אנדער לאַנד און אַ גרויסע בעוועגונג האָט געהערשט, חאָטש דער טרוי- ער איז אָבגעריכט געוואָרען.

און פרעה אליין איז ביי זיך זעהר שטאַרק געוואָרען, ווהענדיג, אַז די גאנצע מלוכה פּאַסט זיך צו צו זיין ווילען

עס איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען ער איז אויך טרויעריג געוואָרען.

אין דעם טאָג, ווען די באַלזאמירער האָבען אַרויס- געצויגען פון דער מקוה דעם קערפער פון פרעה דעם צוועלפטען, האָט דער גרויסער שאַצמייסטער, אָבגעבענדיג איהם דעם געוועהנליכען ראַפּאָרט, געזאָגט צו איהם:

— איך וויים נישט, וואָס איך זאָל טהון... מיר האָבען אין שאַץ צוויי טויזענד טאַלענטען, און אויף דער לויה פון דעם געשטאָרבענעם פרעה דאַרף מען אַמווענינגסטענס טויזענד טאַלענטען.

— צוויי טויזענד טאַלענטען! — האָט זיך פרעה גע- וואונדערט — ווען איך האָב איבערגענומען די מלוכה, האָסט דו געזאָגט, אַז מיר האָבען צוואַנציג טויזענד...

— מיר האָבען אויסגעגעבען אַכצעהן טויזענד...

— אין צווייַ חדשים האָט מען אויסגעגעבען אַזוי פיעל געלד?

— מיר האָבען געהאַט גרויסע אויסגאַבען...

— אמת — האָט פרעה געענטפערט — יעדען טאָג קומען דאָך אָבער צו נייַע אָבצאָהלונגען...

— אָבצאָהלונגען — האָט דער שאַצמייַסטער געענטפערט — איך ווייס נישט פאַר וואָס עס קומען ווידער אַ ווענינגער אָבצאָהלונגען, ווי איך האָב גערעכענט. די אָבצאָהלונגען, וועלכע זענען אָנגעקומען, זענען אָבער אויך אויסגעגעבען געוואָרען. דו, הייליגע פרעה, מוזט דאָך געדענקען, אַז מיר האָבען פינף נייַע פאָלקען. בכן האָבען לערך אַכט טויזענד מענשען אוועקגעוואָרפען זייערע באַשעפטיגונגען און זיי לעבען פון דער מלוכה...

פרעה האָט זיך פערטראַכט.

— מיר מוזען — האָט ער געזאָגט — נעהמען אַ נייַע הלואה. שמועס וועגען דעם מיט הרהור'ן און מפרי[illegible]ן, אפשר וועלען זיי נעהמען פון די בית־מקדש'ים און אונז געבען.

— איך האָב שוין יוענען דעם געשמועסט... זיי ווילען נישט געבען.

— די נביאים שפּירען זיך בעליידיגט!... האָט פרעה געשמייכעלט — אויב אַזוי מוזען מיר רופען די נעצענדיענער שיק מיר דגונ'ען.

פאַר נאַכט אי[illegible]ן געקומען צו פרעה'ן. ער איז געפאַלען מיט'ן פנים צו דער ערד פאַר פרעה'ן און האָט איהם געשענקט אַ גאָלדענעם בעכער, וועלכער איז געווען אויסגעזעצט מיט טייַערע שטיינער...

— איצט מעג איך שוין שטארבען!... האט דגון אויסגעשריען — ווען מיין גנעדיגער הערשער איז שוין ארויף אויף דעם טראן.

— נאר איידער דו וועסט שטארבען — האט פרעה געזאגט צו דעם קניענדען דגון — גיב מיר עטליכע טויזענד טאלענטען.

דגון האט א ציטער געטהון און אפשר האט ער זיך גאר געמאכט ציטערן.

— היים מיך בעסער, הייליגער פרעה, זוכען פערל אין נילוס — האט דגון געזאגט — ווארום אויב איך וועל זוכען פערל אין נילוס, וועל איך באלד אומקומען און מיין הערשער וועט מיך נישט חושד זיין, אז איך וויל איהם ישט געבען... אזא גרויסע סומע געלד, פון וואנען וועל איך היינט בעקומען?...

רעמסס דער דרייצעהנטער האט זיך געוואונדערט.

— די פעניציאנער האבען שוין פון מיינעט וועגען קיין געלד נישט? — האט ער געפרעגט.

— דאס בלוט און לעבען אונזערס און אונזער קינדערס וועלען מיר אבגעבען פאר דיר, הייליגער פרעה — האט דגון געזאגט — אבער געלד... פון וואנען וועלען מיר נעהמען געלד?...

א מאל האבען אונז די בית-מקדש'ס געפלעגט באר-גען געלד אויף פופצעהן אדער צוואנציג פראצענט יעהר-ליך. נאר זייט זיי דו ביזט געווען, נאך אלס קרוינפרינץ, אין אונזער בית-מקדש התיר, דארט, נעבען פי-בושת, ווילען אונז די כהנים מעהר קיין הלואות נישט געבען.

ווען זיי וואלטען געקענט, וואלטען זיי אונז ארויס-

געטריבּען פֿון מצרים און נאָך מעהר וואָלטען זיי אונז געוואָלט אויסראָטען... וואָס מיר ליידען פֿון זיי!... די פֿויערען אַרבּייטען ווי און ווען זיי ווילען... אויף אָבּצאָהלונגען געבּען זיי דאָס, וואָס עס פֿאַלט זיי אראָבּ פֿון דער נאָז... שלאָגט מען איינעם, בּונטעוועט ער זיך און ווען דער אונגליקליכער פֿעניציאַנער ווענדעט זיך צום געריכט און בּעט, מען זאָל איהם העלפֿען, פֿערשפּיעלט ער, אָדער ער מוז פֿיעל שוחד געבּען.

אונזערע מינוטען אין מצרים זענען געצעהלט!... האָט דגון געזאָגט מיט אַ וויינענדע שטימע.

פּרעה איז טרויעריג געוואָרען.

— איך וועל זיך בּעשעפֿטיגען מיט די זאַכען — און די געריכטען וועלען משפּט'ן. דערווייל מוז איך אָבּער האָבּען לערך פֿינף טויזענד טאַלענטען...

— פֿון וואַנען וועלען מיר נעהמען? ... האָט דגון געזיפֿצט — גיב אונז קונים, וועלען מיר פֿערקויפֿען אַלעס, וואָס מיר האָבּען, אַבּי נאָר דיין בּעפֿעהל צו פֿאָלגען...

— וואו זענען אָבּער פֿערהאַנען די קונים? ... אויסער כהנים, וועלכע שאַצען אָבּ אונזער פֿערמעגען זעהר קליין און וועלען קיין מזומן געלד נישט בּעצאָהלען...

— שיקט קיין צור, קיין צידון... האָט פּרעה געזאָגט — יעדע איינציגע פֿון אייערע שטעדט ווערט דאָך קענען לייהען נישט פֿינף, נאָר הונדערט טויזענד טאַלענטען...

— צור און צידון!... האָט דגון איבּערגעחזר'ט — גאַנץ פֿעניציען זאַמעלט היינט געלד און טייערע שטיינער, אום צו איבּערקויפֿען אַשור... עס דראָהען זיך שוין אַרום אין אונזער לאַנד שלוחים פֿון קעניג אסר און זיי זאָגען.

אַז ווען מיר וועלען יעדעס יאָהר געבען אָבקויף-געלד, וועט זייער מלך מיט זיינע זאַטראַפּען אונז נישט בעדריקען און וועלען אונז נאָך געבען גרעסערע פערדינעסטען, ווי מיר האָבען היינט פון דיר, הייליגער פרעה, און פון מצרים.

פרעה איז בלאַס געוואָרען און האָט געקריצט מיט די צייהנער. דער פעניציאַנער האָט דערזעהן, אַז זיינע ווערטער רופען אַרויס אַ כעס און ער האָט גיך צוגעגעבען:

— איבריגענס, צו וואָס זאָל איך דיר, הייליגער פרעה, צונעהמען צייט מיט מיינע נאַרישע פּלאַפּלען?... דאָ, אין טעמפּעל געפינט זיך דער פירשט חירום... ער וועט אפשר בעסער ערקלערען פון מיר, ער איז דאָך אַ גרויסער חכם און אַ מיטגליעד פון דעם העכסטען ראַטה אין אונזערע שטעדט...

רעמסס איז לעבעדיגער געוואָרען

— ברענג מיר גיך דאָ אַריין חירום'ען — האָט ער געענטפערט — וואָרום דו, דגון, רעדסט מיט מיר נישט ווי אַ באַנקיר, נאָר ווי אַ וויינערין פון די לויות

דער פעניציאַנער איז ווידער געפאַלען מיט'ן פּנים צו דער ערד און האָט געפרעגט:

— צי וואָלט דער גרויסער חירום נישט געקענט באַלד קומען?... עס איז שוין טאַקי שפּעט... ער האָט אָבער אַזוי מורא פאַר די כהנים, אַז ער וויל בעסער ביי נאַכט קומען צו דיר, גרויסער הערשער...

פרעה האָט זיך געביסען די ליפּען. און דאָך האָט ער איינגעשטימט אויף דעם פּראָיעקט. ער האָט געשיקט מיט דעם באַנקיר טוטמאָזיס'ן, אום ער זאָל ברענגען חירום'ען אין פּאַלאַץ אַריין דורך אַ געהיימען איינגאַנג

## זעקסטעס קאפיטעל.

צעהן א זייגער אָוועגד איז חירום געשטאַנען פֿאר פרעה'ן, זייענדיג געקלײדעט אין א טונקעל מלבוש, ווי א העגדלער אין מעטפים.

— וואָס גנב'סט דו זיך אזוי אריין, גרויסער חירום?... האָט איהם פרעה געפֿרעגט — ציִ איז מײן פאלאַץ א תפיסה, אָדער א הויז פֿון מצורעים?...

— אך, הערשער מײנער! — האָט דער אלטער פֿעניציאַנער געזיפֿצט—ווײַט דו ביסט געוואָרען א הערשער אין מצרים, ווערען בעטראַכט פֿאר מערדער אלע, וועלכע האָבען די העזה דיך צו זעהן און נישט איבערצוגעבען דאָס, וואָס דו רעדסט...

— וועמען מוז מען דאָס איבערגעבען מײנע ווערטער?... האָט פרעה געפֿרעגט.

חירום האָט אויפגעהויבען די הענד און די אויגען צום הימעל.

— דו, הײליגער פרעה, קענסט גוט דײנע פײנד!.. האָט ער געענטפֿערט.

— נו, זאָלען מיר נישט שמועסען פֿון די שונאים — האָט פרעה געזאָגט—דו ווײסט דאך, וועגען וואָס איך האָב דיך געהײסען רופֿען. איך וויל, אז דו זאָלסט מיר לײהען עטליכע טויזענד טאלענטען...

חירום האָט אויסגעשריען און זײנע פֿים האָבען זיך אזוי געוואַקעלט, אז פרעה האָט איהם ערלויבט זיך צו זעצען נעבען איהם.

זעצענדיג זיך בעקוועם און אברוהענדיג, האט ער געזאגט:

צו וואס זאלסט דו, היליגער פרעה, זיך לייהען געלד, ווען דו קענסט אליין האבען גרויסע אוצרות?...

— איך ווייס, ווען איך וועל איינגעהמען נינוה — האט איהם פרעה געענטפערט — דאס וועט א מאל געשעהן, נאר דערווייל מוז איך האבען געלד...

— איך רעד ניט פון קיין מלחמה — האט חירום געענטפערט — איך רעד פון א זאך, וואס קען דיר שוין ברענגען גרויסע סומען געלד און שטענדיגע גרויסע הכנסות...

— וואס?

— ערלויב אונז און העלף אונז צו אויסצוגראבען א קאנאל, וועלכער זאל שליסען דעם ים-הגדול מיט דעם רויטען ים...

פרעה האט זיך אויפגעהאפט פון זיין שטוהל.

— דו מאכסט חוזק, אלטער מאן?... האט ער געשריען — ווער וועט אזא גרויסע ארבייט און ווער וואלט געקענט זיך איינשטעלען אין מצרים?... דער ים וואלט דאך אונז פערגאסען...

— וואס פאר א ים?... דער רויטער ים און דער ים-הגדול וועט דאך מצרים ניט פערפלייצען — האט חירום רוהיג געענטפערט — איך ווייס, אז די כהנים-אינזשע-נערען האבען די זאך געפארשט און זיי זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס איז א זעהר גוט געשעפט, דאס בעסטע געשעפט אויף דער גאנצער וועלט... נאר... זיי אליין ווילען דאס געשעפט מאכען... און אפשר ווילען

זיי אליין אויך דאס געשעפט נישט מאכען, אבי נאר פרעה זאל נישט האבען קיין גרעסערע איינקינפטען.

— האסט דו אויף דעם א בעוויז? — האט רעמסס געפרעגט.

— איך האב נישט קיין בעוויז, נאך איך וועל דיר, היילינער הערשער... שיקען אזא כהן, וועלכער וועט דיר די גאנצע זאך ערקלערען מיט בעוויזען און רעכנונגען.

— ווער איז דער כהן?

חירום האט זיך פערטראכט און געזאגט נאך א וויילע:

— וועסט דו מיר פערזיכערן, אז אויסער אונז וועט קיינער פון דעם כהן נישט וויסען?... ער וועט דיר בעסער קענען דינען, ווי איך אליין... ער קען פיעל סודות אין.. פיעל רשעות פון די כהנים...

— איך פערזיכער...

— דער כהן הייסט סמן־תו... ער איז א גרויסער חכם, נאר... ער דארף געלד און איז זעהר שטאלץ... און וויל די כהנים גדולים ערנידריגען איהם, האט ער מיר געזאגט, אז ווען דו, היילינער פרעה, וועסט וועלען, וועט ער צושטערען דעם גאנצען שטאנד פון די כהנים. ווארום ער ווייס פיעל סודות... א, זעהר פיעל...

רעמסס האט זיך פערטראכט. ער האט פערשטאנען, אז דער כהן איז א פעררעטער, ער האט אבער אבגע־שאצט, ווי וויכטיג ער קען זיין פאר איהם.

— יא — האט פרעה געענטפערט — איך וועל מיר איבערלעגען. און דערווייל זאלען מיר זיך פארשטעלען

אז מען קאָן בויען אזא קאנאל: וואָס וועל איך דערפֿון האָבען?

חירום האָט אויפֿגעהויבען די לינקע האנד און אָנגע־הויבען צו רעכענען אויף די פֿינגער:

— קודם כל — האָט ער געזאָגט — וועט פֿעניציע' דיר געבען פֿינף טויזענד טאלענטען פֿון דעם אלטען מס, וואָס דיר קומט.

צווייטענס — וועט דיר פֿעניציען בעצאָהלען פֿאר דער ערלויבניש צו פֿיהרען די ארבייט...

דריטענס — ווען די ארבייט וועט זיך אָנהויבען, וועלען מיר צאָהלען טויזענד טאלענטען יעהרליך און נאָך אזוי פֿיעל טאלענטען, וויפֿיעל מצרים וועט אונז צושטעלען ארבייטער...

פֿיערטענס—פֿאר יעדען איינזשענער פֿון מצרים, וועלען מיר דיר צאָהלען א טאלענט יעהרליך...

פֿינפֿטענס — ווען די ארבייט וועט זיך ענדיגען וועסט דו, הייליגער פרעה, אונז אָבגעבען דעם קאנאל אין ארענדע אויף הונדערט יאָהר און מיר וועלען צאָהלען טוי־זענד טאלענטען יעהרליך.

דאָס איז דען א קליין פֿערדיענסט?... האָט חירום געפֿרעגט.

— און איצט, און היינט — האָט פרעה געזאָגט — וועט איהר געבען די פֿינף טויזענד טאלענטען מס, וואָס מיר קומט?...

— אויב דער אָבמאך וועט היינט געשלאָסען ווערען, וועלען מיר געבען צעהן טויזענד און מיר וועלען דערי...

נאָך דריי טויזענד טאַלענטען אלס אָבצאָהלונג פאַר דריי יאָהר פאַראוים...

רעמסס דער דרייצעהנטער האָט זיך פערטראַכט. די פעניציאַנער האָבען שוין נישט איין מאָל פאָרגעשלאָגען די הערשער פון מצרים, זיי צו געבען, א ערלויבניש צו בויען דעם קאַנאַל און די כהנים האָבען קיינמאָל נישט דער־לאָזט, אז די ערלויבניש זאָל געגעבען ווערען. די חכמים פון מצרים האָבען ערקלערט די פרעה'ס, אז אזא קאַנאַל קען ברענגען א אונגליק אויף מצרים, ווייל דאָס וואַסער פון די ימים וועט פערפלייצען דאָס לאַנד...

חירום האָט אָבער ווידער געזאָגט, אז דאָס קען נישט זיין און אז די כהנים ווייסען גוט, אז דאָס וואַסער וועט נישט קאָנען פערפלייצען דאָס לאַנד...

— איהר זאָגט צו — האָט פרעה דערנאָך געזאָגט — איהר פערשפרעכט צו צאָהלען טויזענד טאַלענטען יעהרליך אין משך פון הונדערט יאָהר. איהר זאָגט, אז דער קאַנאַל, וועלכער וועט אויסגעגראָבען ווערען אין לאַנד, וועט זיין דאָס בעסטע געשעפט אויף דער וועלט. איך קאָן דאָס נישט פערשטעהן און איך בין מודה, אז איך בין חושד...

די אויגען פון דעם פעניציאַנער האָבען געברענט.

— הערר מיינער! — האָט ער געזאָגט — איך וועל דיר אלעס זאָגען. נאָר איך בעשווער דיך און דיין קרוין... אָן דעם שאָטען פון דיין פאָטער, דו זאָלסט קיינעם נישט ענטדעקען דעם סוד. דאָס איז דער גרעסטער סוד פון די כהנים אין מצרים און פון די כשדי'שע כהנים און אויך פון די כהנים אין פעניציען. פון דעם סוד איז אָבהענגיג די צוקונפט פון דער וועלט...

— נו, נו!... חירום!... האָט פּרעה געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— דיר, מלך — האָט דער פעניציאַנער ווייטער געזאָגט — האָבען די געטער געגעבען חכמה, כח און ערעלקייט, בכן ביזט דו אונזער... דו איינער פון אַלע הערשער אויף דער וועלט מעג מען מגלה זיין דעם סוד, ווייל דו איינער קאָנסט מאַכען גרויסע זאַכען... און טאַקי דאַדורך וועסט דו זיך ערווערבען אַזאַ מאַכט, וועלכע קיין שום מענש האָט נאָך נישט געהאַט...

פּרעה האָט אין זיין האַרצען דערשפּירט אַ זיסקייט פון גאוה, נאָר ער האָט זיך בעהערשט.

— לויב מיך נישט — האָט ער געזאָגט — דערפאַר וואָס איך וועל אפשר אַ מאָל טהון, נאָר זאָג מיר: וואָס פאַר אַ פערדיענסט וועט פעניציען האָבען און וואָס וועט מיין מלוכה האָבען פון דעם קאַנאַל, אויב ער וועט אויסגעגראָבען ווערען?

חירום האָט זיך בעסער געזעצט אויף דעם שטוהל און האָט שטיל געזאָגט:

— וויסען זאָלסט דו, הערשער אונזערער, אַז אויף מזרח, דרום און צפון פון אשור און בבל זענען נישט פערהאַנען קיין מדבריות און קיין זומפּען, אין וועלכע עס געפינען זיך משונה'דיגע חיות, נאָר דאָרט זענען רייכע זענדיגע לענדער און מלוכות... די לענדער זענען אַזוי גרויס, אַז דיין פּיעחאָטע, וועלכע איז בעריהמט מיט איהרע מאַרשען, וואָלט געמוזט געהן צוויי יאָהר איידער זי וואָלט געקאָנט קומען צו דער גרענעץ...

רעמסס האָט אויפגעהויבען די ברעמען, וויזענדי

דערמיט, אַז ער ווייס, אַז חירום זאָגט ליגען, נאָר ער ערלויבט איהם צו לייקנען.

חירום האָט לייכט געהויבען די פּלייצעס און ווייטער געזאָגט:

— אויף מורח און דרום פון בבל, נעבען דעם ים הגדול, וואָהנען הונדערט מיליאָן מענשען, וועלכע האָבען מעכטיגע מלכים, כּהנים, וואָס זענען קלענער פון די כּהנים אין מצרים, אַלטע ביכער, געשיקטע בעלי-מלאכות... די פעלקער קאָנען אויסאַרבייטען שטאָף, מעבעל און כּלים, זעהער שענע, ווי די מצריים און זיי האָבען בית-מקדש׳ם אונטער דער ערד, אויף דער ערד, און גרעסער זענען די בית-מקדש׳ם, און העכער, און רייכער פון די בית-מקדש׳ם אין מצרים...

— רעד ווייטער! — האָט זיך פּרעה אָנגערופען. נאָר אָן זיין פּנים האָט מען נישט געקענט דערקענען צי ער איז נייגיריג ווייטער צו הערען, אָדער ער איז אין כּעס געוואָרען הערענדיג דעם שקר.

— אין די לענדער זענען פערהאַנען פּערל, טייערע שטיינער, גאָלד, קופּער... זעלטענע תבואות, בלומען און פּירות... וועלדער, אין וועלכע מען קען בלאָנדזשען גאַנצע חדשים צווישען בוימער, וואָס זענען דיקער פון אייערע זיילען אין די בית-מקדש׳ם און העכער פון פּאַלמען... די בעפעלקערונג אין די נעגענדען איז גוטהערציג... און ווען דו, הייליגער פּרעה, וואָלסט געשיקט דאָרטען צוויי פּאָלקען דיינע, וואָלסט דו געקענט איינגעהמען אַ שטח ערד, אַ גרעסערן פון גאַנץ מצרים און אַ רייכערן פון דיינע אוצרות...

מאָרגען, אויב דו, הײליגער פרעה, וועסט ערלוי-
בען, וועל איך דיר שיקען פראָבען פון דעם שטאָף, וואָס
ווערט דאָרט אויסגעאַרבייטעט, פון דאָרטיגען האָלץ און
בראָנז... איך וועל דיר אויך שיקען צוויי קערנדלעך פון
דאָרטיגען באַלזאַם. ווען אַ מענש שלינגט זיי אַראָב, עפענען
זיך פאַר איהם די טהירען פון אייביגקייט און ער קען דער-
גרייכען צו אַזאַ גליק, וועלכעם נאָר געטער פערמאָגען...

— איך בעט דיך זעהר, שיק מיר מוסטערען פון
זייערע אויסאַרבייטונגען און פון זייער שטאָף — האָט פרעה
געזאָגט — באַלזאַמען, מעגסט דו נישט שיקען!...

— און ווייט, ווייט אויף מזרח-זייט פון אשור —
האָט חירום געזאָגט — זענען פערהאַנען נאָך צוויי לענדער.
אין וועלכע עס וואָהנען 200 מיליאָן מענשען...

— דיר איז אַזוי לייכט צו זאָגען די מיליאָנען!...
האָט פרעה געשמייכעלט.

חירום האָט זיך אַרויפגעלעגט די האַנד אויפ'ן
האַרצען.

— איך שווער — האָט ער געזאָגט — אין די נשמ...
פון מיינע אָבות און אין מיין כבוד, אַז איך זאָג אמת!...

פרעה האָט אָנגעהויבען גלויבען, הערענדיג אַזאַ
שבועה.

— זאָג... זאָג... זאָג ווייטער!... האָט ער בעפ...
לען חירום'ען.

— די לענדער — האָט חירום ווייטער געזאָגט —
זענען זעהר משונהדיג. אין זיי וואָהנען מענשען מיט קרו...
מע אויגען און געלע פנים'ער. די מענשען האָבען ...
הערשער, וועלכען זיי רופען: זוהן פון הימעל. ער האָ...

יועצים, וועלכע זענען נישט קיין כהנים און זיי האבען נישט אזא מאכט, ווי די כהנים אין מצרים...

און דאך זענען די מענשען עהנליך צו מצריים... זיי געבען אב כבוד די פערשטארבענע אבות און בעזארגען זייערע קערפערס. זיי האבען א שריפט, וועלכע איז עהנליך צו אייערע כהנים'ס שריפט... נאר — זיי טראגען מלבושים פון א מין שטאף, וועלכען מען זעהט נישט אין מצרים, זיי האבען סאנדאלען, וועלכע זעהען אוים ווי קליינע בענקלעך און דעם קאפ בעדעקען זיי מיט שפיציגע שאכטלעך... די דעכער פון זייערע הייזער זענען אויך שפיציג...

די מענשען האבען א תבואה, וועלכע איז פרוכט־באהרער פון דעם ווייץ אין מצרים און זיי מאכען פון איהר א משקה, וואס איז שטארקער פון וויין. זיי האבען אויך א מין געוואוקס, וואס זיינע בלעטער מאכען דעם מענש פעט, לוסטיג און ווען מען בענוצט זיי, קען מען זיך בע־געהן אהן שלאף. זיי האבען פאפיער, וועלכעס זיי קענען בעצירען מיט פערשיעדענע בילדער און זיי האבען א מין לעהם, וועלכעס זיי ברענען אוים און דערנאך לייכט עס ווי גלאז און קלינגט ווי מעטאל...

מארגען, אויב דו, הייליגער פרעה, וועסט ערלויבען וועל איך דיר שיקען מוסטער פון די מענשענס אוים־ארבייטונגען...

— דו דערצעהלסט וואונדער, חירום!... האט פרעה געזאגט — איך זעה אבער נישט אין דעם קיין שייכות צו דעם קאנאל, וואס דו ווילסט גראבען...

— איך וועל דיר קורץ ענטפערן — האט דער פע־

ביציאנער געגענטפערט — ווען דער קאנאל וועט זיין אויס-
געגראָבען, וועט דער גאנצער פּלאַט פון מצרים און פון
פעניציען קאָנען דורכפאָהרען פון דאנען אויף דעם רויטען
ים, פון דאָרט פאָהרען ווייטער און אין עטליכע חדשים
וועט ער קענען קומען צו די רייכע לענדער. צו וועלכע
מען קען מיט דער יבשה נישט אָנקומען.

— און צו זעהסט דו נישט, הייליגער פרעה, האָט
ער געזאָגט מיט פינקעלנדע אויגען — די אוצרות, וועלכע
מיר וועלען דאָרט געפינען?... דאָס גאָלד, טייערע שטיי-
נער, תבואות, האָלץ?... איך שווער דיר, הערשער, אז
ווען דער קאנאל וועט פערטיג זיין, וועט דיר לייכטער זיין
צו בעקומען גאָלד, ווי היינט צו בעקומען קופּער. האָלץ
וועט ביליגער זיין פון שטרוי און א שקלאַף — פון א קוה...

ערלויב נאָר, הערשער, אויסצוגראָבען דעם קאנאל
און פערדינג אונז א פופציג טויזענד סאָלדאטען...

רעמסס האָט זיך צוהיצט.

— פופציג טויזענד סאָלדאטען! — האָט ער געזאָגט—
און וויפיעל וועסט דו מיר געבען דערפאַר?...

— איך האָב דיר שוין געזאָגט, הייליגער הערשער...
טויזענד טאלענטען יעהרליך פאַר דער ערלויבניש צו ארביי-
טען און פינף טויזענד פאַר די ארבייטער, וועלכע מיר
אליין וועלען שפּייזען און בעלויהנען...

— און איהר וועט זיי היסען ארבייטען ביז צום
טויט?...

— זאָלען אונז די געטער אָבהיטען פון אזא גע-
דאנק?... האָט חירום אויסגעשריען—וואָס פאַר א געשעפט
וועלען מיר אָן זיי מאַכען, ווען זיי וועלען שטאַרבען?...

דיינע סאלדאטען וועלען נישט מעהר ארבייטען ביים גראבען דעם קאנאל, ווי ביים בויען פעסטונגען אדער וועגען... און ווי געלויבט וועט איהר ווערען! ... וואס פאר איינקינפטען וועט דיין שאץ האבען! ... וואס פאר א נוצען וועט מצרים האבען! ... דער ארימסטער פויער וועט קענען האבען א האלצערן הויז, עטליכע בהמות, כלים און אפשר נאר א שקלאף אויך ... קיין שום פרעה האט נאך נישט אזוי הויך געהויבען די מלוכה און נישט אויסגעפיהרט אזא גרויס ווערק ...

ווארום וואס פאר א ווערט קענען האבען טויטע און אונגרצליכע פיראמידען געגען דעם קאנאל, וועלכער וועט לייכטער מאכען איבערצופיהרען די אוצרות פון דער גאנצער וועלט? ...

— נו — האט פרעה צוגעגעבען — און פונפציג טויזענד סאלדאטען אויף דער מזרח-גרענעץ ...

— נאטירליך! ... האט חירום אויסגעשריען — ביי אזא קראפט, וואס וועט דיך גאר נישט קאסטען, וועט אשור נישט האבען די העזה אויסצוציהען די הענד צו פעניציען...

דער פלאן איז געוועזען אזוי גוט און אזוי פיעל גוטס האט ער געזאלט ברענגען, אז רעמסס האט זיך געשפירט, ווי ער וואלט געוועזען שכור. ער האט דאך געהערשט איבער זיך ...

— חירום! — האט ער געזאגט — שענע האפנונגען גיעסט דו ... זיי זענען אזוי שען, אז איך האב מורא, אז הינטער זיי בעהאלטעסט דו קעפ שלעכטס אויך ... דערווייל

מוז איך זיך גוט בעקלערען די זאך און אויך — א עצה פרעגען די כהנים...

— זיי וועלען קיינמאל נישט מסכים זיין דערצו, אויסער ווען זיי וועלען געצוואונגען זיין!... האט חירום אויסגעשריען — חאטש (זאלען מיר די געטער מוחל זיין מיין לעסטערונג) איך בין זיכער, אז ווען די העכסטע מאכט וואלט היינט איבערגעגאנגען אין די הענד פון די כהנים, וואלטען זיי אין עטליכע חדשים ארום אונז געבעטען, מיר זאלען זיך נעהמען צו דער ארבייט...

רעמסס האט געקוקט אויף איהם מיט א קאלטבלוטיגע פערואכטונג.

— אלטער — האט ער געזאגט — די זארג וועגען דער געהארזאמקייט פון די כהנים לאז איבער, און דו גיב מיר א בעווייז, אז אלעס, וואס דו זאגסט, איז אמת. איך וואלט געווען א זעהר שלעכטער מלך, ווען איך וואלט נישט געקענט אברוקען די שטערונגען. וועלכע וואקסען אויס צווישען מיין רצון און די אינטערעסען פון דער מלוכה...

— דו ביסט טאקי א גרויסער הערשער, מלך אונזערער — האט חירום געזאגט, בוקענדיג זיך ביז צו דער ערד.

עס איז שוין געווען שפעט ביי נאכט. דער פעניציאנער האט זיך געזעגענט מיט פרעה'ן און צוזאמען מיט טוטמאזיס'ן האט ער פערלאזט דעם פאלאץ; צומארגענס האט ער דורך דגוני'ען געשיקט צו פרעה'ן א קאסטען מיט מוסטערען פון די אויסארבייטונגען פון די אונבעוואוסטע לענדער.

פרעה האט געפונען אין דעם קאסטען בילדער פון

נעטער, שטאָף און אינדישע פינגערלעך, קליינע שטיקלעך אָפּיום, אביסעל רייז, טהע-בלעטלעך, עטליכע פּאַרצעלאַנענע שאָלען, וועלכע זענען געווען בעציערט מיט מאָהלערייאון עטליכע צייכנונגען אויף פּאַפּיר געמאַכטע.

ער האָט דאָס אַלעס גוט אָנגעקוקט און ער האָט געמוזט מודה זיין, אז אַזעלכע זאַכען האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געזעהן. רייז, פּאַפּיער, בילדער פון מענשען מיט שפּיציגע היטען און קרומע אויגען — דאָס אַלעס איז איהם געווען גאָר אונבעקאַנט.

ער איז שוין איצט זיכער געווען, אז עס איז פאַרהאַנען עפּעס אַ ניי לאַנד, אין וועלכען אַלעס איז עפּעס אַנדערש, ווי אין מצרים: בערג, בוימער, הייזער שיפען, בריקען...

„און אַזאַ לאַנד עקזיסטירט שוין אודאי הונדערטער יאָהרען — האָט ער זיך געקלערט — אונזערע כהנים ווייסען פון דעם לאַנד און זאָגען קיינעם נישט... זיי זענען פעררעטהער, זיי ווילען בעגרענעצען די מאַכט און פאַראָרמען די פּרעה'ס, אום זיי דערנאָך אַראָבצושטופּען פון זייער טראָן...

אָ! מיינע אָבות און נאָכפאָלגער! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — זייט מיר עדות, אז מיט די נידערטרעכטיגע וועל איך אַ סוף מאַכען. איך וועל אויסראָטען דאָס פאַלשקייט און מצרים וועט ענדליך האָבען מנוחה..."

קלערענדיג אַזוי, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהן פאַר זיך דגונ'ען, וועלכער האָט געוואַרט אויף בעפעהל.

— דיין קאַסטען איז זעהר אינטערעסאַנט — האָט

ער געזאָגט צו דגונ'ען — נאַר... נישט דאָס האָב איך גע-
וואָלט פון דיר.

דגון איז אויף די שפּיצען פינגער צוגעגאַנגען צו
פּרעה'ן און נידערקניענדיג פאַר איהם, האָט ער געזאָגט:

— ווען דו, הייליגער פּרעה, וועסט אונטערשרייבען
דעם אָבמאַך מיט דעם גרויסען חירום, וועלען צור און
צידון לעגען צו דיינע פיס אלע זייערע אוצרות...

רעמסס האָט די ברעמען צונויפגעצויגען. די חוצפּה
פון די פעניציאַנער איז איהם נישט געפעלען געוואָרען. זיי
זאָלען האָבען די העזה איהם צו שטעלען בעדינגונגען!...

— איך וועל מיר בעקלערען — האָט ער קאַלט-
בלוטיג געזאָגט — און איך וועל חירום'ען געבען אַ ענט-
פער דו קענסט אוועקגעהן, דגון.

ווען דער פעניציאַנער איז אוועקגעגאַנגען, האָט זיך
רעמסס ווידער פערטראַכט.

„די הענדלער — האָט ער צו זיך געזאָגט — בע-
טראַכטען מיר פאַר איינעם פאַר זיך... האַ! ... זיי האָבען
די העזה מיר צו ווייזען פון ווייטענס אַ זאַק מיט גאָלד
אום מיך צו נויטען, איך זאָל אונטערשרייבען דעם אָב-
מאַך!... ציי האָט זיי נאָך איין פּרעה ערלויבט, זיי זאָלען
צו איהם אַזוי דרייסט זיין?...

דאָס מוז געענדערט ווערען. מענשען, וועלכע פאַ-
לען אויף די פּנים'ער פאַר די שליחים פון אסר'ן, דאַרפען
נישט צו זאָגען צו מיר: „שרייב אונטער, וועסט דו בע-
קומען..." די נאַרישע פעניצישע מיי, וועלכע האָבען זיך
אריינגעגנב'עט אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, בעטראַכטען
איהם אלס זייער שטאַל!..."

וואס לענגער ער האט געקלערט, וואס מעהר האט ער זיך דערמאהנט די אויפפיהרונג פון חירום'ען און דגונ'ען, אלץ שטארקער איז זיין כעס געווארען.

„אזא חוצפה!... אזא העזה!... זיי שטעלען מיר בעדינגונגען!..."

— טוטמאזים... האט ער געשריען.

באלד האט זיך זיין בעליעבטער געשטעלט פאר איהם.

— וואס הייסט דו מיך טהון, הערשער מיינער?

— שיק איינעם פון די יונגערע אפיצירען צו דגונ'ען ער זאל איהם מודיע זיין, אז ער הערט אויף צו זיין מיין באנקיר. אזא גרויסע שטעלונג פאסט גאר נישט פאר איהם...

— ווענען ווען ווען דו בעשטימען אויף דער שטעלונג?

— איצט ווייס איך נאך נישט... מען וועט דארפען עמיצען געפינען צווישען די סוחרים פון מצרים אדער גרי. בענלאנד.. אויב מיר וועלען ביי זיי נישט בעקומען קיין געלד, וועלען מיר זיך ווענדען צו די כהנים...

די ידיעה איז באלד בעוואוסט געווארען אין דעם קעניגליכען פאלאץ און באלד דערנאך — אין גאנץ מעמפיס. אין דער גאנצער שטאדט האט מען דערצעהלט, אז פרעה קען שוין נישט ליידען די פעניציאנער און אוועגד-צייט האט דאס פאלק שוין אנגעהויבען צו צעהאקען די קראמען פון די אויסלענדער.

די כהנים האבען פרייער געאטהעמט. הרהור איז באלד געגאנגען צו דעם הייליגען מפרים און איהם געזאגט:

— מײַן הארץ האָט געשפּירט, אַז אונזער הערר װעט זיך אַװעקװענדען פֿון די געצענדיענער, װעלכע טרינ־קען דאָס בלוט פֿון אונזער פֿאָלק... איך רעכען, אַז מיר דאַרפֿען איהם װײַזען אונזער דאַנקבאַרקײַט.

— און אפשר זאָלען מיר איהם גאָר עפֿנען די טהי־רען פֿון אונזערע אוצרות? — האָט דער הײליגער מפרים געענטפֿערט מיט שטרענגקײַט — אײַל זיך נישט, גרויסער הרהור... איך האָב שוין דערקענט דעם יונג און — װעה צו אונז — אויב מיר װעלען איהם ערלויבען צו הערשען איבער אונז...

— און װען ער װאָלט אַרויסגעטרעטען געגען די פֿעניציאַנער?...

— װעט ער אַלײן דערבײַ פֿערדיענען, װאָרום ער װעט זײ די חובות נישט בעצאָהלען — האָט מפרים גע־ענטפֿערט.

— מײַן מײנונג איז — האָט הרהור נאָך אַ װײַלע געזאָגט — אַז איצט איז די צײַט, װען מיר קענען געװינען צוריק דאָס הארץ פֿון פּרעה. װען ער איז אין כעס איז ער אין כעס, אָבער דאַנקבאַר קען ער זײַן... צװײטענס װעט ער קײנמאָל נישט זײַן קײן אמת'ער פּרעה, װײַל ער װיל גאָר נישט װערען קײן כהן־גדול.

און אויסער דעם, דאַרפֿען מיר דאָך נישט זײַנע חסדים, נאָר ער דאַרף אונזערע טובות, און דעם גנאָד פֿון די געטער, װעלכע ער שעצט גרינג אויף יעדען טריט!...

מפרים האָט געסאָפּעט פֿון כעס און נאָך אַ װײַלע האָט ער געענטפֿערט:

— אַ חודש איז ער געװען אין דעם בית־מקדש התור,

ער האָט געהערט די גרעסטע קלונשאַפט און באַלד דערנאָך האָט ער זיך געשלאָסען מיט די פעניציאַנער... ער איז געוועזען אין דעם טעמפעל פון עשתרות און פון דאָרט האָט ער זיך גענומען א כהנת...

דערנאָך האָט ער עפּענטליך געלאַכט פון מײַן פרומקײט... האָט געמאַכט א פערשווערונג מיט אַזעלכע לײַבטזיניגע, ווי ער אַלײן איז און מיט דער הילף פון די פעניציאַנער האָט ער אַרויסגעגנב'עט סודות פון אונזער בית-המקדש... און ווען ער איז אַרויף אויף דעם טראָן, פעראַכטעט ער די כהנים, בונטעווען די פויערען און די סאָלדאַטען און פיהרט ווײַטער אונטערהאַנדלונגען מיט די פעניציאַנער...

ציי האָסט דו, גרויסער הרהור, פערגעסען דאָס אַלעם? ... און אויב דו געדענקסט, צי פערשטעהסט דו נישט די סכנה? ... ער האָט דאָך אונטער זײַן האַנד דעם רודער פון דעם מלוכה-שיף, וועלכעס שווימט צווישען פעלזען. ווער קען מיר פערזיכערן, אַז דער משוגענער, וועלכער האָט נעכטען גערופען צו זיך די פעניציאַנער און הײַנט האָט ער זיך מיט זיי צוקריגט, וועט מאָרגען נישט טהון אַ אַנדערן שגעון, וועלכער וועט אומברענגען די גאַנצע מלוכה? ...

— בכן... וואָס? ... האָט הרהור געפרעגט, קוקענדיג מפרים'ן אין די אויגען.

— איצט דאַרפען מיר איהם קײַן דאַנקבאַרקײַט נישט צו ווײַזען... און ווײַל ער וויל דורכאויס געלד, וועלען מיר איהם קײַן געלד געבען!...

— און דערנאָך וואָס וועט זײַן ?... האָט הרהור געפרעגט.

— דערנאָך וועט ער זיך הערשען איבער דער מלוכה און פערגרעסערען די אַרמעע אָהן געלד — האָט דער צו־רײַצטער מפרים געענטפערט.

— און אויב זײַן הונגעריגע אַרמעע וועט וועלען די אַרמעע בערויבען ?.. האָט הרהור געפרעגט.

— חאַ!... חאַ!... חאַ!... האָט מפרים הויך געלאַכט.

פלוצלונג איז ער ערנסטער געוואָרען און בוקענדיג זיך, האָט ער געזאָגט מיט אַ איראָנישען טאָן:

— דאָס געהער שוין צו דיר, הײַליגער מאַן... ווער עס האָט אַזוי פיעל יאָהר ווי איהר געהערשט איבער דער מלוכה, האָט בעדאַרפט זיך פאַרבערײַטען צו דעם געפאַהר.

— זאָלען מיר אַ ווײַלע גלויבען — האָט הרהור לאַנג־זאַם געזאָגט — זאָלען מיר גלויבען, אַז איך וואָלט געפו־נען מיטלען געגען דעם געפאַהר, וועלכעס שטעהט פאַר דער מלוכה. אָבער דו, צי קענסט דו, עלטסטער כהן, אָבהאַלטען די פעראַכטונג, וועלכע שטעהט פאַר די כהנים און די בית־מקדש׳ס?

אַ ווײַלע האָבען זיי בײַדע זיך געקוקט אין די אויגען.

— דו פרעגסט: צי איך וואָלט געקענט? — האָט מפרים געזאָגט — צי איך וועל קענען? — די געטער האָבען אין מײַן האַנד אַרײַנגעלעגט אַ דונער, וועלכער וועט רואינירען און אויסראָטען יעדען, וואָס וועט וועלען פערשוואַכען די הײַליגקײַטען

— גו, — האָט הרהור שטיל געזאָגט — זאָל אַזוי זײַן! ...

— מיט דער הסכמה. אָדער אָהן דער הסכמה פֿון דעם העכסטען ראַט — האָט מפרים ווײַטער געזאָגט — ווען דאָס שיפֿעל דרעהט זיך אום, האָט מען קיין צײַט נישט צו שמועסען מיט די שיפֿפֿיהרער.

זײַ זענען זיך פֿונאַנדער געגאַנגען אין אַ טרויעריגע לאַגע. דעם זעלבען טאָג פֿאַר נאַכט, האָט זײַ פּרעה גע־לאָדענט צו זיך.

זײַ זענען געקומען צו פּרעה'ן אין דער בעשטימטער צײַט, יעדער בעזונדער. זײַ האָבען זיך טיעף געבוקט און יעדער איז געשטאַנען אין אַ בעזונדער ווינקעל, נישט קוקענ־דיג אויפֿ'ן אַנדערן.

„צי האָבען זײַ זיך צוקריגט? — האָט פּרעה זיך גע־קלערט — דאָס שאַדט נישט..."

באַלד דערנאָך זענען אַנגעקומען דער הײליגער שם און דער נביא פּענטוער. רעמכס האָט זיך דאַן געזעצט אויף זײַן הויכען שטוהל, די כהנים האָט ער געהײסען זיך זעצען אויף נידריגע שטוהלען געגען זיך און האָט געזאָגט:

— הײליגע נביאים! איך האָב אײַך ביז איצט נישט צונויפֿגערופֿען אויף אַ בעראַטונג, ווײַל אַלע מײַנע בע־פֿעהלען זענען ביז איצט נאָר געווען װעגען די ענינים פֿון מיליטער...

— דו, הײליגער פּרעה, האָסט געהאַט דאָס רעכט אונז נישט צו רופֿען — האָט זיך הרהור אַנגערופֿען — און אַרויסצוגעבען בעפֿעהלען.

— איך האָב אין דער קירצער צײַט געטהון, וואָס

איך האָב געקענט, אום צו שטאַרקען די קרעפטע פון אונ־זער שוץ. איך האָב געגרינדעט צוויי נייע אָפיצירען־שולען און צוריק אויפגעלעבט פינף פאָלקען, וועלכע זענען פריהער אונטערגעבראָכען געוואָרען..

— דו האָסט געהאַט דאָס רעכט — האָט מפרים געזאָגט...

— וועגען אנדערע אויסבעסערונגען אין מיליטער, רעד איך שוין נישט, ווארום איך, הייליגע מענשען, געהען נישט אָן אַזעלכע זאַכען...

— דו ביסט גערעכט, הערשער — האָבען געענט־פערט מפרים און הרהור.

— עס איז אָבער פערהאַנען אַ אנדער זאך — האָט פרעה געזאָגט, זייענדיג צופריעדען דערמיט, וואָס ביידע כהנים זענען מסכים צו זיין אויפפיהרונג — עס קומט אָן דער טאָג פון געטליכען פאָטערס לויה און דער אוצר פון דער מלוכה האָט נישט אויף הוצאות...

מפרים האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— אָזיריס־מר־אמן־רעמסס — האָט ער געזאָגט — איז געוועזען אַ רעכטשאַפענער הערשער, וועלכער האָט פערזי־כערט זיין פאָלק אַ פיעליעהריגען שלום און די געטער — לויב. ערלויב אַלזאָ, הייליגער פרעה, אז די לויה זאָל גע־מאַכט ווערען אויף די הוצאות פון די בית־מקדש'ס.

רעמסס דער דרייצעהנטער האָט זיך געוואונדערט און איז גערירט געוואָרען פון דעם כבוד, וואָס מפרים גיעט אָב זיין פאָטער. אַ ווייל האָט ער געשוויגען, נישט קענענדיג געפינען קיין תשובה, ענדליך האָט ער גע־ענטפערט:

— איך בין אײַך זעהר דאַנקבאַר פֿאַר דעם כבוד, וואָס איהר גיעט אָב מײַן פֿאָטער, וועלכער איז גלײַך צו געטער. איך ערלויב, איהר זאָלט מאַכען די לויה אויף די הוצאות פֿון בית-מקדש און איך דאַנק אײַך נאָך אַ מאָל ...

ער האָט אין מיטען אָבגעהאַקט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האַנד, ווי ער וואָלט מיט זיך זעלבסט געפֿיהרט אַ קאַמפּף. פּלוצלונג האָט ער אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ; זײַן פּנים איז לעבהאַפֿטיג געוואָרען, די אויגען האָבען איהם געבליצט.

— איך בין געריהרט — האָט ער געזאָגט — מיט דעם בעווײַז פֿון אײַער איבערגעגעבענהײַט, הײליגע מענער. אויב די אָנדענקונג פֿון מײַן פֿאָטער איז בײַ אײַך אַזוי מײַער, קענט איהר דאָך נישט זײַן קאַלטבלוטיג צו מיר ...

— צי קענסט דו, הײליגער פּרעה, האָבען אַ ספק אין דעם? — האָט זיך אָנגערופֿען דער כהן-גדול שם.

— דו זאָגסט אמת — האָט פּרעה ווײַטער געזאָגט— נישט גוט איז געווען פֿון מײַן זײַט, וואָס איך האָב אײַך חושד געווען, אַז איהר זענט מיר שונאים... איך וויל אָבער דאָס פֿעררינבטען, דאַדורך וועל איך זײַן אָפֿענהערציג.

— זאָלען די געטער דיך בענשען, הײליגער פּרעה!... האָט הרהור געזאָגט —

— איך וועל זײַן אָפֿענהערציג. מײַן געטליבער פֿאָטער האָט צוליעב זײַן עלטער, קראַנקהײַט, און אפשר צוליעב דעם, וואָס ער איז געווען אויך אַ כהן-גדול—נישט געקענט אָפּפֿיהרן די אָנגעלעגענהײַטען פֿון דער מלוכה אַזוי

פיעל צייט און קרעפטען, וויפיעל איך. איך בין יונג, געזונד, פריי, וויל איך אליין הערשען. ווי א אָנפיהרער פון מיליטער מוז פיהרען די אַרמעע אויף זיין אייגענע פעראַנטוואָרטליכקייט און לויט זיין אייגענעם פּלאַן, אַזוי וועל איך אַליין פיהרען די מלוכה. דאָס איז מיין בפירוש'ער רצון און פון דעם וועל איך נישט אָבטרעטען.

איך פערשטעה אָבער, אַז ווען איך וואָלט אפילו געווען זעהר ערפאַהרען, וועל איך זיך נישט קענען בע־געהן אָהן טרייע דיענער און קלוגע יועצים. און דאַדורך וועל איך אייך אַ מאָל פרעגען אַ עצה וועגען פערשיעדענע זאַכען...

— צו דעם זענען מיר דאָך טאַקי אַ העכסטער ראַט ביי דעם טראָן פון אייער הייליגקייט — האָט זיך הרהור אָנגערופען.

— טאַקי אַזוי — האָט פּרעה געזאָגט — איך וועל זיך בענוצען מיט אייער הילף, אפילו שוין איצט, באַלד..

— בעפעהל אונז, הערשער — האָט הרהור געזאָגט

איך וויל פערבעסערן די לאַגע פון מיין פאָלק, נאָר ווייל אין אַזעלכע ענינים, ווען מען ווירקט צו גיך, קען מען די זאַך שאַדען. דאַדורך גיב איך אין אָנפאַנגס אַ קליינינקייט: נאָך זעקס טעג אַרבייטען — איין טאָג רוהע.

— אַזוי איז געווען אין דער גאַנצער צייט, ווען די אַכצעהנטע דינאַסטיע האָט געהערשט... דאָס געזעץ איז אַלט, ווי מצרים — האָט זיך פענטוער אָנגערופען.

— ווען יעדער אַרבייטער וועט רוהען יעדען זיעבענ־טען טאָג, וועט ער דאַרפען אָהן נישט אַרבייטען פונפציג

טעג און זײַן בעל־בית װעט היזק האָבען פונפציג דראַכמען ... האָט מפרים געזאָגט — מיר האָבען דאָס שױן בערעכענט אין די בית־מקדש'ם !... האָט ער צוגעגעבען .

— יאָ, טאַקי יאָ — האָט פּענטוּער געענטפערט — היזק װעט מען האָבען, אָבער נאָר דאָס ערשטע יאָהר. װאָרום װען דאָס פאָלק װעט זיך שטאַרקען זײַנע קרעפטען װעט עס שפּעטער אַרבײַטען מיט פּראָצענט דעם היזק פון דעם יאָהר ...

— אמת — האָט מפרים געענטפערט — מען דאַרף דאָך אָבער האָבען צעהן טױזענד טאַלענטען אױפ'ן ערשטען יאָהר. איך מײַן אָבער, אַז אפילו צװאַנציג טױזענד טאַלענטען װעלען אױך נישט קלעקען ...

— דו ביזט גערעכט, גרױסער מפרים — האָט פרעה זיך אָנגערופען — פּײַ די ענדערונגען, װעלכע איך װיל אײַנפיהרען אין מײַן מלוכה, װעלען צװאַנציג און אפילו דרײַסיג טױזענד טאַלענטען נישט זײַן צו פיעל ...

און דאַדורך — האָט ער גיך צוגעגעבען — װעל איך דאַרפען היִלף פון אײַך, הײַליגע מענער ...

— יעדען רצון פון דײַן הײַליגקײַט זענען מיר בערײַט צו שטיצען מיט תפלות און פּראָצעסיעס — האָט מפרים געזאָגט .

— אדרבה, זײַט מתפלל און מאַכט דעם פאָלק א חשק צו דעם, װאָס איך פערלאַנג. אָבער אױסער די תפלות, גיט דער מלוכה דרײַסיג טױזענד טאַלענטען... האָט פרעה געענטפערט .

די כהנים גדולים האָבען געשװיגען. פרעה האָט גע-

ווארט אַ ווײַלע און ענדליך האָט ער זיך געווענדעט צו הרהור'ן:

— דו שווײַגסט, גרויסער מאַן?

— דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, הײַליגער פּרעה, אַז דער אוצר פון דער מלוכה האָט נישט קיין פאָנד אויף דער לויה פון אָזיריס־מר־אמן רעמסס. איך קען אפילו גאָר נישט וויסען, פון וואַנען מיר וואָלטען געקענט איצט בעקומען דרײַסיג טויזענד טאַלענטען...

— און די אוצרות פון די בית־מקדש'ם?

— די אוצרות געהערען צו די געטער, וועלכע מען מעג ריהרען. נאָר ווען די מלוכה געפינט זיך אין אַ אמת'ן נויט — האָט מפריס געענטפערט.

רעמסס דער דרײַצעהנטער איז אַרײַנגעפאַלען אין אַ שרעקליכען כעס.

— איך בעדאַרף דרײַסיג טויזענד טאַלענטען! — האָט ער געשריען, האַקענדיג מיט די פויסטען אָן טיש.

— דו, הײַליגער פּרעה, קענסט אין משך פון יאָהר בעקומען מעהר פון דרײַסיג טויזענד און מצרים מעהר פון זעכציג טויזענד... האָט מפריס געענטפערט.

— ווי אַזוי?

— די זאַך איז גאָר פשוט — האָט מפריס געענט־פערט — הײַם אַרויסיאָגען פון לאַנד די פעניציאַנער...

פּרעה איז בלאַס געוואָרען. דאָס מויל האָט איהם געציטערט און די אויגען זענען איהם רויט געוואָרען. אין איין מינוט האָט ער אָבער זיך בעהערשט און האָט מיט אַ רוהיגען טאָן געזאָגט:

— נו, גענוג... אויב איהר קענט מיר געבען נאָר

אזעלכע עצות, וועל איך זיך אהן אייך בעגעהן .. די פּע־ניציאנער האבען דאך אונזערע אונטערשריפטען, אז מיר וועלען זיי בעצאהלען אונזערע חובות ... דאס געדענקסט דו נאר נישט, מפרים?

— איך האב טאקי פערגעסען, ווייל אנדערע גע־דאנקען האבען מיר דעם קאפ פערנומען. דיינע אבות האבען נישט אויף פאפירוסען, נאר אויף בראנז און שטיי־נער האבען זיי אויסגעשניצט, אז די מתנות, וואס זיי גע־בען די געטער און די בית־מקדש׳ס, וועלען אייביג געהע־רען נאר צו די געטער און די בית־מקדש׳ס.

— און צו אייך! — האט פרעה געזאגט מיט ליצנות.

— זיי געהערען אזוי צו אונז — האט דער כהן־גדול געענטפערט מיט חוצפה — ווי די מלוכה געהער צו דיר, הערשער! מיר היטען די אוצרות און מיר פערמעהרען זיי, אבער זיי צו פערשווענדען — האבען מיר נישט דאס רעכט.

רעמסס האט מיט כעס פערלאזט די פערזאמלונג און איז ארייַן אין זיין קאבינעט. גאנץ קלאר האט ער דאמאלס געזעהן זיין לאגע.

ער האט שוין קיין ספק נישט געהאט, אז די כהנים זענען איהם שונאים. זיי זענען דאך די זעלבע בעלי־גאוה׳ניקעס, וועלכע האבען איהם פאר א יאהר נישט געגעבען דעם קארפּוס מענפי און זיי האבען איהם געמאכט פאר א שני־למלך ערשט ווען זיי האבען געמיינט, אז ער האט שוין תשובה געטהון און איז ארוים פון פאלאץ. די זעלבע, וועלכע האבען קאנטראלירט יעדע בעוועגונג זיינע, אבגע־געבען ווענען איהם ראפּארטען, אבער ווענען דעם אבמאך

מִיט אשור, האָבּען זײ אִיהם אפילו נִישט געזאָגט. זײ זענען דאָך די זעלבּע, וואָס האָבּען אִיהם גענאַרט אִין בית־מקדש התור און אִין דער מדבר האָבּען זײ אויסגעהרג'עט די געפאַנגענע, וועלכע ער האָט פערשפּראָכען צו לאָזען לעבּען.

פרעה האָט זִיך דערמאָהנט דאָס בּוקען זִיך פון הרהור'ן, די בּלִיקען פון מפרִיס'ן און דעם טאָן פון זײ בּײדע. יעדע ווײלע האָבּען זײ געוויזען, אַז זײ זענען מעכטִיג און ער אִיז שוואַך געגען זײ... ער דאַרף געלד און זײ ווִילען אִיהם געבּען תפלות... זײ האָבּען נאָך די העזה אִיהם אויך צו זאָגען, אַז נישט ער אלײן הערשט אִין מצרים...

דער יונגער פרעה האָט געשמײכעלט. ער האָט זִיך געקלערט, אַז זײ זענען גלײך צו גערונגענע פאַסטוכער, וועלכע זאָגען דעם אײגענטהִימער פון די סטאַדעס, אַז ער האָט נִישט דאָס רעכט צו טהון מִיט די סטאַדעס, וואָס ער ווִיל!...

דאָס אִיז אָבער נִישט אַזוי לעכערלִיך געוועזען. אִין אוצר פון מלוכה אִיז געוועזען אפשר עטלִיכע טויזענד טאַ־לענטען, וועלכע האָבּען געקאָנט קלעקען אויף צעהן טעג. און וואָס וועט זײן דערנאָך? ווי וועלען זִיך האַלטען די בּעאַמטע און דאָס מִילִיטער, ווען זײ וועלען לײדען הונגער?...

די כּהנים גדולים קענען גוט די לאַגע פון פרעה'ן און אויבּ זײ העלפען אִיהם נִישט אַרוים, ווִילען זײ אִיהם אַ סוף מאַכען, גִיך, נאָך פאַר דער לויה פון זײן פאָטער.

רעמסס האָט זִיך דערמאָהנט אַ געוויסען פאַרפאַל פון זײנע קינדער־יאָהרען.

עֶר אִיז גֶעוועֶן אִין דעֶר שוּלֶע פוּן דִי כּהנים, אוּן דאַמאָלס האָט מעֶן גֶעבּראַכט דעֶם בּעֶריהמטסטעֶן לץ פוּן מצרים אוֹיף דעֶם יוֹם-טוֹב פוּן דעֶר גֶעטִין מוּת.

דעֶר לץ האָט פאָרגֶעשטעֶלט אַ אוּנגלִיקלִיכעֶן גבּור. ווען עֶר האָט גֶעהייסעֶן, האָט מעֶן אִיהם נִישט גֶעפאָלגט, אוֹיף זיין כּעס, האָט מעֶן גֶעעֶנטפעֶרט מִיט אַ גֶעלעֶכטעֶר, אוּן ווען עֶר האָט גֶעכאַפּט דִי האַק מִיט כּעס, אוּם צוּ בּעֶשטראָפעֶן דִי, וואָס פאָלגעֶן אִיהם נִישט, האָט זִיךְ אִיהם דִי האַק צוּבּראָכעֶן אִין דעֶר האַנד.

עֶנדלִיךְ האָט מעֶן אַרויסגֶעלאָזט אַ לייבּ אוֹיף אִיהם אוּן ווען עֶר האָט אָנגֶעהוֹיבּעֶן צוּ עֶנטלוֹיפעֶן, האָט זִיךְ דעֶרווִיזעֶן, אַז נִישט אַ לייבּ יאָגט אִיהם, נאָר אַ חַיִר אִין אַ פעֶל פוּן אַ לייבּ.

דִי שִילעֶר אוּן דִי לעֶהרעֶר האָבּעֶן גֶעלאַכט, נאָר דעֶר קלײנעֶר קרוֹינפּרִינץ אִיז טרוֹיעֶרִיג גֶעוואָרעֶן. אִיהם אִיז אַ שאָד גֶעוועֶן דעֶם מעֶנש, וועֶלכעֶר האָט זִיךְ גֶערִיסעֶן צוּ גרוֹיסעֶ זאַכעֶן אוּן אִיז גֶעפאַלעֶן אַזוֹי נִידרִיג, אַז יעֶדעֶר האָט פוּן אִיהם לֵיצָנוּת גֶעמאַכט.

דִי סצעֶנעֶ אוּן דאָס גֶעפִיהל פוּן דאַמאָלס האָבּעֶן זִיךְ דעֶרוועֶקט היינט אִין זיינעֶ גֶעדאַנקעֶן.

— פאַר אַזאַ גבּור ווִילעֶן זײ מִיךְ מאַכעֶן!... האָט עֶר צוּ זִיךְ אַליין גֶעזאָגט.

עֶר אִיז פעֶרצווײפעֶלט גֶעוואָרעֶן, וואָרעֶן עֶר האָט גֶעשפִּירט, אַז ווען עֶר וועט אוֹיסגֶעבּעֶן דעֶם לעֶצטעֶן טאַלעֶנט וועט זִיךְ עֶנדִיגעֶן זיין מאַכט, אוּן צוּזאַמעֶן מִיט דעֶר מאַכט — זיין לעֶבּעֶן.

בּאַלד האָט עֶר אָבּעֶר אָנגֶעהוֹיבּעֶן אַנדעֶרש צוּ קלעֶ-

רען. ער איז געשטאנען אין מיטען צימער און זיך גע־
קלערט:

„וואס קען מיט מיר פאסירען? נאר דער טויט...
איך וועל אוועקגעהן צו מיינע בעריהמטע אבות, צו רעמסס
דעם גרויסען... און זיי וועל איך דאך ניט קענען זאגען,
אז איך בין אומגעקומען, נישט וועהרענדיג זיך. נאך די
אונגליקען פון דעם ערדישען לעבען, וועל איך נאך האבען
אייביגע שאנדע"...

און צו טאקי ער, דער מנצח אין דער מדבר, זאל
אבטרעטען פאר א ביסעל צבוע'קעס, געגען וועלכע איין
אזיאטיש פאלק וואלט זיך א עצה געגעבען?... וויל
מפרים און הרהור ווילען הערשען איבער מצרים און איבער
פרעה'ן זאל זיין מיליטער ליידען הונגער און א מיליאן
פויערען זאל קיינמאל קיין רוהע נישט האבען?...

צי נישט זיינע עלטערן האבען געבויעט די בית־
מקדש'ם?... צי נישט זיי האבען פול געמאכט די בית־
מקדש'ם מיט דעם רויב, וואס זיי האבען געבראכט פון
אנדערע לענדער?... און ווער האט די מלחמות געוואונען?
די כהנים, אדער די סאלדאטען?... וועמען אלזא געהערען
די אוצרות: די כהנים אדער פרעה'ן און זיין ארמעע?...

פרעה האט געהויבען די פלייצעס און גערופען צו
זיך טוטמאזיס'ן. חאטש עס איז שוין געווען שפעט ביי
נאכט, איז טוטמאזיס באלד געקומען.

— צי ווייסט דו — האט פרעה געזאגט — אז די
כהנים ווילען מיר נישט געבען קיין הלואה ... יטש דער
אוצר פון דער מלוכה איז לעער?

[illegible]ומטמאזיס האט זיך אויסגעגליכט.

— דו, הײליגער פרעה, הײסט זײ אײנװעצען אין דער תפיסה? — האט ער געפרעגט.

— דו װאלסט זײ אײנגעזעצט?...

— עס איז אין גאנץ מצרים נישט פערהאנען קײן אפיציר, װעלכער װאלט זיך צוריקגעהאלטען פון אויסצו־פיהרען דאס בעפעהל פון אונזער הערשער און אנפיהרער.

— אויב אזוי, — האט פרעה געזאגט — אויב אזוי, דארף מען קײנעם נישט זעצען אין דער תפיסה. איך האב צו פיעל מאכט פאר זיך און צו פיעל פערראכטונג פאר זײ. די נבלה, װאס דער מענש זעהט אויפ'ן װעג, פערמאכט ער נישט אין א געשמירטען קאסטען, נאר ער מײדט זי אוים.

— אבער א היענע זעצט מען אין א שטײג — האט טוטמאזים שטיל געזאגט.

— איך בוז גנעדיג זײן צו די מענשען, אמװעניגס־טענס ביז צו מײן פאטערס לויה, אויב נישט, װעלען זײ נאך דער מומיע טהון עפעס א עולה און שטערן די רוהע פון דער נשמה... געה מארגען צו הירום'ען און זאג איהם, ער זאל מיר שיקען דעם כהן, פון װעלכען ער האט גע־רעדט.

— אזוי װעל איך טהון, װי דו הײסט — האט טוט־מאזים געענטפערט — איך מוז דיר אבער זאגען, הײליגער פרעה, אז דער המון איז הײנט אנגעפאלען אויף די הײזער פון די פעניציאנער...

— אהא!... דאס איז גאר נישט נויטװענדיג געװען,

— עס דאכט זיך מיר אויך, אז זײט דו האסט גע־הײסען פענטװער'ן אויספארשען די לאגע פון די פויערן

און די אַרבײטער, העצען די כהנים די הויפּטמענער פֿון די פּראָווינצען און דעם אַדעל... זײ זאָגען, אַז דו ווילסט רואינירען דעם אַדעל און זײער פֿערמעגען אָבנעמען די פּויערן...

— און דער אַדעל גלויבט?...

— עס זענען פֿערהאַנען אַזעלכע אַדעל-לײט, וואָס גלויבען. עס זענען אָבער פֿערהאַנען אויך אַזעלכע, וואָס זאָגען פּשוט, אַז דאָס איז אַ אינטריגע פֿון די כהנים געגען פּרעה'ן...

— און ווען איך וואָלט טאַקי געוואָלט פֿערבעסערן די לאַגע פֿון די פּויערען? — האָט פּרעה געפֿרעגט.

— דו וועסט טהון דאָס, וואָס דיר געפֿעלט — האָט טוטמאָזיס געענטפֿערט.

— אָ, אַזאַ תשובה פֿערשטעה איך! — האָט רעמסס דער דרײצעהנטער אויסגערופֿען מיט לוסטיגקײט — זײ רוהיג און ווײס, אַז דער אַדעל וועט נישט נאָר גאָר נישט פֿערלירען, פֿאָלגענדיג מיך, נאָר דער צושטאַנד פֿון דעם אַדעל וועט נאָך בעסער ווערען. דאָס רײַכטהום פֿון מצרים מוז ענדליך אַרויסגעריסען ווערען פֿון די רשעים'ס הענד און איבערגעגעבען מוז עס ווערען די טרײַע דיענער פֿון דער מלוכה.

פּרעה האָט געזעגענט זײַן בעליעבטען און אַ צופֿריע־דענער איז ער געגאַנגען שלאָפֿען. עס האָט זיך איהם איצט שוין געדאַכט, אַז ער איז געווען אַ נאַר, מורא האָ־בענדיג פֿאַר די כהנים.

צומאָרגענס האָט מען איהם געמעלדעט, אַז עס איז געקומען אַ דעפּוטאַציע פֿון פֿעניציִשע סוחרים.

— זײ ווילען זיך אפשר בעקלאָגען אויף די, וואָס

זענען אנגעפאלען אויף זייערע הייזער? — האט פרעה געפרעגט.

— ניין — האט דער אריסטאנט געענטפערט — זיי ווילען דיר אבגעבען דעם כבוד, וואס דיר קומט.

לערך צוואנציג פעניציאנער אונטער דער לייטונג פון רבתונ'ען זענען געקומען מיט מתנות. ווען פרעה האט זיך געוויזען פאר זיי, זענען זיי געפאלען מיט די פנים'ער צו דער ערד. דערנאך האט רבתון געזאגט, אז לויט דעם אלטען מנהג, ווילען זיי אבגעבען א קליינע מתנה ביי די פים פון פרעה'ן, וועלכער גיט זיי לעבען און זייער פער־מעגען — זיכערהייט.

דערנאך האבען זיי געשטעלט אויף טישען גאלדענע שיסלען, קייטען און בעכערס, וועלכע זענען געווען פול מיט צירונג. רבתון האט נעלעגט אויף א טרעפ פון טראן א טאץ מיט פאפירוס, אין וועלכען די פעניציאנער האבען זיך מתחייב געווען צו געבען פארן מיליטער אלע נויט־ווענדיגע זאכען פאר צוויי טויזענד טאלענטען...

די מתנות זענען געווען גרויסע; זיי זענען ווערט געווען לערך דריי טויזענד טאלענטען.

פרעה האט זעהר גנעדיג געענטפערט די סוחרים אויף זייערע ווערטער, פערשפרעכענדיג זיי שוץ און זיי האבען איהם געזעגענט, אוועקגעהענדיג פון איהם גליקליכע.

רעמסס האט פרייער אבגעטעהמט: ער האט שוין געלד אויף נאך צעהן טאג' און ער וועט זיך נישט אזוי גיך מוזען בענוצען מיט געוואלד־מיטלען נעגען די כהנים.

אוועגד איז צו פרעה'ן אריינגעקומען חירום אין דער בעגלייטונג פון טוטמאזיס'ן. איצט האט ער זיך שוין נישט

בעקלאָגט אויף זיין מיעדקייט, נאָר ער איז געפאַלען אויפ'ן פנים און מיט אַ שרעקענדער שטימע האָט ער געשאָלטען דעם נאַר דגון.

— איך האָב זיך דערוואוסט — האָט ער געזאָגט — אַז דער פאַרך האָט געהאַט די העזה דיר צו זאָגען פון דעם אָבמאַך וועגען דעם קאַנאַל צו דעם רויטען ים... זאָל ער פגר'ן!... זאָל איהם דער צרעת אויפעסען!... זאָלען זיינע קינדער פאַשען חזירים און זיינע אייניקלעך זאָלען זיין יודען...

און דו, הערשער, גיב נאַר אַרויס אַ בעפעהל און וויפיעל פעניציען האָט אוצרות, וועט זי אַנידערלעגען ביי דיינע פיס אָהן שום קוויטונג און אָבמאַך... זענען מיר דען אַשורים, אָדער כהנים... האָט ער שטיל געזאָגט — אַז אונז זאָל נישט גענוג זיין איין וואָרט פון אַזאַ מעכטיגען מלך?...

— און ווען איך וואָלט טאַקי פערלאַנגט אַ גרויסע סומע? — האָט פרעה געפרעגט.

— וואָס פאַר אַ סומע?...

— למשל... דרייסיג טויזענד טאַלענטען...

— באַלד?

— ניין. אין משך פון אַ יאָהר.

— וועסט דו, היילינער פרעה, בעקומען די סומע — האָט חירום געענטפערט, נישט בעקלערענדיג זיך.

פרעה האָט זיך געוואונדערט.

- נו, אָבער אַ משכון וועסט דו דאָך וועלען...

- אַ משכון נאָר צוליעב דער פאָרמאַליטעט — האָט חירום געענטפערט, וועסט דו אונז געבען די גראָבען. אוּם

די כהנים זאָלען נישט האָבען קיין חשד... ווען נישט די כהנים, וואָלט זיך גאַנץ פעניציען דיר אָבגעגעבען אָהן שום משכון און קוויטונגען..

— און דער קאַנאַל? — צי זאָל איך באַלד דעם אָבמאַך אונטערשרייבען? — האָט פרעה געפרעגט.

— ניין. איך וויל דאָס גאָר נישט... דו ועסט אונ-טערשרייבען דעם אָבמאַך ווען דו וועסט וועלען...

רעמסס'ן האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז פּלוצלונג דערהויבען געוואָרען אין דערהייך. ערשט דאַמאָלס האָט ער דערקענט די זיסקייט פון דער קעניגליכער ממשלה און דאָס אַלעס נאָר צוליעב דעם פעניציאַנער!...

— חירום! — האָט ער געזאָגט, נישט הערשענדיג איבער זיך — היינט גיב איך איך, פעניציאַנער, די ער-לויבניס צו בויען דעם קאַנאַל, וועלכע וועט שליסען דאָס מיטלענדישע ים מיט'ן רויטען ים...

דער אַלטער איז געפאַלען פרעה'ן צו די פיס.

— דו ביסט דער גרעסטער מלך אויף דער ערד! — האָט ער אויסגעשריען.

— אַ געוויסע צייט טאָרסט דו פון דעם קיינעם נישט זאָגען, וואָרום די פיינד פון מיין רוהם היטען מיך נוט. אום דו זאָלסט אָבער האָבען אַ זיכערהייט גיב איך דיר די קעניגליכע רינג...

ער האָט אַראָבגענומען פון זיין פינגער אַ רינג מיט אַ בעצויבערטען שטיין, אויף וועלכען עס איז געווען אויפ-געקריצט דער נאָמען פון חרות'ן און ער האָט איהם אַרויפ-געלעגט אויף חירום'ס פינגער.

— דאָס פערמעגען פון גאַנץ פעניציען איז דיין! —

האָט חירום געשריִען — דו מעסט מאַכען אזא גרויסע זאַך, וועלכע וועט ריהמען דיין נאָמען, ווי לאַנג די זון וועט לעבען ...

פּרעה האָט ארומגענומען חירום'ס גרויען קאָפּ און איהם געהייסען זיצען.

— בכן זענען מיר גוטע פריינד — האָט רעמסס גע- זאָגט — און איך האָף, אז מצרים און פעניציען וועלען פון איצט אָן גליקליך זיין ...

— די גאַנצע וועלט וועט גליקליך זיין! — האָט חירום געענטפערט.

— זאָג מיר אָבער, חירום, פאַר וואָס ביסט דו אזוי זיכער אין מיר?

— איך קען דעם איידעלען כאראַקטער פון הייליגען פּרעה. ווען דו, הערשער, וואָלסט נישט געווען קיין פּרעה, וואָלסט דו נאָך עטליכע יאָהר געוואָרען דער בעריהמטס- טער סוחר אין פעניציען און דער הויפּטמאַן אין אונזער ראטה ...

— אפשר טאקי — האָט רעמסס געענטפערט — אָבער איך, אום אויסצופיהרען וואָס איך פערשפּרעך אייך, מוז פריהער צודריקען די כהנים. דאָס איז א קאַמפף, און דער רעזולטאַט פון קאַמפף איז אונבעוואוסט ...

חירום האָט געשמייכעלט.

— הערשער! — האָט ער געזאָגט — ווען מיר וואָל- טען געווען אזוי נידערטרעכטיג, דיך צו פערלאָזען, ווען דער אוצר פון דער מלוכה איז לעער און דער שונא—פער- עקשנ'ט, וואָלסט דו דעם קאַמפף פערשפּיעלט! וואָרום א מענש אָהן מיטלען, פערליערט גיך זיין מוטה, און פון

אַרמען מלך ענטלויפֿען זײַן אַרמעע, זײַנע אונטערטענער און בפֿרט די גרויסע לײַט...

אָבער ווען דו, הערשער, האָסט אונזער געלד און אונזערע אַגענטען, און דײַנע אײגענע גענעראַלען און מי־ליטער, האָסט דו נישט וואָס צו זאָרגען וועגען די כּהנים. דו ווייסט נאָר דײַן פֿוס אַרויפֿשטעלען אויף זיי, וועלען זיי שוין זײַן צוטרעטען...

נאָר... דאָס איז שוין נישט מײַן זאַך... אין גאַרטען וואָרט דער כּהן־גדול סמן־תו, וועלכען דו, הייליגער פּרעה, האָסט געהייסען קומען. איך גײה אַוועק; איצט איז זײַן צײַט... אָבער צושטעלען געלד וועל איך און ביז דרײַסיג טויזענד טאַלענטען שטעהט צו דײַן בעפֿעהל

חירום איז ווידער געפֿאַלען אויפֿ'ן פּנים און איז אַרויסגעגאַנגען, פֿערשפּרעכענדיג באַלד צו שיקען סמן־תו.

אַ האַלבע שעה דערנאָך איז אָנגעקומען דער כּהן־גדול. ער האָט נישט געגאָלט זײַן געלע באָרד און די צו־פֿלאָכטענע האָר, אַלס כּהן פֿון דעם גאָט שת; זײַן פּנים איז געוועזען שטרענג, נאָר די אויגען זענען געוועזען פֿול מיט קלוגהײַט. ער האָט זיך געבוקט אָהן איבריגע הכנעה און רוהיג האָט ער אויסגעהאַלטען די בליקען פֿון פּרעה'ן, וועלכע האָבען איהם דערגרײַכט ביז צו דער טיעפֿניש פֿון דער נשמה.

— זיץ! — האָט איהם פּרעה געזאָגט.

דער כּהן־גדול האָט זיך געזעצט אויף דער ערד.

— דו געפֿעלסט מיר — האָט רעמסס געזאָגט — דײַן געשטאַלט און דײַן פּנים זענען ווי פֿון אַ היקסאָס, און זיי זענען די שטאַרקסטע סאָלדאַטען אין מײַן אַרמעע.

ערנאָך האָט ער פּלוצלונג געפֿרעגט

— דו האָסט געזאָגט חירום׳ען וועגען דעם אָבּמאַך פֿון אונזערע כּהנים מיט אשור ? ...

— איך — האָט סמן־תּי געענטפֿערט, נישט אַראָבּלאָזענדיג אַ אויג.

— דו האָסט זיך בּעטייליגט אין דער נידערטרעכטיגקייט ?

— ניין. איך האָבּ אונטערגעהאָרכט, ווען דער אָבּמאַך איז געשלאָסען געוואָרען ... אין די בּית־מקדש׳ס, ווי אין דיין פּאַלאַץ, זענען די מויערען געלעכערט מיט קאַנאַלען און דורך די קאַנאַלען הערט מען אפילו אויף די שפּיצען פֿון די טורמען, וואָס מען רעדט אין די קעלערס, אונטער דער ערד ...

— און פֿון אונטער דער ערד קען מען רעדען צו די מענשען, וואָס געפֿינען זיך אויף די שטאָקיי ? ... האָט זיך פּרעה אָנגערופֿען.

— און מאַכען אַ אָנשטעל, אַז די געטער געבען אַ עצה ... האָט דער כּהן ערנסט געזאָגט.

פּרעה האָט געשמייכעלט. בּכן איז טאַקי אמת געווען, אַז נישט דער גייסט פֿון זיין פֿאָטער האָט גערעדט צו איהם און צו זיין מוטער, נאָר די כּהנים האָבּען דאָס גערעדט !...

— פֿאַר וואָס האָסט דו אָנגעטרויעט די פֿעניציאַנער דעם גרויסען סוד פֿון דער ילנר ? — האָט רעמסס געפֿרעגט.

— ווייל איך האָבּ געוואָלט שטערען דעם שענדליכען אָבּמאַך, וועלכער האָט געקענט שאַדען אונז און פֿעניצ׳ען.

— האָסט דו דאָך געקענט וואָרנען איינעם פון די גרויסע מצריים ...

— וועמען ? — האָט דער כהן געפרעגט — צי אזעלכער וואָס זענען אונמעכטיג געווען נעגען הרהיר'ן, אָדער אזעלכע, וואָס וואָלטען מיך אָנגעקלאָגט פאַר הרהור'ן, אום איך זאָל מוזען שטארבען אין שרעקליכע יסורים ?.. איך האָב געזאָגט חירום'ען, ווייל ער האָט געהאַט בעציהוננגען מיט אונזערע גרויסע לייט, וועלכע איך זעה קיינמאָל נישט ...

— איז פאַר וואָס האָבען הרהור און מפרים געשלאָסען אזא אָבמאַך ? — האָט פרעה געפרעגט.

— זיי האָבען, נאָך מיין מיינונג, זעהר שוואכע מוחות. בר-אות האָט זיי בעשראָקען. ער האָט זיי געזאָגט, אז אונגליקען וועלען צעהן יאָהר הענגען איבער מצרים און ווען מיר וואָלטען אין משך פון די צעהן יאָהר פאַר-נענומען א מלחמה געגען אשור, וואָלט מען אונז מנצח געווען ...

— און זיי האָבען דאָס געגלויבט ?

— בר-אות האָט זיי כלומרשט געוויזען מופתים... ער איז זאָגאר געפלויגען אין דער לופט ... דאָס איז טאַקי וואונדערבאַר; איך וועל אָבער קיינמאָל נישט פערשטעהן, פאַר וואָס מיר זאָלען פערלירען פעניציען, ווייל בר-אות פליהט ? ...

— גלויבסט דו אויך נישט קיין נסים ? ...

— ווי א מאָל — האָט סמן-תו געענטפערט — עס דאַכט זיך מיר, אז בר-אות ווייזט טאַקי א מאָל נסים.

אָבער אונזערע כהנים קענען נארען דאָס פאָלק און די הערשער.

— דו האָסט פיינד די כהנים?

סמן־תו האָט פונאנדערגעלעגט די הענד.—זיי ליידען מיך אויך ניט, און זיי פעראַכטען מיך, כלומרשט חייל איך דינען דעם נאָט שת. אָבער וואָס זענען דאָס פאַר גע־טער, וועלכע מען דאַרף צו ריהרען די קעפ און די הענד מיט דער הילף פון שנירלעך?... אָבער וואָס פאַר כהנים זענען דאָס די, וועלכע שטעלען זיך פאַר אלס פרומע און הייליגע, און דערווייל האָט יעדער פון זיי מעהר פון צעהן פרויען, ניט אוים מעהר פון צוואנציג טאַלענטען יעהרליך, גנב'עט די קרבנות פון די מזבחות און זענען כמעט ניט קליגער פון די שילער פון די העכסטע שולען?

— און דו נעהמסט מתנות פון די פעניציאנער?

— פון וועמען האָב איך צו נעהמען? מאַנכע פע־ניציאנער האַלטען טאַקי פון דעם נאָט שת און זיי האָבען מורא, ער זאָל זיי די שיפען ניט דערטרענקען. ביי אונז אַכטען איהם נאָר אָרמע לייט. ווען איך וואָלט זיך בענגי־גען געלאָזט מיט זייערע קרבנות, וואָלט איך מיט מיינע קינדער געשטאָרבען פון הונגער.

פרעה האָט זיך געקלערט, אז דער כהן איז דאָך ניט קיין שלעכטער מענש, חאָטש ער גיט אַרוים די סודות פון בית־המקדש, דערביי איז ער אויך קלוג און זאָגט אמת.

— דו האָסט עפּעס געהערט וועגען קאַנאל, וועלכער זאָל שליסען דעם ים הגדול מיט'ן רויטען ים? — האָט ער געפרעגט דעם כהן.

— איך ווײס די זאך. עטליכע הונדערט יאָהר צוריק האָבען שוין אונזערע אינזשענערען בעאַרבײט דעם פּלאַן.

— און פאַר וואָס האָט מען איהם ביז איצט נישט אויסגעפיהרט?

— ווײל די כהנים האָבען מורא, אַז קײן מצרים זאָלען נישט אָנקומען קײן פרעמדע מענשען, וועלכע וואָלטען נאָך געקענט אונטערגראָבען אונזער רעליגיע און צו־זאַמען מיט דער רעליגע — זײערע אײנקינפטען.

— און דאָס איז אויך אמת, וואָס חירום האָט גע־זאָגט וועגען די פעלקער, וואָס וואָהנען אויף מזרח?

— דאָס איז אויך אמת. מיר ווײסען שוין לאַנג פון די פעלקער און כמעט יעדע צעהן יאָהר בעקומען מיר פון יענע לענדער עפּעס אַ ציערונג, אַ ריסונעק אָדער אַ כלי.

פרעה האָט זיך ווידער פערטראַכט און פלוצלונג האָט ער געפרעגט:

— ווערסט דו מיר טרײ דינען, ווען איך וועל דיך מאַכען פאַר מײן יועץ?...

— איך וועל דיך דינען, הײליגער פרעה, מיט מײן גאַנץ לעבען. נאָר ווען איך וואָלט געוואָרען אַ יועץ פון פרעה'ן, וואָלטען די כהנים פערדרוס געהאַט, ווײל זײ האַסען מיך...

— ווערלען מיר זײ דען נישט קענען בײקומען?

— זעהר לײכט וועלען מיר זײ בײקומען! — האָט סמן־תו געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ פּלאַן האָסט דו צו דעם קאַמפף גע־גען זײ?

— קודם כל וואָלט מען געמוזט בעהערשען דעם

אוֹצר פון גרעסטען בית־מק״ש. — האָט דער כהן געזאָגט.

— דו וואָלסט איהם געקענט בעקומען?

— איך האָב שוין פיעל צייטענס, צו וויסען, ווי צו איהם צו טרעפען, די איבריגע וועל איך געפינען, וואָרום איך ווייס וואו צו זוכען.

— און ווייטער? — האָט פרעה געפרעגט.

— מען וואָלט בעדאַרפט געגען הרהור'ן און מפרים'ן אַ פראַצעס פערפיהרען. אַ פראַצעס וועגען פערשטעהונג איבער זייערע בעציהונגען מיט אשור...

— און בעווייזען וואו וועט מען נעהמען?...

— מיט דער הילף פון די פעניציאַנער וועלען מיר בעווייזען אויך בעקומען — האָט דער כהן געענטפערט.

— וואָלט דאָס נישט געווען אַ געפאַהר פאַר מצרים?

— קיין שום געפאַהר וואָלט נישט געווען. פאַר 400 יאָהר האָט פרעה אמן־חתף דער פיערטער צושטערט די מאַכט פון די כהנים, אַרויסגעבענדיג אַ בעפעהל צו דינען נאָר איין גאָט: רע־חרם־עכים. ביי דער געלעגענהייט האָט ער פערנומען די אוצרות אין די בית־מקדש'ס פון אנדערע געטער... און דאַמאָלס האָט זיך קיינער נישט אָנגענומען פאַר די כהנים, נישט דאָס מיליטער, נישט דאָס פאָלק, נישט דער אדעל... דאָס איז געווען פאַר 400 יאָהר און ווער וועט זיך אָננעהמען פאַר זיי איצט, ווען די אַלטע אמונה איז שוואַך געוואָרען!...

— ווער האָט צוגעהאָלפען אמן־חתף'ן? — האָט פרעה געפרעגט.

— אַ געוועהנליכער כהן...

— דער כהן איז אָבער געבליבען דער יורש פון

פּרעה'ס קרוין נאָך דעם טויט פֿון אמן-חטף דעם פּיערטען— האָט רעמסס געזאָגט, קוקענדיג שטרענג אין די אויגען פֿון כהן.

סמן-תן האָט אָבער רוהיג געענטפֿערט:

— דער פֿאַרפֿאַל דערוויזט, אַז אמן-חטף איז געווען אַ אונבעהאָלפֿענער הערשער, וועלכער האָט מעהר געזאָרגט פֿאַר'ן כבוד פֿון גאָט רע, ווי פֿאַר דער מלוכה.

— דו ביסט אַ אמת'ער חכם!... האָט רעמסס געזאָגט.

— איך שטעה דיר צו דיענסט, הייליגער פּרעה.

— איך בעשטים דיך פֿאַר מיין יועץ — האָט פּרעה געזאָגט — נאָר אויב אַזוי, דאַרפֿסט דו מיך נישט בעזוכען אין געהיים. דו וועסט מוזען ביי מיר וואָהנען...

— זיי מיר מוחל, הערשער, ווי לאַנג די מיטגליעדער פֿון דעם העכסטען ראַט וועלען נישט זיצען אין דער תפיסה דערפֿאַר, וואָס זיי האָבען געשלאָסען אַ אָבמאַך מיט די שונאים פֿון דער מלוכה, וועט מיין וואָהנען אין פּאַלאַץ ברענגען מעהר שאָדען, ווי גוטס...

איך וועל דיר, אַלזאָ, הייליגער פּרעה, דיענען מיט עצות, אָבער נאָר אין געהיים.

— און אַ וועג צום אוצר אין דעם גרעסטען בית-מקדש וועסט דו געפֿינען?

— איך פֿערהאָף, אַז איידער דו וועסט צוריקקומען פֿון טעבי, וועל איך שוין אַלעם וויסען.

און ווען מיר וועלען איבערטראָגען דעם אוצר אין דיין פּאַלאַץ, ווען דאָס געריכט וועט פֿער'משפּט'ן הרהור'ן און מפריס'ן, וועלכע דו וועסט דערנאָך קענען בעגנעדי-

גען, דאן וועל איך מיט דיין ערלויבניש ארויסטרעטען אפען... און איך וועל אויפהערען צו זיין א כהן פון גאט שת, וועלכער פעריאגט מענשען פון מיר...

— און דו מיינסט טאקי, אז אלעס וועט דורכגעהן בשלום?...

— איך פערזיכער דיר מיט מיין לעבען!... האט סמן־תו אויסגעשריען — דאס פאלק ליעבט דיך, דאדורך איז לייכט צו העצען דאס פאלק געגען די פעררעטהער... דאס מיליטער איז דיר איבערגעגעבען מעהר ווי עס איז געוועזען איבערגעגעבען אלע פרעה'ס פון רעמסס דעם גרויסען אן... בכן, ווער וועט דיך בייקומען?... אויסער דעם האסט דו נאך די פעניציאנער און געלד, די גרעסטע אויף דער וועלט!...

ווען סמן־תו האט זיך געזעגענט מיט פרעה'ן, האט איהם פרעה ערלויבט איהם צו קושען די פיס און האט איהם געשענקט א שווערע, גאלדענע קייט און א בראנסא־לעט מיט שאפירען.

נישט יעדער גרויסער מאן האט געהאט אזא זכיה אפילו נאך פיעליעהריגער דיענסט.

סמן־תו'ס ווערטער האבען פערפולט פרעה'ס הארץ מיט האפנונג און מוטה.

— ווען מען וואלט טאקי געקענט בעקומען דעם אוצר פון גרעסטען בית־מקדש!... מיט א קליינעם טהייל פון דעם אוצר וואלט מען געקענט בעפרייען דעם אדעל פון די חובות ביי די פעניציאנער, פערבעסערן די לאגע פון די פויערען און אויסקויפען די פערמשכונ'טע גיטער.

און מיט וואס פאר בנינים וואלט זיך די מלוכה גע־
קענט דערוועררבען ! ...

יא, דער אוצר פון בית-מקדש וואלט געקענט בע־
פטיגען אלע זארג פון פרעה'ן. ווארום וואס האט ער
דערפון, וואס די פעניציאנער ווילען איהם געבען א גרוי
סע הלואה ? א הלואה מוז מען א מאל בעצאהלען מיט
פראצענט און א מאל וועט ער מוזען אבגעבען פאר א
משכון די איבריגע קעניגליכע גיטער. די הלואה איז נאר
אויף אבצורוקען אביסעל ווייטער דעם חורבן, אבער דער
חורבן וועט דאך מוזען קומען ...

# זיעבענטעס קאפיטעל.

אין העלפט חודש פאמענוט (יאנואר) האט זיך אנ־
געהויבען דער פריהלינג. אין גאנץ מצרים האט זיך גע־
גרינט דער ווייץ, וועלכער האט אנגעהויבען צו וואקסען,
און אויף די שווארצע שטיקער ערד האבען זיך גערידהרט
פיעל פייערען, וועלכע האבען געזייט לובין, באב, בעב־
לעך און גערשטען. אין דער לופט האט געשוועבט א גע־
שמאק פון פאמעראנצען-בלומען. „דאס וואסער אין נילוס איז
אבגעפאלען און יעדען טאג איז עס אבגעטרעטען פון
אנדערע ערטער.

די פארבערייטונגען צו דער לויה פון אזירים-מר-אמן־
רעמסס זענען שוין פארטיג געוועזען.

די הייליגע מומיע פון פרעה'ן איז שוין געוועזען פער־
מאכט אין א ווייסען קאסטען, וואס זיין אייבערשטער טהייל
איז בעשטאנען פון פרעה'ס אויסגעשניצט בילד. עס האט
זיך געדאכט, אז פרעה קוקט מיט זיינע עמאלירטע אויגען

און זײַן געטליך פּנים האָט אױסגעדריקט אַ לײַכטע טרױע־דיגקײַט, װעלכעס שטאַמט נישט פֿון דעם, װאָס ער בע־דױערט די װעלט, װעלכע ער האָט פֿערלאָזען, נאָר די מענשען, װעלכע מוזען נאָך געפּײַניגט װערען מיט דעם לעבען אױף דער װעלט.

אױפֿ'ן קאָפּ האָט דאָס בילד פֿון פּרעה'ן געהאַט אַ מצריש'ע הױב אין װײַסע און שאַפּירנע פאַסען, אױפֿ'ן האַלז — שנירען ציערונג. אױף דער ברוסט — אַ בילד פֿון אַ מענש, װעלכער קניעט און האַלט די הענד אױסגעצױגען, אױף די פּים — בילדער פֿון געטער, הײליגע פֿױגעל און אױגען, װעלכע זיצען נישט אין קײן פּנים, נאָר זײ קוקען װײַט.

די מומיע אין דעם קאַסטען פֿערפּאַקט איז געלעגען אױף אַ טײַערע בעט אין אַ קלײן בית־מקדש'ל, װעלכעס איז געװען געבױט פֿון צעדערהאָלץ און די װענד זענען געװע בעדעקט מיט אױפֿשריפֿטען װעגען די מעשים און דעם לעבען פֿון מת. איבער דער מומיע איז געװען אַ רױבפֿױ־געל מיט אַ מענשען־קאָפּ און בײַם בעט איז בײַ טאָג און בײַ נאַכט געשטאַנען אַ כהן, װעלכער איז געװען פֿערשטעלט פֿאַר דעם גאָט ענובית, װעלכער האָט געהאַט אַ קאָפּ פֿון אַ שאַקאַל.

עס איז אױך געװען פֿאַרבערײַטעט נאָך אַ הערליך געשניצטער אָרון, װעלכער איז אױך בעשטאַנען פֿון דעם געשטאַרבענעם פּרעה'ס בילד און אױך פֿון אױפֿשריפֿטען און מענשען, װעלכע זענען מתפּלל, הײליגע פֿױגעל אוכ בקאַראַבעאושען.

דעם 17־טען פֿאַמענוט זענען די מומיע מיט'ן ביה־

מקדש'ל און דעם אָרון אַרויסגעטראָגען געוואָרען פון דער מתים-שטאָדט אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ, וואו דאָס אַלעס איז געשטעלט געוואָרען אין דעם גרעסטען זאַל.

דעם זאַל האָבען באַלד פערפולט כהנים, וועלכע האָבען געזונגען טרויער-ליעדער, הויפּסלייט און דיענער פון דעם געשטאָרבענעם מלך. מעהר פון אַלע איז געוועזען פרויען, וועלכע האָבען אַזוי הויך געשלאָכצט, אַז זייערע געשרייען האָט מען געהערט אויף יענער זייט נילוס.

— אָ, הערשער, אָ, הערשער אונזערער!... האָבען זיי געשריען — פאַר וואָס פערלאָזט דו אונז?... דו ביזט אַזוי שען, אַזוי גוט געוועזען!... אַזוי גערן האָסט דו דאָך מיט אונז געשמועסט און איצט שווייגסט דו!... פאַר וואָס?... דו האָסט דאָך ליעב געהאַט אונזער געזעלשאַפט און פאַר וואָס ביזט דו היינט אַזוי ווייט פון אונז?...

אין דער זעלבער צייט האָבען די כהנים געזונגען.

ערשטער כאָר: איך בין תום, וועלכער איז איין און איינציג...

צווייטער כאָר: איך בין רע אין זיין ערשטען בלאַנק...

ערשטער כאָר: איך בין גאָט, וועלכער בעשאַפט זיך זעלבסט...

צווייט'ער כאָר: וועלכער גיט זיך אַליין אַ נאָמען און קיינער ווערט איהם צווישען די געטער נישט דער-האַלטען...

ערשטער כאָר: איך קען דעם נאָמען פון דעם גרויסען גאָט, וועלכער איז דאָרט...

צווייטער כאר: ווײַל איך דער בין גרויסער פויגעל בנו, וועלכער פערזוכט דאס, וואס איז דא*)...

נאך צוויי־טעגיגע תפלות און יללות איז פאר'ן פאלאץ אנגעקומען א גרויסער וואגען, אין געשטאלט פון א שיף. די עקען פון דעם וואגען זענען בעצירט געוועזן מיט שאף־קעפ און מיט פעכערס פון שטרויספויגעל און איבער דער קאסבטבארער חופה, וועלכע איז געוועזן איבער דעם וואגען, זענען געפלויגען א אדלער מיט א שלאנג.

אויף דעם וואגען האט מען ארויפגעלעגט די הייליגע מומיע, טראץ דער עקשנות פון די הויפס־פרויען, וועלכע האבען זיך אנגעחאפט אן דעם ארון, געשאלטען די כהנים, זיי בעשווארען, אז זיי זאלען ביי זיי נישט צונעהמען דעם גוטען הערשער, זיך געדראפעט די פנים'ער, געריסען די האר און געשלאגען די מענשען, וועלכע האבען די מומיע געטראגען.

דאס געשריי איז געוועזן שרעקליך.

דער וואגען מיט דער מומיע האט זיך גערירהרט פון ארט צווישען א אונגעהויער גרויסע מענגע מענשען, וועלכע זענען געשטאנען אויף דעם גאנצען שטח פון דעם פאלאץ ביז'ן נילום. די מענשען זענען געוועזן בעשמירט מיט בלאטע, צודראפעט, בעדעקט מיט לייַלעכער און אלע האבען געשריען און געוויינט. און אויפ'ן גאנצען וועג זענען געוועזן אויסגעשטעלט כארען.

ערשטער כאר: אויף מערב, צו דער דירה פון אזיריס'ן, אויף מערב־זייט געהסט דו, דער בעסטער פון

*) „מתים־בוך"

אלע מענשען, שקר האסט דו פיינד געהאט.

צווייטער כאר: אויף מערב! עס וועט שוין נישט אויפבליהען אזא מענש, וועלכער האט אזוי געליעבט דעם אמת און אזוי זיך געמיאוס'ט מיט שקר.

א כאר פון קוטשערס: אויף מערב, אקסען, וועלכע ציהען דעם טרויער-וואגען, אויף מערב!... איייער הערר געהט הינטער אייך.

דריטער כאר: אויף מערב, אויף מערב, אין דעם צדיקים-לאנד! דאס ארט, וועלכעס דו האסט געליעבט, שלאכצט און וויינט נאך דיר.

דער המון: געה בשלום קיין אבידות!... געה בשלום קיין אבידות!... געה בשלום!... געה בשלום אויף מערב!...

כאר פון וויינערינס: א, הערשער אונזערער! ווען דו געהסט אוועק אויף מערב, וויינען אפילו די געטער!...

כאר פון כהנים: ער איז גליקליך, מעהר גע־אכטעט פון אלע מענשען, ווייל דער גורל ערלויבט איהם צו רוהען אין קבר, וועלכען ער האט זיך אליין פארבע־רייטעט.

כאר פון קוטשערס: אויף מערב, אקסען, וואס איהר ציהט דעם טרויער-וואגען, אויף מערב!... איייער הערר געהט הינטער אייך...

דער המון: געה בשלום קיין אבידות, צו דעם מערב-ים *)!

יעדע עטליכע הונדערט טריט איז געשטאנען מילי־

---

*) ווערטליך איבערגעגעבען.

טער, וועלכעם האט דעם הערשער בעגריסט מיט א געשטיקטער פויקערײַ און איהם געזעגענט מיט א בעשרעקענדען אבקלאנג פון טראמפעטען. דאס איז נישט געוועזען קיין לויה, נאר א טריאומפס-מארש צו דעם לאנד פון די געטער.

עטוואס אבגערוקט פון וואגען איז געגאנגען רעמסס דער דרייצעהנטער, זייענדיג ארומגענומען מיט א גרויסע סוויטע פון גענעראלען און הינטער איהם איז געגאנגען די מלכה ניקאטריס, וועלכע איז געווען אנגעשפארט אויף צוויי הויפס-דאמען. דער זוהן און די מוטער האבען נישט געוויינט, ווייל זיי האבען געוואוסט (דער פראסטער המון האט אבער דאס נישט געוואוסט), אז דער געשטארבענער הערשער געפינט זיך נעבען אזירים'ן און ער איז אזוי צופרידען דערפון, וואס ער וואהנט אין פאטערלאנד פון גליקליכקייט, אז ער וואלט נישט געוואלט צוריק געהן אויף דער ערד.

עטליכע שטונדען איז דער קערפער אזוי געפיהרט געווארען ביי אונאויפהערענדיגען געשרייי; אויף דעם ברעג פון נילוס האט זיך דער וואגען געשטעלט.

דארט האט מען די מומיע אראבגענומען פון דעם וואגען און איבערגעטראגען אין א פערגאלדעטע, געשניצטע שיף, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט מאלערייען און פורפורנע זעגעלבוימער.

די הויפס-דאמען האבען נאך א מאל געפרובט אבצונעהמען דעם קערפער ביי די כהנים, אלע כארען האבען נאך א מאל געזונגען און דאס מיליטער האט טראמפעטעט און געפויקט. דערנאך איז די מלכה ניקאטריס מיט א ערך צוואנציג כהנים ארויף אויף דער שיף. דער המון האט

געװאָרפען בלומען־קרענץ און — די רודער האָבען אָנגעהויבען רוישען.

רעמסס דער צװײטער האָט אויף אײביג פערלאָזט זײַן פאַלאַץ און איז געפאָהרען אויף דעם נילוס צו זײַן קבר אין טעבי. אויפ'ן װעג האָט ער, אלס גוטער הערשער, געדאַרפט זײַן אין אלע בעריהמטע ערטער, אום זיך מיט זײ צו געזעגנען.

די רײַזע האָט געדויערט זעהר לאַנג. קײן טעבי איז געװעזען בערך הונדערט מײַל און די שיף איז געגאַנגען געגען דעם שטראָם. אויפ'ן װעג האָט מען געמוזט בעזוכען פיעל בית־מקדש'ס און זיך בעטײליגען אין די אײַנגעאָרדנעטע תפלות.

עטליכע טעג דערנאָך איז רעמסס דער דרײַצעהנטער ארויסגעפאָהרען פון דער הײם נאָך דער מומיע פון זײַן הײליגען פאָטער, אום צו שטאַרקען די הערצער פון זײַנע אונטערטהענער, װעלכע זענען געװען זעהר פערטרויערט און אום די געטער מקריב זײַן קרבנות.

דעם געשטאָרבענעם פרעה'ן זענען נאָכגעפאָהרען, יעדער אין זײַן אײגענער שיף, אלע כהנים־גדולים, פיעל עלטסטע כהנים, די רײַכסטע גוטבעזיצער און א רוב פון די הויפטמענער פון די פראָװינצען, און דעם נײַען פרעה'ן האָט אביסעל פערדראָסען, װאָס זײַן סװיטע װעט דאדורך מוזען קלענער זײַן.

זײַן סװיטע איז אָבער נישט קלענער געװאָרען. בײַ רעמסס דעם דרײַצעהנטען זענען געבליעבען אלע גענערצלען, זעהר פיעל בעאַמטע, א מענגע קלענערע אדעל־לײַט און — אלע נידריגערע כהנים

דאָס, וואָס אַלע נידריגערע כּהנים האָבען זיך בּיי איהם געהאַלטען, האָט איהם מעהר געוואונדערט, ווי געפרעהט.

דאָס איז אָבער נאָר געווען אַ אָנפאַנג. ווען די שיף פון דעם נייעם פּרעה'ן איז אַרויס אויף דעם נילוס, איז איהם געגען געקומען אַזאַ גרויסע מענגע גרעסערע און קלענערע, רייכערע און אָרמערע שיפלעך, אַז זיי האָבען כּמעט בּעדעקט דאָס גאַנצע וואַסער. אין די שיפלעך זע־נען געזעסען נאַקעטע פאַמיליעס פון פויערען און בּעלי־מלאכות, רייכערע סוחרים, פעניציאַנער, פלינקע גריכישע שיפערס ווי אויך אשורים און חתים.

דער המון האָט אונגעהויער הויך געשריען, איז כּמעט משוגע געוואָרען פון שמחה, יעדע ווייכע איז אויף זיין שיף אַרויף אַ אַנדערע דעפּוטאַציע, אום צו קושען דאָס אָרט, אויף וועלכען פּרעה'ס פיס זענען געשטאַנען און איהם צו געבען מתנות: אַבּיסעל תּבואה, אַ שטיקעל שטאָף, אַ געוועהנליכען לעהמענעם קרוג, עטליכע פויגעלעך און אָנ־געהרסטען בּלומען. און איידער פּרעה איז געווען אָבגע־רוקט פון מעמפיס, האָט מען שוין זיין שיף געמוזט עטלי־כע מאָל אויסלעדיגען פון די מתנות, אום עס זאָל ניט דערטרונקען ווערען.

די יונגערע כּהנים האָבען צווישען זיך געזאָגט, אַז פון רעמסעס דעם גרויסענס צייטען אָן, איז נאָך קיין שום פּרעה ניט בּעגריסט געוואָרען אַזוי היים, ווי דער נייער פּרעה.

אַזוי איז געווען אויפ'ן גאַנצען וועג פון מעמפיס בּיז טעבּי און דאָס התלהבות פון דעם המון איז וואָס אַ מאָל

שטאַרקער געוואָרען. די פויערען זענען אראָב פון זייערע פעלדער און די בעלי-מלאכות האָבען פערלאָזט זייערע ווערקשטעלען, אום זיך צו פרעהען מיט דעם נייעם פרעה'ן, וועגען וועלכען מען האָט דערצעהלט, אז ער וויל אזוי פיעל גוטס טהון. מען האָט זיך געריכט אויף גרויסע ענדערונגען, האָטש קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס פאַר ענדערונגען עס וועלען געמאַכט ווערען. דאָס איינע איז נאָר זיכער געוועזען, אז די בעאַמטע זענען שוין נישט געוועזען אַזוי שטרענג, אז די פעניציאַנער האָבען שוין נישט אַזוי שטאַרק געקיועלט און געפייניגט בעת זיי האָבען איינגעמאָהנט די אָבצאָהלונגען און אַז דער נידערגעשלאָגענער מצרי'שער המון האָט אָנגעהויבען אויפצוהויבען דעם קאָפּ.

— זאָל נאָר פרעה ערלויבען — האָט מען געזאָגט אין שענקען, אויף פעלדער און אויף מאַרקען — זאָל ער נאָר ערלויבען, וועלען מיר באַלד מאַכען אַ אָרדנונג מיט די הייליגע מענער... זיי זענען שולדיג אין דעם, וואָס מיר צאָהלען גרויסע אָבצאָהלונגען, וואָס אונזערע וואונדען ווערען קיינמאָל נישט פערהיילט אויף אונזערע פלייצעס!...

זיעבען מייל וויים פון מעמפיס אויף דרום-זייט, האָט זיך געפונען צווישען די בערג פון לוב — די מדינה פי-יום, וועלכע איז בעוואונדערט געוועזען דערמיט, וואָס מענשען האָבען זי בעשאַפען.

פאַרצייטענס איז דאָ געוועזען אַ מדבר, וועלכע איז געוועזען אַרומגענומען מיט נאַקעטע בערג. ערשט דער פרעה אמן-חתף האָט דאָרט די ערד געמאַכט פרוכטבאַר.

ער האָט אָבגעטיילט דעם מזרח-טהייל פון דער דבר און אַרום איהם האָט ער געהייסען מאַכען אַ ערד-

וואל, וועלכער איז געווען איין שטאק הויך. אין דער דיק האט ער געהאלטען הונדערט פוס און אין דער לענג פיער־ציג קילאמעטער.

אזוי ארום האט זיך אויף דעם גאנצען שטח געקענט האלטען זעהר פיעל וואסער, וועלכעס איז דארטהין געצויגען געווארען פון נילוס און פון דארט איז דאס וואסער געצויגען געווארען אין דעם גאנצען שטח פון דער מדבר. ווען דער נילוס האט אויסגעגאסען, האט די מדבר איינגע־שלונגען זעהר פיעל וואסער און מצרים איז דאדורך פערזי־כערט געווארען געגען א פערפלייצונג.

דאס ארט, וואו דאס וואסער האט זיך פערזאמעלט, איז גערופען געווארען מאעריס און מען האט עס געהאלטען פאר איינעם פון די וועלט־וואונדער. די מדבר איז דורך דעם וואסער געווארען א פרוכטבארע מדינה און פי־יום האט זי געהייסען. געוואהנט האבען דארט צוויי הונדערט טוי־זענד איינוואהנער, וועלכע האבען גליקליך געלעבט. אין דער מדינה זענען געוואקסען אויסער פאלמען און וויין — די שענסטע רויזען, פון וועלכע עס איז געמאכט געווא־רען רויזען־עהל און ער איז פונאנדערגעפיהרט געווארען אין גאנץ מצרים און אויך אין אנדערע לענדער

דער קאנאל, וועלכער האט צוגעפיהרט וואסער אין דער אזערע מאעריס, איז אויך געווען גערעכענט פאר א וואונדער. מען האט איהם גערופען „יוסף'ס קאנאל". אין דער ברייט האט ער געהאלטען 200 טריט און אין דער לענג — עטליכע צעהנדליגע מייל אויף דער מערב־זייט פון נילוס. זייענדיג אבגערוקט צוויי מייל פון נילוס, האט

דער קאנאל געדינט אויך צו בעוועסערן די פעלדער נעבען די בערג פון לוב.

ארום דער מדינה פ״יום זענען געווען עטליכע אלטע פיראמידען און א מענגע קלענערע קברים. אויף דער מזרח־גרענעץ פון דער מדינה, נעבען דעם נילום, איז געווען דער בעריהמטער לאבירינט *).

דער לאבירינט איז אויך געבויט געווארען דורך אמן חטף׳ן אין דער פארם פון א ריזענדיגער פארקאווע, וועל־כע האט פערנומען א שטח פון טויזענד טריט אין דער לענג און אכט הונדערט טריט אין דער בריים.

דער בנין איז געווען דער גרעסטער אוצר פון מצרים. אין איהם זענען געלעגען די מומיעס פון פיעל בעריהמטע פרעה׳ס, כהנים־גדולים, מיליטער־אנפיהרער, בוימייס־טערס, פערגעטערטע חיות און בהמות און אממעהרטען קראקאדילען. דארט האט זיך אויך געפונען דאס פערמעגען, וועלכעס איז הונדערטער יאהר געזאמעלט געווארען און האט געהערט צו דער מלוכה. ווי גרויס דאס פערמעגען איז געווען, האט קיינער קיין בעגריף נישט געקענט האבען.

צו דעם לאבירינט האט מען געקענט לייכט צוקומען. אויסווענדיג און אינווענדיג איז ער נישט שטארק געהיט געווען. אביסעל מיליטער פון די כהנים און עטליכע זעהר עהרליכע כהנים האבען געהיט דעם לאבירינט. און דאך איז מען זיכער געווען, אז קיינער וועט פון דעם פערמעגען

*) לאבירינט — א ריזענדיגער בנין מיט איין אמנגאנג, א מענגע זאלען און שמונדעל־קארידארען.

נישט ריהרען, ווייל אויסער די עטליכע כהנים, האט קיי־נער נישט געוואוסט, וואו דער אוצר געפינט זיך, וואו מען דארף איהם זוכען אין דעם לאבירינט, וועלכער איז בע־שטאנען פון צוויי שטאק: א אונטערערדישען און אויבערער־דישען און אויף יעדען שטאק איז געווען טויזענד פינף הונדערט צימערען!...

יעדער פרעה, יעדער כהן־גדול, יעדער גרויסער שאצמייסטער און יעדער העכסטער שופט איז מחויב געווען באלד נאכ'ן איבערנעהמען זיין אמט אנצוקוקען מיט זיינע אייגענע אויגען דעם אוצר פון דער מלוכה. און דאך וואלט קיינער פון די גרויסע לייט נישט געקענט טרעפען און אפילו זיך נישט געקענט משער זיין, וואו דער אוצר ליגט, אין וועלכען צימער, אין וועלכען פליגעל פון בנין, אויף דעם ערשטען, אדער אויפ'ן צווייטען שטאק.

עס האבען זיך געפונען אזעלכע, וואס האבען געזאגט, אז דער אוצר ליגט אונטער דער ערד, ווייט פון דעם לאבירינט, וואס מען זעהט אויף דער ערד. אנדערע האבען געזאגט, אז ער ליגט אונטער דער דנא פון דער אזיערעס, אום מען זאל איהם קענען מיט וואסער בעגיסען, ווען מען וועט דארפען. קיין שום גרויסער מאן פון די מלוכה האט אפילו נישט געוואלט רעדען פון דעם אוצר. מען זאל איהם נישט חושד זיין, אז ער האט חשק צו בע־ריהרען דאס היילינקייט פון מצרים.

ווען מען וואלט נישט אזוי געציטערט פאר דער היילינקייט, וואלט אפשר נישט איינער געטראפען צו דעם אוצר. מען האט אבער געוואוסט, אז ווער עס וועט וועלען דעם גרויסען און היילינגען סוד געוואהר ווערען, דער וועט בע־

שטראָפט ווערען מיט זיין גאנצער פאמיליע צום טוידט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט.

עמכם דער דרייצעהנטער, קומענדיג אין יענעם געגענד, האט ער קודם כל בעזוכט די מדינה פּי־יום. וואו ער האט די אויגען געווענדעט, האט ער געזעהן זאפטיגע גראז בעצירט מיט בלומען, פאלמען, וועלדער פון פייגען־בוימער און טאמארינדען, צווישען וועלכע מען האט געהערט זינגען פון זון־אויפגאנג ביז'ן אונטערגאנג. עס האבען געזונגען מענשען און פויגעל. אלעס איז געוועזען לוסטיג.

דאס גליקליכסטע ווינקעל פון מצרים איז דארט געוועזען.

דאס פאלק האט פרעה'ן אויפגענומען מיט גרויס התלהבות. איהם און זיין סוויטע האט מען בעשיט מיט בלומען, מען האט איהם געגעבען עטליכע קריגען מיט די טייערסטע פארפומען און פאר צעהן טאלענטען גאלד אין טייערע שטיינער.

צוויי טאג האט פרעה געווילט אין דעם הערליכען געגענד, וואו עס האט זיך גערדאכט, אז שמחה בליהט אויף די בוימער, פליסט אין דער לופט, שווימט אין וואסער פון די אזיערעס. מען האט איהם אבער דערמאהנט, אז ער מוז בעזוכען דעם לאבירינט.

ער איז זיפצענדיג ארויס פון פי־יום און, פאהרענדיג, האט ער זיך נאך אומגעקוקט הינטער זיך. באלד האט ער אבער דערזעהן דעם ריעזענדיגען גרויען בנין, וועלכער איז מייעסטעטיש געשטאנען אויף דעם בארג.

ביי דעם טהויער פון לאבירינט האט איהם בעגריסט

אַ גרופּע כּהנים און אַביסעל סאָלדאַטען, וועלכע זענען געווען גענצליך ראַזירט.

— ווי כּהנים זעהען אויס די סאָלדאַטען!... האָט ר'עמסס אויסגעשריען.

— יעדער איינציגער פון זיי איז טאַקי אַ כהן פון אַ נידריגער מדרגה און זייערע הויפּטמענער זענען כּהנים פון אַ העכערע מדרגה — האָט איהם געענטפערט דער כהן־גדול פון לאַבירינט.

איינקוקענדיג זיך גוט אין די פּנים'ער פון די משונה'־דיגע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען נישט גענעסען קיין פלייש און האָבען קיין ווייבער נישט געהאַט, האָט ער אין זיי דערזעהן שאַרפזיניגקייט און רוהיגע ענערגיע. ער האָט אויך דערזעהן, אַז זיין הייליגע פּערזאָן האָט דאָרט קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט.

„איך וואָלט זעהר גערן געוואָלט וויסען, ווי אַזוי סמן־תו וועט דאָ טרעפען" — האָט פּרעה געזאָגט צו זיך זעלבסט. ער האָט פערשטאַנען, אַז די מענשען קען מען נישט בעשרעקען און נישט איבערקויפען. אָן יעדען איינציגען פון זיי האָט מען דערקענט אַזוי פיעל זעלבסט־זיכער־הייט, ווי יעדער וואָלט געהאַט אונטער זיין מאַכט גאַנצע מחנות מיט רוחות, וועלכע קיינער קען נישט בעזיגען.

— מיר וועלען זעהן — האָט ער זיך געטראַכט — צי מיינע גריכען אָדער אַזיאַטען וועלען זיך שרעקען פאַר די הייליגע לייט. צום גליק זעגען זיי אַזוי ווילד אַז זיי דערקענען זיך גאָר נישט אויף הייליגער פּנים'ער.

אויף דער ביטע פון די כּהנים, איז די סוויטע פון ר'עמסס דעם דרייצעהנטען געבליבען פאַר דעם טהויער,

ווי זיי וואָלטען געשטעלט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון די סאָלדאַטען מיט די געגאָלטע קעפּ.

— זאָל איך מיין שווערד אויך איבערלאָזען דאָ, פאַר'ן טהויער? — האָט פרעה געפרעגט.

— דיין שווערד שאַדט אונז גאָר נישט — האָט דער העכסטער אויפזעהער געענטפערט.

דער יונגער פרעה האָט בעקומען חשק צו געבען דעם אויפזעהער עטליכע קלעפּ מיט דער שווערד פאַר דער תשובה, וואָס ער האָט איהם געגעבען, נאָר ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען.

דורך אַ גרויסען הויף, צווישען צוויי שורות פון ספינקסען, איז פרעה מיט די כהנים אַריין אין דעם הויפּט-בנין. אין אַ גרויס, טונקעל פאָדערהויז, זענען געווען אַכט טהירען און דער אויפזעהער האָט געפרעגט:

— מיט וועלכער טהיר ווילסט דו, הייליגער פרעה, צוקומען צו דעם אוצר?

— מיט דער טהיר, פון וועלכער עס איז אַמנאָהנטס-טען צו דעם אוצר.

יעדער איינציגער פון די פינף כהנים, וועלכע זענען מיט איהם געגאַנגען, האָט גענומען צוויי בינדלעך מיט שטאָלקאַצען, אָנגעצונדען די שטאָלקאַצען האָט אָבער נאָר איינער. נעבען איהם איז געשטאַנען דער העכסטער אויפזעהער, האַלטענדיג אין דער האַנד אַ גרויסע שנור מיט גלאָז-קרעלען, אויף וועלכע עס זענען געווען אויפגעשריבען עפּעס צייכענס. הינטער זיי איז געגאַנגען רעמסס, זייענדיג אַרומגענומען מיט די איבריגע כהנים.

דער כהן-גדול מיט די גלאָז-קרעלען איז געגאַנגע

רעכבים און איז אריין אין א גרויסען זאל, וואס זיינע ווענד און זיילען זענען געווען בעדעקט מיט אויפשריפטען און פיגורען. פון דארט זענען זיי געקומען אין א ענגען קארידאר, וועלכער איז געווען שיעף און האט געפיהרט אין א אנדערן זאל, וועלכער איז געשטאנען העכער פון דעם ערשטען און האט געהאט זעהר פיעל טהירען. אין דעם זאל האט זיך פאר זיי אבגערוקט א טאוועל אין דער פאדלאגע און דורך דעם לאך זענען זיי געגאנגען אראב נידריגער און דורך א ענגען קארידאר זענען זיי אריינגעקומען אין א צימער, וואו קיין טהיר איז נישט געווען.

דער כהן-גדול האט אבער בעריהרט עפעס א הויפשריפט און די גאנצע וואנד האט זיך אבגערוקט.

רעמסס האט געוואלט גוט אכטונג געבען, ווי זיי געהען, ער האט אבער באלד אין אנהויב נישט געקענט גוט געדענקען. ער האט נאר דאס איינע געוואוסט, אז זיי געהען זיי דורך גרויסע זאלען, קלײנע צימערען ענגע קארידארען, געהען אין דער הויך, אין דער נידער ארויף און אראב, עטליכע זאלען האבען צו פיעל טהירען און אנדערע האבען קיין שום טהיר נישט. גלייכצייטיג האט ער אויך דערזעהן, אז ביי יעדען זאל אין יעדען צימער רוקט דער כהן-גדול אב איין גלאז-קרעל און ביי דער ליכטיגקייט פון שטאלקאץ קוקט ער אויף דער אויפשריפט פון דער קרעל, וועלכע ער רוקט אב און פערגלייכט זי מיט דער אויפשריפט אויף דער וואנד.

— וואו זענען מיר איצט? — האט פרעה פלוצלונג געפרעגט — אונטער דער ערד, צי אין דער הויך?

— מיר זענען אין די הענד פון די געטער — האט

דער כהן גדול געענטפערט. דורכגעהענדיג נאך עטליכע קארידארען און זאלען האט פרעה ווידער זיך אנגערופען:

—מיר זענען דאך שוין דא געוועזען, צוויי מאל אודאי!..

די כהנים האבען געשוויגען, נאר דער כהן, וועלכער האט געטראגען די ברענענדע שטאלקאצען, האט בעלייכטעט די וואנד, איינע נאך דער אנדערער, און רעמסעס, זיך אומקוקענדיג, האט געזעהן, אז דא זענען זיי טאקי נאך נישט געוועזען.

אין א קליינעם צימער אהן טהיר, האט דער כהן נידריגער געהאלטען די שטאלקאצען און פרעה האט דערזעהן אויף דער ערד א פערטריקענטען שווארצען קערפער, וועלכער איז געוועזען איינגעוויקעלט און א פערפוילט מלבוש.

— דאס איז דער קערפער פון א געוויסען פעניציאנער— האט דער כהן-גדול געזאגט — וועלכער האט געפרובט אין דער צייט פון דער זעכצעהנטער דינאסטיע זיך אריינצובעקומען אין דעם לאבירינט און איז געגאנגען ביז דא אהער.

— מ'האט איהם דערהרג'עט? — האט פרעה געפרעגט.

— ער איז געשטארבען פון הונגער.

זיי זענען שוין געגאנגען א האלבע שעה און פלוצלונג האט דער כהן, וועלכער האט געטראגען די שטאלקאצען, בעלייכט עפעס א ארט אין קארידאר, וואו עס איז אויך געלעגען א פער-ריקענטער קערפער.

— דאס איז — האט דער כהן-גדול געזאגט — דער קערפער פון א כהן פון נוב, וועלכער האט געפרובט זיך דא אריינצוחאפען אין דער צייט פון דיין זיידען...

פרעה האט נישט געפרעגט, וואס מיט איהם איז געשעהן. ער האט עפעס געשפירט, אז ער געפינט זיך

אין א טיעף אָרט און דער בנין דריקט איהם מיט זיין לאַסט... צו קענען וויסען דעם וועג צווישען הונדערטער זאַלען, צימערען און קאָרידאָרען, האָט ער גאָר נישט געקענט רעכנען. ער האָט אפילו נישט אָנגעהויבען פּרובען זיך צו ערקלערען, ווי אַזוי שטיינערנע וועגד און פּאָדלאָגעס רוקען זיך אָב פאַר זיי

„סמן־תו וועט דאָ גאָר נישט מאַכען — האָט ער זיך געקלערט — ער וועט אומקומען, ווי די צוויי, וואָס זייערע קערפּערס ליגען דאָ!... איך מוז איהם דאָס דערצעהלען"...

קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געשפּירט אַזאַ אומנאַכט אַזאַ געפיהל פון אונבעהאָלפענקייט, ווי איצט. ציי׳טענווייז האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די כהנים וועלען איהם איבערלאָזען אין איינעם פון די זאַלען, וועלכע האָבען קיין מהיר נישט און ער איז זעהר פערטרויערט געוואָרען; ער האָט דאַמאָלס די האַנד אַראָבגעלאָזט צו זיין שווערט און ער איז בערייט געוועזען זיי צו צוהאַקען. באַלד האָט ער זיך אָבער דערמאָהנט, אַז אָהן זייער הילף וועט ער פון דאַנען נישט אַרויסקומען און ער האָט דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט.

— וואָלט איך חאָטש איין מינוט נאָך געקענט זעהן די טאָגליכטיגקייט!... האָט זיך פּרעה געקלערט — ווי שרעקליך מוז דאָס זיין דער טויט צווישען דריי טויזענד צימערען, וועלכע זענען פול מיט פינסטערניש!...

א גאַנצע שעה זענען זיי שוין געגאַנגען זאַל איין, זאַל אויס, אַרויף און אַראָב, אַראָב און אַרויף און ענדליך זענען זיי אַריין אין א נידריגען זאַל, וועלכער האָט זיך געהאַלטען אויף אַכט־קאַנטיגע סלופּעס. די דריי כהנים, וועלכע האָבען אַרומגענומען פּרעה׳ן, זענען זיך פונאַנדערגעלאָפען און

דערבײַ האָט רעמסס דערזעהן, אַז אײנער פון זײ האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ זײַל און איז אין איהם פערשװאונדען געװאָרען.

נאָך אַ װײַלע האָט זיך געעפענט אַ שמאָל לאָך אין אַ װאַנד, די כהנים זענען צוריקגעגאַנגען אויף זײערע ערטער און דער כהן גדול האָט געהײסען אָנצינדען פיער שטאָלקאַצען. דערנאָך זענען אַלע צוגעגאַנגען צו דעם לאָך און האָבען זיך דאָרט דורכגעשטופּט.

— דאָס זענען קעמערלעך — האָט דער כהן־גדול געזאָגט.

די כהנים האָבען גיך אָנגעצונדען די שטאָלקאַצען, װאָס זענען געװעזען צוגעשלאָגען צו די זײַלען און װענד און רעמסס האָט דערזעהן אַ רײַהע ריזענדיגע צימערען, װעלכע זענען געװעזען פול מיט חפצים, װאָס זײער װערטה־קײַט איז אונמעגליך געװעזען אָבצושאַצען.

דאָרט זענען געװעזען װעגען, שיפלעך, בעטען, טי־שען, קאַסטענס און טראָגען, גאָלדענע אָדער מיט גאָלדע־נער בלעך בעשלאָגענע, און בעציערט איז דאָס אַלעס גע־װען מיט עלפאַנדבײַן, פּערלמוטער און קאָלירט האָלץ. די אויסאַרבײַטונג פון יעדען חפץ האָט געדויערט צעהנדליגע יאָהרען. עס האָבען זיך דאָרט געפונען פאַנצערס און שפּיזען, אויף װעלכע עס האָבען געבלאַנקט זעהר טײַערע שטײנער, קריגען, שיסלען, מלבושים און חופּות...

יעדע דינאַסטיע האָט דאָרט אָבגעגעבען דאָס טײַערסטע, דאָס זעלטענסטע, װאָס זי האָט געהאַט. און װײַל דאָרט איז זעהר טרוקען געװעזען און די לופט איז גע־

ווען רײַן, האָט זיך אַלעס געהאַלטען הונדערטער יאָהרען פריש, אָהן שום ענדערונגען...

צווישען די זעלטענהײַטען האָט פרעה בעמערקט דעם זילבערנעם מאָדעל פון אַ פּאַלאַץ אין אשור, וועלכען סרגון האָט געגעבען זײַן פאָטער רעמסס דעם צוועלפטען. דער כהן־גדול האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אין פרעה׳ס פּנים, בשעת ער האָט איהם ערקלערט פון וועמען יעדע זאַך שטאַמט. אנשטאָט בעז־אונדערונג האָט אָבער דער כהן־גדול דערזעהען אויף פרעה׳ס פּנים אַ אונצופרידענהײַט.

— זאָג מיר, גרויסער כהן — האָט פרעה געפרעגט דעם כהן־גדול — וואָס פאַר אַ נוצען ברענגט דער ריזענ־דיגער אוצר, וועלכער ווערט געהאַלטען אין דער פינס־טערניש?...

— אין דעם אוצר שטעקט אַ גרויסע מאַכט. ווען מצרים וואָלט געווען אין געפאַהר, וואָלט דער אוצר ארויס־געהאָלפען — האָט דער כהן־גדול געענטפערט — פאַר עט־ליכע אזעלכע שווערטען, אָדער פּאַנצערס, קען מען אָב־קויפען אלע זאטראפּען פון אשור. אפילו אסר אלײַן וואָלט זיך געלאָזט איבערקויפען, ווען מיר וואָלטען איהם געגעע־בען עטליכע חפצים אין זײַן זאל אריין.

— איך רעכען, אז זיי וואָלטען בעסער מיט דער שווערט געוואָלט אלעס פון אונז אָבנעהמען, איידער פון אונז עפּעס צו בעקומען — האָט זיך פרעה אָנגערופען.

— אדרבא, זאָלען זיי פרובען — האָט דער כהן־גדול געזאָגט מיט זיכערהײַט.

— איך פערשטעה... איהר האָט אודאי מיטלען די

נאָנצע אוצרות צו פֿערניכטען. נאָר אויב אזוי, וועט דאָך קיינער פֿון זיי גאָר נישט האָבען...

— איך בין גאָר נישט אזוי קלוג, אז איך זאָל דאָס קענען פֿערשטעהן — האָט דער כהן גדול געענטפֿערט. איך היט דאָס, וואָס מען האָט מיר איבערגעגעבען און טהו דאָס, וואָס מען האָט מיך געהייסען.

— וואָלט דען נישט בעסער געוועזען צו פֿערנוצען א קליינעם טייל פֿון דעם אוצר אויף צו שטארקען די קאסע פֿון דער מלוכה און ארויסצוציהען מצרים פֿון דער שקלאַפֿענשאפֿט, אין וועלכער זי ליעגט היינט? — האָט פרעה געפֿרעגט.

— דאָס געהער נישט צו אונז.

פרעה האָט צונויפֿגעצויגען די ברעמען. א געוויסע צייט האָט ער אָנגעקוקט די חפצים קאַלטבלוטיג און דערנאָך האָט ער ווידער געזאָגט:

— גוט. די אַלע אויסארבייטונגען קענען אונז נוצען אויף אָבצוקויפֿען די זאטראפען פֿון אשור. און ווען עס וואָלט אויסגעבראָכען א מלחמה מיט אשור, מיט וואָס וואָלט איהר געקענט ארויסבעקומען פֿון די פֿעלקער תבואה, מענשען און געוועהר? געוועהנליכע מענשען קענען זיך דאָך נישט אויף די זעלטענהייטען!...

— עפֿנען וויטער!... האָט דער כהן גדול ארויסגעגעבען א בעפֿעהל.

די כהנים זענען זיך ווידער פֿונאַנדערגעלאָפֿען; צוויי זענען פֿערשוואונדען געוואָרען אין עפּעס אַ סלופּ און איינער איז מיט א לייטער ארויף אויף א וואנד און ביי א געשניצטער פֿיגור האָט ער עפּעס געטאַכט.

און ווידער האָט זיך אָבגערוקט אַ האַנד און רעמסס איז אַריין אין דעם זאַל, וואו דער אמת'ער אוצר איז געוועזען.

אין דעם ריזיגענדינגען זאַל זענען געשטאַנען פעסער מיט גאָלד-זאַמד, עס זענען געלעגען גרויסע קנוילען גאָלד און גאָלד-שטאַבען. די גאָלדענע קנוילען זענען געלעגען נעבען אַ וואַנד איינע אויף דער אַנדערער, ווי אַ מויער ביז צו דעם סופית און אין דער דיקקייט האָט די מויער געהאַלטען עטליכע איילען.

אין אָפענע שענק און אויף שטיינערנע טישען זענען געלעגען טייערע שטיינער פון פערשידענע קאָלירען: רובינען, טאָפּאַזען, שמאַראַגדען, דימאַנטען, פערל, וועלכע זענען געוועזען גרויס ווי ניס און אויך אַזעלכע, וואָס זענען געוועזען גרויס ווי פויגעל-אייער, פאַר איינע פון די פערל אָדער שטיינער, וואָלט מען געקענט אָבקויפען אַ גאַנצע שטאָדט.

— דאָס איז אונזער פערמעגען, מיט וועלכען מיר וועלען זיך קענען ראַטעווען אין אַ אונגליקס-צייט — האָט דער כהן גדול געזאָגט.

— אויף וואָס פאַר אַ אונגליק וואַרט איהר, ביז איהר וועט פון דאַנען עפּעס נעהמען? — האָט פרעה געפרעגט — דאָס אָרמע פאָלק, דער אַדעל און דער קעניגליכער הויף, די אַרמעע איז פערקלענערט מיט אַ העלפט, פרעה האָט קיין געלד נישט... צי איז מצרים אַ מאָל שוין געוועזען אין אַ ערגערער לאַגע?...

— מצרים איז שוין געוועזען אין אַ ערגערער לאַגע, ווען היקסאָסען זענען אָנגעקומען.

— אין עטליכע יאהר ארום, וועלען אונז מנצח זיין אפילו יודען, אויב די לובים אדער כושים וועלען אונז פריהער נישט צושלאגען ... און דאן וועלען די שענע, הערליכע שטיינער צושלאגען ווערען אויף קליינע שטיקעלעך און די סאנדאלען פון יודישע פרויען אדער נעגערינס וועלען מיט זיי בעצירט ווערען ...

— זיי רוהיג, הייליגער פרעה. ווען מען וועט דארפען, וועט נישט נאר דער אוצר, אבער אויך דער גאנצער לאבירינט וועט פערשוואונדען ווערען צוזאמען מיט זיינע אויפזעהער ...

רעמסס האט ענדליך פערשטאנען, אז ער האט פאר זיך פאנאטיקער, וועלכע קלערען נאר פון איין זאך: קיינעם נישט צו דערלאזען בעהערשען דעם אוצר ...

פרעה האט זיך געזעצט אויף א בארג פון גאלדענע קנוילען און געזאגט:

— האלט איהר אליין דעם אוצר אויף א צייט פון אומגליק?

— אמת זאגסט דו, הייליגער פרעה.

— גוט. אבער ווער וועט אייך אויפזעהער איבערציינען, אז דאס אומגליק איז דא, ווען מצרים וועט זיך מאקי געפינען אין א אומגליק?

— איידער מען ריהרט עפעס פון דעם אוצר, מוז פארקומען א פערזאמלונג פון געבוירענע מצריים. אין דער פערזאמלונג מוזען זיך בעטייליגען פרעה, דרייצעהן העכערע כהנים, דרייצעהן הויפטמענער פון פראווינצען, דרייצעהן אדעללייט, דרייצעהן אפיצירען, דרייצעהן סוחרים, דרייצעהן בעלי-מלאכות און דרייצעהן פויערען ...

— וועט איהר אלוא אזא פערזאמלונג אבגעבען דעם אוצר? — האט פרעה געפרעגט.

— מיר וואלטען געגעבען די נויטוועגדיגע סומע, ווען די גאנצע פערזאמלונג ווי איין מענש וואלט זיך ארויס-געזאגט, אז מצרים איז איז א סכנה און...

— און וואס?

— און ווען דאס בילד פון גאט עמון אין טעבן וואלט דאס בעשטעטיגט.

רעמסס האט אראבגעלאזט דעם קאפ, אום דער כהן גדול זאל גישט זעהן דעם אויסדרוק פון צופריעדענהייט אויף זיין פנים. ער האט שוין געהאט א פערטיגען פלאן.

„אזא פערזאמלונג וועל איך צונויפרופען און נויט'ן איינשטימיג צו זיין... האט ער זיך געקלערט — עס דאכט זיך מיר אויך, אז דאס געטליכע בילד פון עמונ'ען וועט בעשטעטיגען דעם בעשלוס, ווען איך וועל זיינע כהנים ארומנעהמען מיט מיינע אזיאטען"...

— איך דאנק אייך, היילינגע לייט — האט פרעה היינט געזאגט — איך דאנק אייך דערפאר, וואס איהר האט מיר געוויזען די קאסטבארקייטען, מיט וועלכע איך בין פארט דער ערעמסטער מלך אויף דער וועלט. און איצט בעט איך אייך, איהר זאלט מיך ארויספיהרען פון דאנען מיט דעם קירצסטען און בעקוועמסטען וועג.

— מיר ווינשען דיר, היילינגער פרעה — האט דער כהן גדול געענטפערט — אז דו אליין זאלסט אבגעבען דעם לאבירינט אזוי פיעל, וויפיעל עס געפינט זיך היינט אין איהם... און וואס אנבעלאנגט דעם וועג ארויסצוגעהן פון דאנען, האבען מיר נאר איינעם און ארויסגעהן מוזען מיר

מיט דעם זעלבען, וואס מיר זענען געקומען.

איין כהן האט געגעבען רעמססן אביסעל טייטלען, דער צווייטער — א פלאש ווייַן מיט שטארקענדע טראפען. פרעה האט זיך געשטארקט און איז געגאנגען לוסטיג.

— איך וואלט פיעל געגעבען — האט ער געזאגט לאבענדיג — איך זאל קענען פערשטעהן, ווי אזוי איהר טרעפט צו דעם אוצר.

דער כהן גדול האט זיך אבגעשטעלט.

— איך פערזיכער דיר, הייליגער פרעה, אז מיר אליין פערשטעהען נישט, האט ער געזאגט — מיר געדענקען אפילו נישט דעם וועג, חאטש יעדער פון אונז שוין געגאנגען מעהר פון צעהן מאל...

— און ווי אזוי טרעפט איהר דא אהער?

— מיר בענוצען זיך מיט געוויסע צייכענס, און ווען איין צייכען וואלט אונז פערלוירען געגאנגען, וואלטען מיר דא געמוזט שטארבען פון הונגער.

ענדליך זענען זיי געקומען אין פארערהויז און פון דארט אין הויף. פרעה האט זיך גוט אומגעקוקט און געזיפצט.

— ווען מען וואלט מיר אפילו געשענקט דעם גאנ־צען אוצר פון לאבירינט, וואלט איך איהם נישט געוואלט היטען — האט ער געזאגט — עס פאלט מיר א שרעק אויף דאס הארץ, ווען איך דערמאהן זיך, אז מען קען דארט לייכט שטארבען פון הונגער...

— מען קען אבער צונעבונדען ווערען צו די מויערען האט דער כהן גדול געענטפערט מיט א שמייכעל.

פּרעה האָט געדאַנקט יעדען איינציגען פון זיינע וועג־ווייזער און זיין דאַנק האָט ער אַזוי געענדיגט:

— איך וואָלט איינך גערן עפּעס אַ חסד געטהון, נאָר איך ווייס נישט וואָס. זאָגט איהר...

די כהנים האָבען די ווערטער אויסגעהערט קאַלט־בלוטהיג און דער כהן־גדול האָט געענטפערט:

— זיי מיר מוחל, הערשער, מיין העזה, אָבער וואָס וואָלטען מיר געקענט פערלאַנגען?... אונזערע פייגען און טייטלען זענען אַזוי זיס, ווי די פייגען און טייטלען, וואָס וואַקסען אין דיין גאָרטען, דאָס וואַסער איז אַזוי גוט, ווי פון דיין ברונען. ווען מיר וואָלטען געוואָלט עשירות, האָבען מיר אויך מעהר פון אַלע מלכים!...

„די לייט וועל איך מיר נישט ערווערבען — האָט זיך פּרעה געקלערט — נאָר... איך וועל זיי געבען אַ בעשלוס פון אַ פערזאַמלונג און אַ בעשטעטיגונג פון דעם גאָט עמון"...

## אכטעם קאַפּיטעל.

אַרויספאָהרענדיג פון פי־יום, האָט פּרעה מיט זיין סוויטע געריזט אויפ'ן וואַסער צוואַנציג טעג אויף דרום־זייט, אין דער הייך פון נילוס, זייענדיג אַרומגענומען מיט אַ גאַנ־צע חמאַרע שיפלעך, ווערענדיג אומעטום בעגריסט מיט הויכע אויסגעשרייען און בעשיט מיט בלומען.

אויף ביידע ברעגען פון נילוס, האָבען זיך געצויגען לעהמענע הייזלעך, גרינע פעלדער, וועלדער פון פייגען־בוימער און פּאַלמען. יעדע שטונדע האָט מען געזעהן ווייסע הייזלעך פון עפּעס אַ שטעדטעל, אָדער אַ גרעסערע

שטאָדט מיט געמאָלטע הײַזער און ריזענדיגע טהורמען פון בית־מקדש׳ס.

אויף מערב־זײַט האָט מען נישט זעהר קלאָר געזעהן די וואַנד פון די לובישע בערג; אויף מזרח־זײַט האָט מען אָבער וואָס אַ מאָל דײַטליכער געזעהן די אַראַבישע בערג, וועלכע זענען נעהנטער צוגעקומען צו דעם טײַך. און מען האָט געקאָנט זעהן די ריזענדיגע, טונקעלע, געלע אָדער רויטע פעלזען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן, ווי חורבות פון אַ פעסטונג אָדער אַ בית־מקדש, וואָס זענען געבויעט געוואָרען דורך ריזען.

אין מיטען דעם נילוס האָט מען אָנגעטראָפען קלײַנע אינזעלעך, וועלכע האָבען אויסגעזעהן, ווי זײ וואָלטען זיך ערשט נעכטען אַרויסגעחאַפּט פון אונטער דעם וואַסער און הײַנט זענען זײ שוין בעדעקט געוואָרען מיט גרינס און בעוואָהנט געוואָרען דורך פיעל סטאַדעס פון פײַגעל. און אין דער הויך איז געווען אַ רײַנער הימעל און אַ ליכטיגקײַט. וואָס איז געווען אַזוי פול מיט לעבען, אַז נענען איהר האָט נעבלאַנקט אפילו די שווארצע ערד און די שטײַנער האָבען בעקומען פאַרבען פון אַרעגענבויגען.

די צײַט איז אַלזאָ פרעה׳ן פאַראיבער לוסטיג. אין אָנפאַנג האָבען איהם אַביסעל געדײַצט די געשרײַען, דער־נאָך איז ער אָבער געוואָרען אַזוי צוגעוואָהנט צו זײ, אַז ער האָט זײ אפילו נישט בעמערקט. ער האָט געקיזנט לעיענען כתבים אָבהאַלטען בעראַטהונגען און אפילו שלאָפען, בעת דער המון האָט געשריען.

בערך פערציג מײַל פון פיוּם, אויף דעם לינקען ברעג פון נילוס, האָט זיך געפונען אַ גרויסע שטאָדט ושט.

אין וועלכער רעמסס האט געוויילט עטליכע טעג. ער האט זאגאר דארט בעדארפט ווילען, וויל די מומיע פון דעם געשטארבענעם פרעה איז נאך געווען אין אבידות, וואו עס זענען אפגעריכט געווארען תפלות.

שוט איז געווען איינע פון די רייכסטע שטעדט אין העכערן מצרים, דארט זענען אויסגעארבייט געווארען כלים פון ווייס און שווארץ לעהם. דארט איז אויך געוועבט געווארען לייַנוואנד. דא איז אויך געווען דער הויפטמארק, אויף וועלכען מען האט געבראכט סחורות פון די אאזען, וועלכע זענען געווען פונאנדערגעווארפען אין דער מדבר, דארט איז אויך געווען דאס בעריהמטע בית־מקדש פון דעם גאט ענובית, וועלכער האט געהאט א װאלפען־קאפּ.

ווען רעמסס האט געוויילט אין דער שטאדט, איז צו איהם געקומען דער כהן־גדול פענטוער, דער הויפטמאן פון דער קאמיסיע, וועלכע האט בעטראכט די לאגע פון פאלק.

— דו האסט עפּעס נייעס צו דערצעהלען?— האט פרעה געפרעגט

— איך האב דיר איבערצוגעבען, אז גאנץ מצרים בענשט דיך, הייליגער פרעה, אלע, מיט וועמען איך האב נאר גערעדט, זענען פול מיט האפנונג און זאגען, אז דו וועסט אויפלעבען די מלוכה.

— איך וויל—האט פרעה געענטפערט—אז מיינע אונ־טערטהענער זאלען זיין גליקליך און דאס פאלק זאל פריי אבאטהעמען. איך וויל, אז מצרים זאל האבען, ווי א מאל, אכט מיליאנען בעפעלקערונג און עס זאל צוריק בע־קומען די ערד, וואס די מדבר האט פערנומען. איך וויל

אז יעדער מענש זאָל רוהען יעדען זיבענטען טאָג און יעדער פויער זאָל האָבען זיין אייגען שטיקעל ערד...

פענטועך איז געפאַלען אויף זיין פנים פאַר פרעה׳ן.

— הויב זיך אויף—האָט רעמסס צו איהם געזאָגט— איך מוז דיר אָבער זאָגען, אז איך בין א ווײַלע זעהר טרויעריג געוועזען. איך זעה דאָס אונגליק פון מיין פאָלק, איך וויל דאָס פאָלק ארויסהויבען פון זיין שלעכטער לאַגע און גלייכצייטיג דערצעהלט מען מיר אָבער, אז דער אוצר פון מלוכה איז לעער. און דו אליין ווייסט דאָך זעהר גוט, נישט האָבענדיג עטליכע צעהנדליגע טויזענדער מזומן געלד, קען איך דעם פאָלק גאָר נישט העלפען.

היינט בין איך אָבער רוהיג, זייך האָב בעקומען א מיטעל געלד צו בעקומען פון דעם לאַבירינט...

פענטועך האָט מיט בעוואונדערונג געקוקט אויף פרעה׳ן.

— דער אויפזעהער פון לאַבירינט האָט מיר ערקלערט, וואָס איך האָב צו טהון—האָט פרעה ווייטער געזאָגט—איך מוז צונויפרופען א אלגעמיינע פערזאמלונג פון אלע שטאַנדען, צו דרייסיג מענשען פון יעדען שטאַנד און ווען זיי וועלען זאָגען, אז מצרים דאַרף געלד, וועל איך בעקומען אוצרות פון דעם לאַבירינט.

געטער! — האָט ער ווייטער געזאָגט — מיט עטליכע, אפילו מיט איינעם פון די טייערע שטיינער, וועלכע ליגען דאָרט, קען מען געבען דעם פאָלק פונפציג רוהע-טעג אין יאָהר!... בעסער בענוצען די אוצרות ווי צו דעם צוועק, קען מען אודאי נישט!

פענטועך האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— הערשער!... האט ער אויסגעשריִען — זעקס מיליאָנען מצריים און איך מיט מיינע פריינד װעלען בע־שטעהן דערויף, דו זאלסט נעהמען געלד פון דעם לאַבי־רינט. דו דאַרפסט אָבער קיין טעות ניט האָבען!... הונדערט הויך אָנגעשטעלטע פון דער מלוכה װעלען זיך עקש׳נען און דיר קיין געלד נישט װעלען געבען, און דאַן װעסט דו פון לאַבירינט גאָר נישט בעקומען...

— בכן װילען זיי, אז איך זאָל װערען אַ בעטלער!... האט פּרעה געזאָגט מיט כעס.

— ניין—האט פענטוער געענטפערט—זיי װעלען מורא האָבען, אז דער אוצר, פון װעלכען עס איז אַ מאָל עפּעס געדיהרט געװאָרען, זאָל נישט אין גאַנצען לעער װערען, זיי װעלען חושד זיין די טייערסטע קנעכט פון דעם הייליגען פּרעה, אז זיי האָבען דערביי גרויסע פערדיענסטען...און דאַן װעט זיי די קנאה זאָגען: פאַר װאָס זאָלט איהר גאָר נישט האָבען פון דעם לאַבירינט?... נישט די שנאה צו דיר װעט זיי אָבהאַלטען דיר צו געבען געלד, נאָר די גע־געגנזייטיגע אונטרוי...

פּרעה האט זיך אַביסעל בערוהיגט און געשמייכעלט.

— אויב עס איז אַזוי, װי דו זאָגסט, ליעבער פענ־טוער, קענסטו רוהיג זיין — האט ער געזאָגט — איצט האָב איך גוט פערשטאַנען, פאַר װאָס דער גאָט עמון האט בע־שטימט די מאכט פון פּרעה׳ן און ער האט איהם געגעבען אַ גרויסע גבורה, דערפאַר, אז הונדערט גרויסע רשעים זאָלען נישט קענען אומברענגען די מלוכה.

רעמסעס האט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שטוהל און װייטער געזאָגט:

— זאָג מײַן פֿאָלק, עס זאָל אַרבײַטען און געדולדיג האָבען.. זאָג די כּהנים, װעלכע זענען מיר טרײַ, זײַ זאָלען דיענען די געטער און זיך בעשעפֿטיגען מיט זײַערע חכמות, װעלכע זענען די ליכטיגקײַט פֿון דער װעלט... װעה איז אָבער זײַ, אויב זײַ װעלען מײַן הארץ דערצירנען!

— הערשער! — האָט דער כּהן געזאָגט — איך בין דײַן טרײַער דיענער.

װען ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון פּרעה'ן, האָט מען אין זײַן פּנים דערקענט זאָרג.

פּופּצעהן מײַל פֿון שוט, דערגרײַכען די װילדע פֿעלזען צו דעם נילוס; די לובּישע בערג שטעהען אָבער װײַט פֿון דאָרט און דער טהאָל אויף יענעם אָרט איז דער ברײַטסטער טהאָל אין מצרים.

אין דעם טהאָל זענען געװען צװײַ גרויסע שטעדט, טיניס און אבידות.

דאָרט איז געבוירען געװאָרען מענעס, דער ערשטער פּרעה פֿון מצרים. דאָרט האָט מען פֿאַר הונדערט טויזענדער יאָהרען גובר געװען דעם גאָט אָזירים, װעלכעס זײַן ברודער טיפֿאָן האָט געהרג'עט.

דאָרט האָט דער פּרעה שת אויפֿגעבויעט אַ בית־מקדש, צו װעלכען עס זענען אָנגעקומען מענשען פֿון גאַנץ מצרים. יעדער פֿרומער מצרי האָט חאָטש אײַן מאָל אין לעבען געמוזט בעריהרען מיט זײַן שטערן די הײליגע ערד פֿון דעם בית־מקדש. און אמת'דיג גליקליך איז געװען דער מצרי, װאָס זײַן מומיע האָט געקענט געפֿיהרט װערען קײַן אבידות און זיך אויפֿהאַלטען חאָטש פֿון װײַטענס אונטער די מויערן פֿון דער שטאָדט.

די מומיע פון רעמסס דעם צוועלפטען האט זיך דארט אויפגעהאלטען עטליכע טעג; ער איז דאך געוועז א הערשער, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פרומקייט. עס איז קיין וואונדער נישט, וואס רעמסס דער צוועלפטער האט ביים אנפאנג פון זיין הערשען געמוזט זיין אויף דעם קבר פון אוזיריס'ן.

דאס בית-המקדש, וואס דער פרעה שת האט געבויעט, איז נישט געוועזן דאס עלטסטע און דאס שענסטע אין מצרים, דערפאר איז עס געבויעט געוועזן אין ריינעם מצרי'שען סטיל. רעמסס דער צוועלפטער חאט דאס בית-מקדש בעזוכט און האט דארט מקריב געוועזן קרבנות צוזאמען מיט דעם כהן-גדול שם.

דער פלאץ, וועלכער האט געהערט צו דעם בית מקדש, האט פערנומען א שטח פון הונדערט און פופציג מארגעס, אויף וועלכע עס זענען געוועזן אזיערעס מיט פיש, גערטנער מיט בלומען, פרוכטען און גרינצייג, ווי אויך קליינע פאלאצען פון די כהנים. עס האבען דארט אויך געוואקסען פאלמען, פייגען, פאמעראנצען, טאפאלעס, אקאציעס, וועלכע האבען געבילדעט אלעען, וועלכע האבען זיך געצויגען גלייך און אלע בוימער זענען גלייך גרויס געוועזן.

די פאלאצען, טאמארינדוסען, ציפרעסען און מירטען זענען געוועזן אויסגעשטעלט ווי די סאלדאטען אין גלייכע רייהען. דאס גראז איז געוועזן ווי א געשוירענער דיוואן, וועלכער איז בעשיצט מיט מאלערייהען און בלומען פון א קאליר, וועלכע איז דארט נויטווענדיג געוועזן. דאס פאלק, וועלכעס האט געקוקט פון דער הויך אויף דעם

פלאַץ. האָט געזעהן אויף איהם בליהענדע בילדער פון געטער אָדער פון הייליגע חיות און בהמות; אַ חכם האָט אויף זיי געזעהן קלוגע אויפשריפטען.

אין מיטען די גערטנער איז געווען אַ פלאַץ, וועלכער האָט געהאלטען 900 טריט אין דער לענג און 300 אין דער ברייט. דער פלאַץ האָט געהאַט ארום זיך אַ נישט זעהר הויכע מויער, אין וועלכער עס איז געווען איין טהויער, וועלכעס יעדער האָט געזעהן און עטליכע פערבאָרגענע מויערען. דורך דעם טהויער, וואָס יעדער האָט געזעהן, איז דאָס פאָלק אריינגעגאנגען אין היף פון אָזיריס'ענס בית-מקדש, וועלכער איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער. אין מיטען איז געשטאַנען דאָס פיערקאַנטיגע בית-מקדש, וועלכעס האָט געהאלטען פיער הונדערט און פערציג טריט אין דער לענג און הונדערט פופציג טריט אין דער ברייט.

פון דעם פאָלקס-טהויער ביז צום בית-מקדש איז געווען אַ אַלעע פון ספינקסען, וועלכע האָבען געהאַט קערפערס פון לייבען און קעפּ פון מענשען, זיי זענען געשטאַנען אין צוויי רייהען, צו צעהן אין יעדער רייהע און זיי האָבען זיך געקוקט אין די אויגען. צווישען די ספינקסען זענען דורכ-געגאנגען נאָר די גרעסטע לייט פון די כהנים גדולים.

אין סוף פון דער אַלעע, אויף דעם פאָלקס-טהויער זענען געשטאַנען צוויי דינע, הויכע, פיערקאַנטיגע זיילען פון גראַניט, אויף וועלכע עס איז געווען אויפגעשריבען די געשיכטע פון פרעה שת.

הינטער די זיילען איז געווען דאָס ריעזענדיגע טהויער פון בית-מקדש, וועלכעס האָט געהאַט אין ביידע זייטען

ריזיגע זײַלען אין געשטאלט פון אָבגעהאַקטע פּיראַמי־
דען. אויף זייערע ווענד זענען געווען מאלערייען, וועלכע
האָבען פאָרגעשטעלט די נצחונות פון שת'ן און די קרבנות,
וואָס ער האָט מקריב געווען די געטער.

אין דעם טהויער האָבען פויערען נישט געטאָרט
אַרייַנגעהן. דאָרט זענען אַרייַנגעגאַנגען נאָר רייַכע לייַט און
אויך אָנגעשטעלטע פּערזאָנען. דאָס טהויער האָט געפיהרט
אין אַ הויף, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט קאָרי־
דאָרען, וואָס האָבען זיך געהאַלטען אויף פיעל זייַלען.

אַרעל־לייַט האָבען אויך געקענט אַרייַנגעהן פון הויף
אין דעם ערשטען זאַל, וועלכע האָט געהאַט אַ סופיט,
וואָס איז געווען אָנגעשפּאַרט אויף צוויי הויכע זייַלען. אין
דעם זאַל האָבען געקענט אַרייַן צוויי טויזענד מאַן און ווייַ־
טער האָבען געוועהנליכע מענשען שוין נישט געטאָרט
געהן. די גרעסטע לייַט אין לאַנד, וועלכע זענען קיין
כּהנים נישט געווען, האָבען געהאַט דאָס רעכט נאָר דאָ
מתפלל צו זייַן און פון דאַנען צו קוקען אויף דעם בילד
פון גאָט, וועלכעם איז געשטאַנען אין דעם זאַל פון „גאָטס־
ערשייַנונג".

נאָך דעם זאַל פון „גאָטס־ערשייַנונג", איז געווען דאָס
צימער פון „קרבנות־טישען", וואו די כּהנים האָבען געלעגט
די מתנות, וואָס דאָס פאָלק האָט געבראַכט די געטער. נאָך
דעם צימער איז געווען אַ „רוהע־צימער", וואו עס האָט גערוהט
דער גאָט, וועלכער האָט געזאָלט אַרויסגעטראָגען ווערען
אָדער ער איז צוריקגעקומען אויף אַ פּראָצעסיע. דאָס לעצטע
צימער איז געווען אַ קודש־קדשים: דאָרט האָט דער גאָט
געוואָהנט.

דער קודש-קדשים איז געווען זעהר קליין און פינס-טער; אין איין שטיין איז ער געווען אויסגעהאקט. ארום איהם, אין אלע זייטען זענען געווען אויך קליינע בית-מקדש'ס, אין וועלכע עס זענען געלעגען קליידער און כלים מיט ציערונג פון דעם גאט, וועלכער איז געשלא-פען אין דעם קודש-קדשים, זיך געבאדען, געשמירט מיט פארפומען, געגעסען און געטרונקען און אויך שענע, יונגע פרויען זענען צו איהם דארט אריינגעגאנגען.

אין דעם קדש-קדשים איז אריינגעגאנגען נאר דער כהן-גדול און דער הערשענדער פרעה אויב ער איז געווען א כהן. ווען א געוועהנליכער איז דארט אריינגעקומען, האט ער געמוזט שטארבען.

די ווענד און די זיילען פון יעדען זאל זענען געווען בעדעקט מיט אויפשריפטען און מאלערייען. אין דעם קארידאר, וואס איז געווען ארום דעם הויף זענען געווען די פארטרעטען און די נעמען פון אלע פרעה'ס: פון מענעס'ן דעם ערשטען הערשער פון מצרים ביז רעמסס דעם צוועלפטען. אין דעם זאל, וואו די ארעללייט האבען געמעגט אריינקומען, איז געווען פארגעשטעלט די נעא-גראפיע און די סטאטיסטיק פון מצרים, ווי אויך פון די איינגענומענע לענדער. אין דעם „ערשיינונג-זאל" האט זיך געפונען א קאלענדאר און א רעזולטאט פון די שטערנזע-הערס בעטראכטונגען. אין די צימערען פון די „קרבנות-מישען" און „רוהע", זענען געווען בילדער וועגען די רע-ליגיאנס-מצוות און אין קודש-קדשים זענען געוועזן פאר-שריפטען וועגען ארויסרופען מלאכים און רוחות און בע-הערשען די נאטור.

די פֿאַרשרײַפֿטען צו בעהערשען די נאַטור זענען געװען געשריבען אַזױ פֿערװירט און פֿערפֿלאָנטערט, אַז אפילו די כהנים פֿון רעמסס דעם צװעלפֿטענס צײַטען האָבען זײ נישט געקענט פֿערשטעהן. נאָר דער כשדי בר־אות האָט דאָס געזאָלט גוט פֿערשטעהן.

רעמסס דער דרײַצעהנטער האָט אין דעם רעגירונגס־פּאַלאַץ אין אבידות גערוהט צװײ טעג און דערנאָך איז ער געגאַנגען אין דעם בית־מקדש אַרײַן. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ װײַס העמד, אַ גאָלדענעם פּאַנצער, אַ שירצעל, אַ שטאָלענע שװערט אָן דער זײַט און אַ גאָלדענעם העלם אויפֿ'ן קאָפּ. ער האָט זיך געזעצט אויף אַ פֿוהר, װאָס איהרע פֿערד, װעלכע זענען געװען בעצירט מיט שטרויס־פֿעדערן, זענען געפֿיהרט געװאָרען דורך הויפּטלײַט פֿון פּראָװינצען.

פֿאָהרענדיג לאַנגזאַם צוזאַמען מיט זײַן סוויטע אין דעם בית־מקדש אַרײַן האָט ער געזעהן, אַז אומעטום: אויף די פֿעלדער, אויפֿ'ן טײַך, אויף די דערפֿער פֿון די הײַזער, אויף די צװײַגען פֿון פֿײַגענבוימער און טאַמאַרינדוסען זע־נען געשטאַנען מחנות מענשען, װעלכע האָבען זעהר הויך געשריען.

קומענדיג צו דעם בית־מקדש, האָט פּרעה אָבגע־שטעלט די פֿערד און איז אַרויס פֿון דער פֿוהר פֿאַר דעם פֿאָלקס־מהויער. דאָס איז דעם המון זעהר געפֿעלען געװאָ־רען און די כהנים האָבען זיך דערפֿון זעהר געפֿרײַעט. צו פֿוס איז ער דורכגעגאַנגען די אַלעע מיט די ספֿינקסען, און װערענדיג בעגריסט דורך די כהנים, האָט ער מקריב געװען קטורת פֿאַר די בילדער פֿון שת'ן, װעלכע זענען

געזעסען אין בײדע זײטען פון דעם גרויסען טהויער.

אין דעם הויף האט דער כהן-גדול געמאכט פרעה'ן אויפמערקזאם אויף די הערליכע פארטרעטען פון די פרעה'ס און ער האט איהם געוויזען דאס ארט, וועלכעס איז בעשטימט געווארען אויף זײן בילד. געהענדיג ווײטער האט ער ערקלערט די בעדײטונג פון די געאגראפישע מאפעס און פון די סטאטיסטישע טאוולען. אין דעם זאל „גאטס ערשײנונג" האט רעמסס מקטיר געווען קטורת פאר'ן ריזענדיגען בילד פון אזירים און דער כהן גדול האט איהם געוויזען סלופעס, וועלכע זענען בעשטימט געווען געווײסע פלאנעטען: מערקורי, ווענוס, לבנה, מארס, יופיטער און סאטורן. די סלופעס זענען געשטאנען ארום דעם בילד פון דעם גאט פון דער זון.

— דו זאגסט מיר — האט פרעה געפרעגט — אז עס זענען פערהאנען זעקס פלאנעטען און פאר וואס שטעהען דא זיעבען סלופעס?

— דער זיעבענטער סלופ בעדײטעט די ערד, וועלכע איז אויך א פלאנעט — האט דער כהן גדול שטיל געזאגט.

פרעה האט זיך געוואונדערט און פערלאנגט ערקלערונגען; דער כהן גדול האט אבער געשוויגען, ווײזענדיג מיט דער האנד, אז מעהר טאר ער נישט רעדען.

פון דעם צימער פון „קרבנות-טישען" האט זיך געהערט א שטילע, שענע מוזיק און דערבײ האט א כאר פון כהנות אויפגעפיהרט א פײערליכען טאנץ. פרעה האט אראבגענומען זײן גאלדענעם העלם מיט זײן קאסט בארען פאנצער און בײדע געשענקט אזירים'ן, פערלאנגענדיג, אז די בײדע מתנות זאלען בלײבען אין געטליכען שוץ און נישט איבערגעגעבען ווערען אין לאבירינט.

פֿאַר דער נדבה האָט דער כהן-גדול איהם געשענקט די שעהנסטע פֿופֿצעהן-יעהריגע טענצערין, וועלכע איז דערפֿון זעהר צופֿריעדען געוועזען.

ווען פּרעה איז אַריין אין דעם „רוהע-זאַל“, האָט ער זיך געזעצט אויף דעם טהראָן און זיין רעליגיאָנס-פֿערטרעטער, שם, איז אַריין אין קודש-קדשים, מקריב זייענדיג קטורת בעת די מוזיק האָט געשפּיעלט.

אַ האַלבע שעה דערנאָך, האָבען די גלאָקען הויך געקלונגען און אין דער טונקעלקייט פֿון דעם זאַל האָט זיך בעוויזען אַ גאָלדען שיפֿעל, וועלכעס איז געוועזען בעדעקט מיט פֿאָרהאַנגען, וואָס האָבען זיך בעוועגט, ווי הינטער זיי וואָלט געזעסען אַ לעבעדיג בעשעפֿניש.

די כהנים זענען געפֿאַלען אויף די פּנים'ער און רעמסעס האָט זיך גוט איינגעקוקט אין די דורכזיכטיגע פֿאָרהאַנגען. איין פֿאָרהאַנג האָט זיך אָבגערוקט און פּרעה האָט דערזעהן אַ העררליך שען קינד, וועלכעס האָט געקוקט אויף איהם מיט אַזעלכע קלוגע אויגען, אַז ער איז אַזש דערשראָקען געוואָרען.

— אָט איז חרות! — האָבען די כהנים שטיל געזאָגט — חרות, די אויפֿגעהענדע זון... ער איז אַ זוהן און אַ פֿאָטער פֿון אָזירים'ן און אַ מאַן פֿון זיין מוטער, וועלכע איז זיין שוועסטער.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ פּראָצעסיע אינווענדיג אין בית-מקדש. צום ערשטען זענען געגאַנגען מענשען מיט האַרפֿען און טענצערינס, דערנאָך אַ ווייסער אָקס מיט אַ גאָלדענעם שטערן צווישען די הערנער. ווייטער זענען געגאַנגען צוויי כאָרען פֿון כהנים-גדולים, וועלכע האָבען גע-

טראָגען דעם גאָט, דערנאָך זענען ווידער געגאַנגען כּאָרען און נאָך זיי האָבען אַכט כהנים געטראָגען די לעקטיקע, אין וועלכער פרעה איז געזעסען.

ווען די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען אַלע זאַלען און קאָרידאָרען פון בית־מקדש, זענען חרות מיט פרעה׳ן צוריק אין דעם „רוהע זאל“. די פאָרהאַנגען פון דעם שפּיעל האָבען זיך ווידער אָבגעריקט און דאָס שענע קינד האָט געשמייכעלט צו פרעה׳ן.

דערנאָך האָט שם דאָס שפּיעל מיט דעם גאָט צוריק אָבגעטראָגען אין דעם קודש־קדשים.

— אפשר וואָלט בעסער געווען צו ווערען כהן־גדול? — האָט זיך נעטראַכט רעמסס, וועלכען דאָס קינד איז אַזוי געפעלען געוואָרען, אַז ער וואָלט עס גערן זעהר אָפט געזעהן.

נאָר ווען ער איז אַרוים פון דעם בית־מקדש און ער האָט דערזעהן די זון און אַ גרויסען המון, וועלכער האָט זיך זעהר געפרייעט, האָט ער אין זיך געמוזט מודה זיין, אַז ער פערשטעהט גאָר נישט. ער האָט נישט פערשטאַנען פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דאָס קינד, וועלכעס איז גאָר נישט ענליך צו די קינדער פון מצרים און פון וואַנען עס נעהמט זיך די איבערמענשליכע קלוגהייט, וועלכע מען זעהט אין זיינע אויגען. נאָך מעהר האָט ער נישט פערשטאַנען, וואָס דאָס אַלעס בעדייטעט...

פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָהנט אָן זיין קינד, וועלכעס איז דערהרג׳עט געוואָרען, וועלכעס איז אויך אַזוי שען געווען און ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט אין געגענווארט פון זיינע הונדערט טויזענד אונטערטהענער.

— ער איז איבערצייגט געוואָרען!... תשובה טהוט ער!... האָבען די כהנים געזאָגט — ער איז נאָר אַריין אין דעם בית-מקדש פון אָזיריס'ן און שוין איז זיין הארץ גע-ריהרט געוואָרען!...

דעם זעלבען טאָג זענען דאָרט געהאָלפען געוואָרען: איין בלינדער און צוויי פּאַראַליטיקער, וועלכע האָבען מתפלל געוועזען ביי די טויערען פון בית-מקדש. דער ראַטה פון די כהנים האָט בעשלאָסען, אַז דער טאָג זאָל גערעכענט ווערען צווישען די טעג, אין וועלכע עס זענען נסים גע-טהון געוואָרען און אויף דער וואַנד פון בית-מקדש אין דרויסען זאָל מען אויפמאָלען אַ בילד, וועלכעס שטעלט פאָר דעם פערוויינטען פרעה און די קאַלעקעס, וועלכע זענען געזונד געוואָרען.

נאָך מיטאָג איז פרעה צוריק אין זיין פּאַלאַץ, אום אָבצונעהמען די ראַפּאָרטען, וואָס מען האָט איהם גע-בראַכט. און ווען אַלע גרויסע לייט זענען אַרויס פון זיין פּאַלאַץ, איז צו איהם אַריינגעקומען טוטמאָזיס און געזאָגט:

— דער כהן סמן-תו וויל זיך בוקען פאַר דיר, הייי-ליגער פרעה.

— גוט, פיהר איהם אַריין.

— ער בעט זיך, דו זאָלסט איהם אויפנעהמען אין געצעלט, צווישען דער מחנה פון מיליטער און ער זאָגט, אַז די טויערען פון פּאַלאַץ האָרכען אונטער...

— איך בין נייגעריג צו וויסען, וואָס ער וויל... האָט פרעה געזאָגט און דערנאָך האָט ער געמעלדעט זיינע הויפּ-לייט, אַז ער וועט נעכטיגען אין געצעלט.

איידער די זון איז אונטערגעגאנגען, איז פרעה גע-פאָהרען מיט טוטמאָיס'ן צו זיין געטריי מיליטער און ער איז אריין אין זיין קעניגליכען געצעלט, ארום וועלכען די אזיאטען האָבען, אויף דער פעראָרדנונג פון טוטמאָזיס', געהאלטען די וואך.

אָויענד איז דאָרטהין געקומען סמן תי און א מאנטעל פון א רייזענדען און בעגריסענדיג דעם הייליגען פרעה, האָט ער געזאָגט:

— מיר דאכט זיך, אז דעם גאנצען וועג איז הינטער מיר געגאנגען א מענש, וועלכער איז געבליבען שטעהן נישט וויים פון דיין געטליכען געצעלט. ער איז אפשר גע-שיקט געוואָרען דורך די כהנים גדולים?...

אויף דעם בעפעהל פון פרעה'ן איז ארויסגעלאָפען טוטמאָזיס, וועלכער האָט טאקי געפונען אין דרויסען עפּעס א פרעמדען אָפיציר.

— ווער ביזט דו? האָט ער געפרעגט.

— איך בין עינן, א הויפטמאן אין פאָלק פון איזירא... איך בין דאָס דער אונגליקליכער עינן, וועלכער האָט פאר א יאָהרען ענטדעקט די הייליגע סקאראבעאושען אויף די מאנעוורען נעבען פי-בעלות. דו געדענקסט מיך שוין נישט...

— אך, דו ביסט דאָס עינן!... האָט איהם טוט-מאָזיס איבערהאקט די ווערטער — דיין פאָלק שטעהט דאָך נישט אין אבידות!...

— וואסער פון אמת פליסט פון דיין מויל... מי שטעהען אין דעם עלענדען געגענד נעבען מנה, וואו די כהנים האָבען אונז געהייסען פעררינטען דעם קאנאַל

אונז, ווי מיר וואלטען געווען פויערען אדער יודען...

— און צו וואס ביסט דו אהער געקומען?

— איך האב געבעטען די עלטסטע, זיי זאלען מיר געבען רוהע עטליכע טעג—האט עינן געענטפערט, און ווי א דורשטיגער הירש לויפט צו א קוואל, בין איך אנגעקומען דא אהער גיך.

— וואס ווילסט דו?

— איך וויל דעם הייליגען פרעה בעטען, ער זאל רחמנות האבען אויף מיר און מיך ערלעזען פון די געגאלטע קעפ, וועלכע געבען מיר נישט קיין געלד, ווייל איך האב רחמנות אויף די ליידענדע סאלדאטען...

טוטמאזיס איז א טרויעריגער צוריק אין געצעלט און האט פרעה'ן איבערגעגעבען עינג'ס ווערטער.

— עינן?— האט פרעה געזאגט — יא, איך געדענק שוין... דער זעלבער, וואס האט מיר דאמאלס אנגעמאכט צרות מיט די הייליגע ווערמלעך און ער האט בעקומען פון הרהור'ם גנאד פופציג שטעקענס!... פיהר איהם דא אריין!

פרעה האט געהייסען סמן־תו ארייננגעהן אין דער צווייטער אבטהיילונג פון דעם געצעלט און טוטמאזיס'ן האט ער געשיקט נאך עינג'ען.

באלד איז אריינגעקומען דער אונגליקליכער עינן. ער איז געפאלען מיט'ן פנים צו דער ערד, און דערנאך, קני־ענדיג און זיפצענדיג, האט ער געזאגט:

— „יעדען טאג בין איך מתפלל צו רע־הרמהית ווען ער נעהמט אויף, און ווען ער געהט אונטער, און צו עמונ'ען, און צו רע'ן און צו פתה'ן און צו אנדערע געטער און גע־טינם. געזונד זאלסט דו זיין, הערשער פון מצרים! ביים

לעבען זאלסטו בלייבען! גוט זאל זיך דיר לעבען און איך זאל האטש דעם בלאנק פון דיינע פיס זעהן" *).

— וואס וויל ער? — האט פרעה געפרעגט טוט־מאזיס'ען.

— דער הייליגער פרעה פרעגט: וואס ווילסט דו? — האט זיך טוטמאזיס געווענדעט צו עינני'ען.

עינן האט וויטער געקניעט און ווענדענדיג זיך צו טוטמאזיס'ן, האט ער וויטער געזאגט:

— דו, גרויסער מאן, ביסט דאס אויער און דאס אויג פון אונזער הערר, וועלכער גיט אונז שמחה און לע־בען, דאדורך וועל איך דיר אלעס זאגען, ווי ביי דעם משפט פון אזיריס'ן:

— איך דיען צעהן יאהר אין דעם פאלק פון די כהנים, וועלכער געהער דער געטליכער איזירא. אויף די מזרח־גרענעצען האב איך געקעמפפט צעהן יאהר. אנדערע מיינם גלייכען זענען שוין געווארען פאלקאווניקעם און איך בין נאך אלץ א געוועהנליכער הויפטמאן, נאך אלץ איז מען מיך מבזה מיט שטעקענס, ווען נאר די כהנים הייסען.

און פאר וואס זאל מען מיר אזא עולה טהון?

ביי טאג ווענד איך מיין הארץ צו ספרים און ביי נאכט לייען איך ספרים. ווארום א נאר וואס ענטלויפט פון ספרים אזוי גיך, ווי א הרש אנטלויפט פאר א יעגער, האט א נידערטרעכטיגען מוח. ער איז געגליכענט צו א אייזעל, וועלכען מען שלאגט שטענדיג, ער איז גלייך צו א טויבען, וואס הערט נישט און מען מוז צו איהם רעדען מיט דער

*) רוכטונג איבערגעגעבען.

האנד. און חאטש איך לערן אזוי פיעל, בין איך נישט קיין בעל־גאוה. איך פרעג יעדען א עצה, ווארום פון יעדען קאן מען זיך עפּעס לערנען און די חכמים אונזערע שען איך זעהר!

פרעה איז אונגעדולדיג געווארען און דאך האט ער אויסגעהערט, וואס עינן האט געזאגט, וויסענדיג, אז יעדער מצרי האלט זיך פאר א חיוב פיעל צו רעדען צו א העכערן פון איהם.

— אט, וואס פאר מענש איך בין — האט עינן ווייטער געזאגט — אין א פרעמד הויז קוק איך נישט אויף קיין פרויען, מיינע קנעכט גיב איך עסען, וויפיעל זיי קומט. ווען עס האנדעלט זיך וועגען מיר, פיהר איך קיין מחלוקת נישט. אויף מיין פנים זעהט מען שטענדיג צופרידענהייט, העכער פון מיר אכט איך, און איך זעץ זיך נישט ווען א עלטערער פון מיר שטעהט. א אונגעבעטענער געה איך נישט אין פרעמדע הייזער. מיינע אויגען זעהען און דאס מויל שווייגט.

די קלוגהייט לערנט אונז, אז דער גוף פון מענשען איז געגליכען צו א שפייכלער, וועלכער איז פול מיט פערשידענע תשובות. דאדורך וועהל איך מיר שטענדיג א גוטען ענטפער און גיב א נוטען ענטפער, און א שלעכטען ענטפער פערבארג איך אין מיין גוף. קיין רכילות פון אנדערע גיב איך קיינעם נישט איבער און ווען מען טרויעט עפּעס אן, היט איך עס ווי א אויג אין קאפּ.

און וואס האב איך פון דעם? — האט עינן הויך געזאגט — איך לייד הונגער, קלייד זיך אין צוריסענע מלבושים און אויף מיין רוקען קען איך נישט ליעגען, וויל דער רוקען איז פערוואונדעט פון די שטעקענס: איך לייגן

אין ספרים, אז דער שטאנד פון די כהנים בעלויהנט מוטהי־
גע און קלוגע. אזוי איז אודאי א מאל געווען, אָבער היינט
איז נישט אזוי. ווארום די כהנים דרעהען זיך אום מיט'ן רוקען
פון קלוגע, און קראפט און מוט טרייבען זיי ארוים פון די
אפיציערענס ביינער.

— איך וועל ענטשלאָפען ווערען ביי דעם פלוידערען !...
— האָט פרעה געזאָגט.

— עינן! — האָט טוטמאזיס געזאָגט — דו האָסט
שוין איבערצייגט דעם הייליגען פרעה, אז דו האָסט פיעל
ספרים געלערענט און איצט זאָג ווי אמקירצסטען: וואס
ווילסטו?

— א פייל פון בויגען לויפט נישט אזוי גיך צו איהר
ציעל, ווי גיך מיין בקשה וועט אנקומען צו די פיאטעס פון
דעם הייליגען פרעה — האָט עינן געזאָגט — די דיענסט
ביי די גענאָלטע קעפ איז מיר פערמיאוס'ט געוואָרען, די
כהנים האָבען מיין הארץ פערפולט מיט אזא ביטערקייט,
אז — אויב איך וועל נישט איבערגעטראָגען ווערען צו דעם
מיליטער פון הייליגען פרעה, וועל איך זיך דורכשלאָגען
מיט מיין איינענער שווערט, פאר וועלכער די שונאים פון
פרעה'ן האָבען געציטערט נישט איין מאל און נישט הונ־
דערט מאל.

איך וויל בעסער זיין א געוועהנליכער סאָלדאט אין
דעם מיליטער פון הייליגען פרעה, ווי א הויפטמאן אין די
פאלקען פון די כהנים. א חזיר אדער א הונד קען זיי דיעי־
נען, אָבער נישט א עהרליכער מצרי!...

די לעצטע ווערטער האָט עינן ארויסגערעדט מיט

אזא שטארקען כעס, אז פרעה האָט אויף גריעכיש געזאָגט צו טוטמאַזיס׳ן:

— נעהם איהם אין דער גווארדיע. א אָפּיציר, וועלכער ליעבט נישט די כהנים, קען אונז נוצען.

— דער הייליגער פרעה, דער הערר פון ביידע וועלטען, האָט דיך געהייסען אָננעהמען אין זיין גווארדיע — האָט טוטמאַזיס געזאָגט.

— לעבען און געזונד זאָל זיין אונזער הערשער רעמסס... אייביג זאָל ער לעבען! — האָט עינן אויסגעשריען און געקושט דעם דיוואן, וואס איז געלעגען אונטער פרעה׳ס פיס.

ווען עינן איז ארויס א גליקליכער פון געצעלט פאַלענדיג יעדע עטליכע טריט אויף זיין פנים און בענשענדיג פרעה׳ן, האָט רעמסס געזאָגט:

— זיין פלוידערן האָט מיר די קעהל געשטיקט. איך מוז אויסלערנען די סאָלדאטען און אָפּיצירען, זיי זאָלען זיך קורץ אויסדריקען און נישט ווי געלעהרטע שרייבערס.

— זאָל ער נאָר האָבען דעם איינעם פעהלער! — האָט טוטמאַזיס שטיל געזאָגט — הלואי זאָל ער מעהר קיין פעהלער נישט האָבען!...

פרעה האָט צו זיך אריינגערופען דעם כהן סמן-תו.

— זיי רוהיג! — האָט ער געזאָגט צו דעם כהן — דער אָפּיציר, וועלכער איז געגאַנגען הינטער דיר, האָט דיך נישט נאָכגעשפירט. ער איז צו נאריש, אום די כהנים זאָלען איהם אָנטרויען א שליחות... ער קען אָבער האָבען א שווערע האנד אין פאַל, ווען מען וועט דאַרפען!..

נו — האָט פּרעה ווײַטער געזאָגט — איצט זאָג דו, פאַר וואָס ביסטו אַזוי פאַרזיכטיג און דו ווילסט נישט מיט מיר רעדען אין פּלאַן?

— איך האָב שוין באַלד דעם שליסעל צו דעם וועג אין לאַבירינט — האָט סמן־תו געענטפערט.

פּרעה האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— צו שווער! — האָט ער געזאָגט — אַ גאַנצע שעה בין איך געלאָפען אין פערטעדענע קאָרידאָרען און זאַלען, ווי אַ מויז, וועלכע אַ קאַץ יאָגט. און איך בין זיך מודה, איך פערשטעה נישט, ווי אַזוי מען קען דאָרט טרעפען דעם וועג, און איך וואָלט דאָרט אַליין נישט געגאַנגען... דער טויט אויף דער זון קען זיין לוסטיג, אָבער צו שטאַרבען אין יענע לעכער!...

— און דאָך מוזען מיר געפינען און בעהערשען דעם וועג — האָט סמן־תו געזאָגט.

— און ווען די אויפזעהער אַליין וועלען אונז געבען, וויפיעל מיר דאַרפען?...— האָט פּרעה געפרעגט.

— זיי וועלען דאָס נישט טהון, ווי לאַנג עס לעבען ספרים, הרהור און זייערע לײַט... גלויב מיר. הערשער, אַז זיי ווילען דיך האַלטען אין ווינדלעך, ווי אַ פּריש געבוירען קינד...

פּרעה איז בלאַס געוואָרען פון כעס.

— הלוואי זאָל איך זיי נישט אײַנוויקלען אין קײַטען!... ווי אַזוי ווילסט דו ענטדעקען דעם וועג?

— דאָ, אין אבידות, אין דעם קבר פון אָזיריס'ן, האָב איך געפונען דעם גאַנצען פּלאַן פון וועג צו דעם אוצר — האָט דער כהן געענטפערט.

— פון וואַנען האָסט דו געוואוסט, אַז דער פּלאַן איז דאָ?

— די אויפשריפטען אין איין בית-מקדש פון גאָט שת האָבען מיר דאָס ערקלערט.

— ווען האָסט דו געפונען דעם פּלאַן?

— ווען די מומיע פון דיין איביגע לעבענדען פאָטער איז געווען אין בית-מקדש פון אָזירים'ן — האָט סמן-תו געענטפערט — איך האָב בעגלייטעט די הייליגע מומיע און זייענדיג אויף דער נאַכט-דינסט אין דעם „רוהע-זאַל", בין איך אריינגעגאַנגען אין קודש-קדשים.

— דו דאַרפסט זיין אַ גענעראל, נישט אַ כהן-גדול! — האָט רעמסס אויסגעשריען, לאַכענדיג — און שוין פערשטעהסט דו דעם וועג צו'ם לאַבירינט?...

— איך האָב דעם וועג פערשטאַנען שוין לאַנג און איצט האָב איך צונויפגעקליבען ידיעות, ווי זיך צו האַלטען...

— אפשר וואָלסט דו מיר דאָס געקענט ערקלערען?

— יאָ. ביי אַ געלעגענהייט, וועל איך דיר ווייזען דעם פּלאַן.

— דער וועג געהט דורך אין אַ ציקצאַק דעם גאַנצען לאַבירינט; ער הויבט זיך אָן אויף דעם דעכסטען שטאָק און ענדיגט זיך טיעף אונטער דער ערד און האָט נאָך אויסער דעם זעהר פיעל שווינדעל-שטעגען. דערפאַר איז ער מאַקי אַזוי לאַנג.

— און ווי אַזוי ווייסט דו טרעפען פון איין זאַל אין אַנדערן, ווען אין יעדען זאַל זענען פערהאַנגען פיעל טהירען?...

— אויף יעדער טהיר, וואס פיהרט צו דעם ציעל געפינט זיך א טייל פון דעם אויפשריפט:

„וועה איז דעם פעררעטהער, וועלכער וויל זיך דער־וויסען דעם גרעסטען סוד פון דער מלוכה און אויסשטרע־קען זיין האנד צו דעם פערמעגען פון די געטער. זיין גוף וועט זיין ווי א נבלה און זיין נשמה וועט קיין מנוחה נישט האבען, נאר זי וועט זיך ארומשלעפען אין פינסטערע ערטער און איהרע אייגענע זינד וועלען זי רייסען..."

— און דו האסט פאר דעם אויפשריפט קיין מורא נישט?

— און דו, היילינגער פרעה, האסט מורא פאר א שפיעז פון לעהם?... אזעלכע אויפשריפטען זענען גוט פאר דעם המון, אבער נישט פאר מיר, וואס קען אליין אויפ־שרייבען נאך ערגערע קללות.

פרעה האט זיך פערטראכט.

— דו ביסט גערעכט — האט ער געזאגט — א שפיעז קען נישט שאדען דעם, וואס קען זי אבשלאגען, און אויף א שווינדעל-וועג קען נישט פערבלאנדזעט ווערען א קלוגער, וועלכער קען דעם אמת...

און ווי אזוי וועסט דו קענען מאכען, אז די שטיינער אין די ווענד זאלען פאר דיר אבטרעטען און אז די זיילען זאלען זיך פערוואנדלען אין איינגאנגס-טהירען?

סמן-תו האט געהויבען די פלייצעס.

— אין איין בית-מקדש זענען אויך פערהאנען איינ־גאנגען, וועלכע קיינער זעהט נישט און עפענען זיך שווע־רער, ווי די געהיימע איינגאנגען אין לאבירינט. ווער עס קען דאס ווארט פון דעם סוד, דער טרעפט אומעטום...

פרעה האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף זײַן האַנד און האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— עס וואָלט מיר זעהר לײַד געטהון, ווען דו וואָלסט אויף דעם וועג בעגעגענט אַ אונגליק... האָט ער געזאָגט.

— אין ערגסטען פֿאַל וועל איך שטאַרבען. אָבער צי שטעהט דען דער טויט נישט פֿאַר אפילו די פרעה'ס אויך? און צי ביסט דו, הײַליגער פרעה, נישט געגאַנגען אין דער מדבר אַרײַן, חאָטש דו האָסט נישט געוואוסט צי דו וועסט צוריקקומען?..

— דאַרפֿסט אויך נישט מײַנען — האָט סמן-תו ווײַטער געזאָגט — אַז איך וועל מוזען דורכגעהן דעם גאַנצען וועג, וועלכען עס געהען אַלע, וואָס בעזוכען דעם לאַבי־רינט. איך וועל געפֿינען אַ נעהנטערן וועג און אין דער צײַט, ווען איך וועל אָבזאָגען אײַן תפלה צו אָזיריס'ן, וועל איך קומען דאָרט הין, וואו דו ביסט געגאַנגען אַזוי לאַנג, אַז דו האָסט געקענט אָבזאָגען דרײַסיג תפלות...

— געפֿינען זיך דען דאָרט אויך אַנדערע אײַנגאַנגען?

— אודאי געפֿינען זיך אויך אַנדערע אײַנגאַנגען און איך מוז זיי געפֿינען—האָט סמן-תו געענטפֿערט—איך וועל דאָך דאָרט נישט אַרײַנגעהן, ווי דו, הײַליגער פרעה, בײַ טאָג, און אויך נישט מיט דעם הויפּט-טהויער...

— ווי אַזוי דען וועסט דו אַרײַנגעהן?

— אין דער אויסווענדיגער מויער זענען פֿאַרהאַנען קלײַנע טהירלעך, וועלכע קײַנער זעהט נישט און די קלוגע וועכטער פֿון לאַבירינט היטען זיי קײַנמאָל נישט... אויפ'ן הויף איז בײַ נאַכט די וואַך זעהר קלײַן, און זיי זע־

נעֶן אַזוי זיכער, אַז די גערעטער שיִצען דעם לאַבירינט, אַז זעהר אָפט שלאָפען די וועכטער... אויסער דעם געהען די כהנים אין בית־המקדש אַריין מתפלל זיין — דריי מאָל פון זון־אונטערגאַנג ביז'ן אויפגאַנג און זייערע סאָלדאַטען זענען מתפלל אונטער דעם הימעל. איידער זיי וועלען ענדיגען איין תפלה, וועל איך זיין אינוועניג.

— און אויב דו וועסט פערבלאָנדזעט ווערען?

— איך האָב אַ פּלאַן.

— און אויב דער פּלאַן איז פאַלש? — האָט פּרעה געזאָגט מיט זאָרג.

— און אויב דו, הייליגער פּרעה, וועסט נישט בעקומען קיין געלד פון לאַבירינט?... אויב די פעניציאַנער וועלען זיך איבערלעגען און וועלען דיר קיין הלואה נישט געבען?... אויב דאָס מיליטער וועט זיין הונגעריג און פון די מלוכה־האָפנונגען וועט גאָרנישט ווערען.

— דו קענסט מיר גלויבען — האָט דער כהן ווייטער געזאָגט — אַז איך וועל זיין זיכערער אין די קאָרידאָרען פון לאַבירינט, ווי דו אין דיין מלוכה...

— אָבער די פינסטערניש... די פינסטערניש!...

אין די מויערען, וועלכע מען קען נישט דורכשלאָגען, און די טיעפעניש, און די הונדערטער וועגען, וואו מען מוז פערבלאָנדזעט ווערען?... גלויב מיר, סמן־תו, אַז די מלחמה מיט מענשען איז אַ פערוויילונג, אָבער קעמפפען געגען פינסטערניש!...

סמן־תו האָט געשמייכעלט.

— דו, הייליגער פּרעה—האָט ער געענטפערט — קענסט נישט מיין לעבען... ווען איך בין אַלט געווען

פינף און צוואַנציג יאָהר בין איך געווען כהן פון אָזיריס'ן.

— דו?... האָט זיך פרעה געוואונדערט.

— איך! — האָט סמן־תו געענטפערט — און באַלד וועל איך דיר זאָגען, פאַר וואָס איך בין איבערגאַנגען צו דער דיענסט פון שת'ן. מען האָט מיך געשיקט אויפ'ן באַרג סיני, אום איך זאָל דאָרט אויפבויען אַ קליינעם בית־מקדש פאַר די באַרג־אַרבייטער. דאָס בויען האָט געדויערט זעקס יאָהר און איך, האָבענדיג זעהר פיעל פרייע צייט, האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט צווישען די בערג און איך האָב בעזוכט די הייליען.

וואָס איך האָב דאָרט אַלץ געזעהען!... לאַנגע קאָרידאָרען, ענגע איינגאַנגען, דורך וועלכע מען האָט בעדאַרפט קריכען אויפ'ן בויך; שטובען, וואָס זענען געווען אַזוי ריעזענדיג גרויס, אַז אין יעדער וואָלט געקענט זיין אַ בית־מקדש. איך האָב געזעהן די טייכען אונטער דער ערד און די אָזיערעס, בנינים פון קריסטאַל, גאַנץ פינסטערע הייליען, אין וועלכע מען האָט די אייגענע האַנד נישט געזעהן, הייליען, וואָס זענען געווען אַזוי ליכטיג, ווי אַ צווייטע זון וואָלט זיך אין זיי געלייכט.

וויפיעל מאָל בין איך פערבלאָנזעט געוואָרען אין די אונגצעהליגע דורכגאַנגען, וויפיעל מאָל איז מיין שטאָלקאַץ אויסגעלאָשען געוואָרען, וויפיעל מאָל האָב איך זיך אַראָבגעלאָזט אין אַ תהום!... נישט איין מאָל האָב איך פערבראַכט עטליכע טעג אונטער דער ערד, נעהרענדיג זיך מיט געברענטע גערשטען, לעקענדיג די פייכטקייט פון די נאַסע פעלזען און דערביי בין איך נישט זיכער געווען, אַז איך וועל צוריק אַרויסקומען אויף דער ערד.

איין מאָל האָב איך אָבער אָנגעטראָפען אַ שרעקליכע זאַך, וועלכע האָט געבראַכט דערצו, אַז מיין שטעלע איז נעענדערט געוואָרען.

אויף מזרח-זייט פון די גראָבען אין סיני געפינט זיך אַ קייט פון טהאָלען און בערג, אין וועלכע מען הערט אָפט אונטערערדישע דונערען, די ערד ציטערט און טהיילי-מאָל זעהט מען פלאַמען. איך בין געוואָרען נייגיריג און בין דאָרטהין געגאַנגען אויף אַ לענגערע צייט. איך האָב געזוכט און דורך אַ קליינעם שפּאַלט אין אַ באַרג, האָב איך ענטדעקט אַ גאַנצע קייט פון ריזענדיגע היהלען, אין וועלכע די העכסטע פּיראַמידע וואָלט געקענט שטעהן.

ווען איך בין דאָרט געוועזען, האָב איך אַ מאָל דער-שפּירט אַ שטאַרקען ריח פון פוילקייט און איך האָב געוואָלט אַנטלויפען. איך האָב זיך אָבער בעהערשט און בין צוגע-גאַנגען צו דעם אָרט, פון וואַנען דער ריח איז אָנגעקומען. דאָרט האָב איך דערזעהן...

שטעל זיך פאָר, מיין הערשער, אַ מענש, וואָס האָט הענד און פיס, וועלכע זענען האַלב אַזוי לאַנג, ווי אונזערע, נאָר זיי זענען דיק, מיאוס און האָבען נעגעל. דערצו האָט ער געהאַט אויך אַ ווידעל, וועלכער איז געוועזען אויסגע-האַקט, ווי אַ קאַם פון אַ האָהן. אַ לאַנגגען האַלז און אויף איהם האָט זיך געהאַלטען אַ הונדס-קאָפּ.

די פיגור איז זיך געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט די הענד און ברוסט אָן אַ פעלז...

— אַ זעהר מיאוס'ע פיגור איז דאָס געוועזען—האָט זיך פּרעה אָנגערופען—איך וואָלט דעם מענש באַלד דערהרג'עט.

— דאָס איז נישט געוועזן קיין מיאוסקייט—האָט דער כהן געזאָגט, אָבשאָקלענדיג זיך — הויך איז ער געוועזן, ווי א טהורם...

ר׳עמסס האָט געמאַכט א מינע פון אונצופריעדענהייט.

— סכן-תו!—האָט ער געזאָגט — מיר דאַכט זיך, אז דיינע הייהלען האָסט דו בעזוכט אין שלאָף...

— איך שווער דיר, מיין הערשער, ביים לעבען פו מיינע קינדער—האָט דער כהן אויסגעשריען—אז איך זאָג אמת!... ווען ער וואָלט געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד, וואָלט ער געהאַלטען פופציג טריט אין דער לענג... און חאָטש איך האָב זעהר מורא געהאַט, דאָך בין איך עטליכע מאָל געגאַנגען אין זיין הייל און האָב איהם גוט בעטראַכט.

— ער האָט געלעבט?

— ניין, ער איז געוועזן טויט שוין זעהר לאנג, נאָר ער האָט זיך אזוי גוט געהאַלטען, ווי אונזערע מומיעס. און געהאַלטען האָט ער זיך, ווייל די לופט איז דאָרט זעהר טרוקען און די ערד האָט אין זיך עפּעס זאַלצען...

דאָס איז געוועזן איין ענטדעקונג—האָט סמן-תו ווייטער געזאָגט — איך בין שוין נישט אריינגעגאַנגען אין קיין הייהלען, נאָר זעהר פיעל האָב איך געטראַכט. אָזירים, האָב איך מיר געקלערט, בעשאַפט גרויסע בעשעפענישען: לייבען, עלפאַנדען, פערד, און שת בעשאַפט שלאַנגען, פלעדערמייז, קראָקאָדילען. דער ריעזענדיגער מת איז אוראי שת׳ענס בעשעפניש און ווייל ער איז גרעסער פון אלעם, וואָס געפינט זיך אויף דער ערד, איז דאָך שת א שטאַרקערער גאָט פון אָזירים׳ן...

דאמאלס האָב איך אָנגעהויבען דיענען שת'ן, און קומענדיג צוריק קיין מצרים, האָב איך זיך בעזעצט אין זיין בית-מקדש. און ווען איך האָב ערצעהלט די כהנים פון מיין ענטדעקונג, האָבען זיי מיר געזאָגט, אז זיי קענען זעהר פיעל אזעלכע ברואים.

סמן-תו האָט אָבגערוהט און ווייטער ערצעהלט:

— אויב דו, הייליגער פרעה, ווילסט אמאָל בעזוכען אונזער בית-מקדש, וועל איך דיר ווייזען אין די קברים משונה'דיגע, שרעקליכע ברואים: געזנו מיט קעפ פון יאשטשורקעס, וועלכע זענען גרעסער פון שטרויספויגעל, א קראָקאָדיל, וועלכער איז דריי מאָל אזוי גרויס, ווי די קראָקאָדילען, וועלכע וואָהנען אין נילוס, א פראָש, וואָס איז אזוי גרויס, ווי א הונד...

זיי זענען מומיעס, אָדער סקעלעטען. וועלכע זענען געפונען געוואָרען אין די הייהלען און זיי ווערען געהאלטען אין אונזערע קברים. דער המון מיינט, אז מיר פערגעטערן זיי, אין אמת'ן בעטראכטען מיר נאָר זייער געביינער און מיר שיצען זיי פון פערדערבניש.

— איך וועל דיר גלויבען, ווען איך וועל אליין זעהן — האָט פרעה געענטפערט — זאָג מיר אָבער, פון וואַנען האָבען זיך גענומען אזעלכע ברואים אין די הייהלען?

— הערשער מיינער — האָט סמן-תו געענטפערט — די וועלט, אויף וועלכער מיר לעבען, איז אונטערגעוואָרפען פערשיעדענע ענדערונגען. אין מצרים געפינען מיר חורבות פון שטעדט און בית-מקדש'ס, וועלכע זענען טיעף בעהאלטען אין דער ערד. אמאָל, פארצייטענס, האָט א

צוויַיג פוּן ים פערנומען דעם גאַנצען נידריגערן מצרים און דער נילוּס האָט געפליסט אין דער גאַנצער ברייט פון אונזער טהאָל. נאָך פריהער איז געווען אַ ים דאָ, וואו אונזער מלוכה געפינט זיך... אונזערע אָבות האָבען דאַמאָלס געוואָהנט אין אַ לאַנד, וואו עס געפינט זיך היינט די מערב־מדבר...

נאָך פריהער, פאַר צעהנדליגע טויזענדער יאָהרען, איז אויף דער וועלט נישט געווען אַזעלכע מענשען, ווי מיר, נאָר בּרואים, וואָס זענען געווען ענליך צו אַפען אין דאָך האָבען זיי געקענט בּויען געצעלטען. האַלטען פייער, מלחמה האַלטען מיט שיפערשטיינער. דאַמאָלס איז נישט געווען קיין פערד און קיין אָקסען, נאָר עלפאַנדען, איינהאָרנס און לייבען — וועלכע זענען דריי אָדער פיער מאָל גרעסער געווען פון די היינטיגע חיות, וועלכע האָבען זייער געשטאַלט.

די ריזענדיגע עלפאַנדען זענען אָבער אויך נישט די עלטסטע בּרואים אויף דער וועלט. נאָך פריהער פאַר זיי האָבען געלעבט פערשידענע געווידמעכטסען, פליהענדע, שווימענדע און געהענדע. פאַר די געווידמעכטסען זענען אויף דער וועלט געווען נאָר שנעקען און פיש. פאַר זיי זענען געווען נאָר בּלוים געוואוקסען, אָבער אַזעלכע, וואָס זענען היינט שוין נישט פערהאַנען אויף דער וועלט...

— און נאָך פריהער!...—האָט רעמסס געפרעגט.

— נאָך פריהער איז די ערד געווען לעער און וויסט און גאָטס גייסט האָט געשוועבט איבּער'ן וואַסער.

— איך האָב עפּעס וועגען דעם געהערט—האָט פרעה געזאָגט — איך וועל אָבער פריהער נישט גלויבען, בּיז דו

חעסט מיר ווייזען א מומיע פון די אונגעהויערע ברואים וועלכע געפינען זיך אין אייער בית-מקדש.

— ערלויב מיר אבער, היילינער פרעה, צו ענדי-גען, וואס איך האב אנגעהויבען צו זאגען — האט סמן-תו געזאגט — ווען איך האב אין דער הייל פון סיני דערזעהן דעם אונגעהויער ריזענדיגען מת, איז אויף מיר געפאלען א שרעק און עטליכע יאהר דערנאך וואלט איך ניט ארייג-געגאנגען אין א הייל. נאר ווען די כהנים פון שת'ן האבען מיר ערקלערט פון וואנען די משונה'דיגע ברואים האבען זיך גענומען, איז מיין שרעק פערשוואונדען געווארען און מיין נייגיריגקייט האט זיך געשטארקט. און היינט האב איך דעם גרעסטען פערגניגען, ווען איך געה אין א הייל אונטער דער ערד און זוך אין דער פינסטער א וועג. דאדורך מאכט מיר דער לאבירינט נישט מעהר בעשווערינקייטען, ווי א שפאציר אין קעניגליכען גארטען.

— סמן-תו — האט פרעה געזאגט — איך שעץ זעהר דיין איבערמענשליכען מוט און דיין קלוגשאפט. דו האסט מיר אזוי פיעל מערקווירדיגע זאכען דערצעהלט, אז איך אליין האב חשק בעקומען צו בעזוכען די הייהלען און אמאל וועל איך אפשר פאהרען מיט דיר קיין סיני.

און פונדעסטוועגען האב איך מורא, אז מיט דעם לאבירינט וועסט דו זיך קיין עצה נישט געבען און יעדענ-פאלס וועל איך צונויפרופען א פערזאמלונג פון די מצריים, זיי זאלען מיך בעפאלמעכטיגען צו נעהמען געלד פון דעם לאבירינט.

— דאס וועט דיר קיינמאל נישט שאדען — האט דער כהן געענטפערט — מיין ארבייט וועט דיר סיי ווי סיי

צו נוץ קומען, ווארום מפרים און הרהור וועלען נישט מסכים זיין צו דיין פארשלאג.

— און דו ביסט זיכער, אז דיין ארבייט וועט דיר געלינגען? — האט פרעה נאך אמאל געפרעגט.

— ווי לאנג מצרים איז א לאנד, איז נאך נישט געווען א מענש, וואס האט געוואלט האבען אזוי פיעל מיטלען ווי איך מנצח צו זיין אין דעם קאמפף, וועלכער איז ביי מיר קיין קאמפף נישט, נאר א פערוויילונג. איינינע האבען מורא פאר דער פינסטערניש, וועלכע איך ליעב און פאר מיינע אויגען איז זי גאר קיין פינסטערניש נישט. אנדערע קענען נישט טרעפען אין די פיעל קאנאלען און קארידאָ=רען, בשעת מיר קומט דאסיאן זעהר לייכט. נאך אנדערע קענען נישט דעם סוד פון עפנען געהיים־טהירען, און איך קען דעם סוד זעהר גוט.

ווען איך וואלט מעהר נישט געהאט ווי דאס, וואס איך האב אויסגערעכענט, וואלט איך אויך אין א חודש אדער אין צוויי חדשים ענטדעקט דעם וועג אין לאבירינט: איך האב דאך אבער אויך א אויספיהר־ליכען פלאן פון די אלע וועגען און איך קען די אויסדריקען, וועלכע וועלען מיך פיהרען פון איין זאל צום אנדערען. וואס קען אלזא מיר שטערען צוצוקומען צום אוצר?

— און דאך ליעגט א ספק טיעף אין דיין הארץ, דו האסט זיך דאך דערשראקען פאר א אפיצער, וועלכער איז דיר נאכגעגאנגען...

דער כהן האט געהויבען די פלייצעם.

— איך האב פאר קיינעם קיין מורא נישט — האט ער רוהיג געענטפערט—נאר פארזיכטיג בין איך. פארוים

זעה איך אַלעס, און איך בין אויך פאַרבערייטעט דערצו, מען זאָל מיך חאַפּען...

— שרעקליכע יסורים וואָלסט דו געמוזט ליידען, ווען מען וואָלט דיך געחאַפּט!... האָט רעמסס געזאָגט.

— איך וואָלט גאָר נישט געליטען. אין די היילען אונטער דעם לאַבירינט וואָלט איך מיר געפּעניט א טהיר צו דעם לאַנד, וואו עס הערשט אייביגע ליכטיגקייט...

— און צו מיר ווערסט דו נישט האָבען קיין פערדרוס?...

— פאַר וואָס?...— האָט דער כהן געזאָגט — איך וועל קומען צו מיין גרויסען צוועק: איך וועל פערנעהמען די שטעל פון הרהור'ן...

— איך שווער דיר, אַז דו ווערסט די שטעל בעקומען...

— אויב איך וועל נישט אומקומען — האָט סמן־תו געענטפערט — אַז אויף די שפּיצען פון די בערג קומט מען אַרויף, געהענדיג איבער א תהום און מען וואַנדערט, קען זיך א פוס אויסגליטשען, — דאָס ווייס דאָך יעדער. דו, מיין הערר, ווערסט זיך בעשעפטיגען מיט מיינע קינדער.

— כבֿן, געה — האָט פרעה געזאָגט — דו ביסט ווערט צו זיין מיין ערשטער געהילף.

# ניינטעס קאַפּיטעל.

אַרויספאָהרענדיג פון אבידות, איז פרעה מיט'ן וואַסער אַנגעקומען צו די שטעדט טן־תאַ־רען און קנעא, וועלכע זענען געווען איינע געגען דער אַנדערער: איין שטאָדט איז געווען אויפ'ן מזרח־ברעג און די צווייטע — אויפ'ן מערב־ברעג פון נילוס.

אין טן־תאַ־רען זענען געווען צוויי בעריהמטע ערטער:

אַ אָזיערע, אין וועלכער קראָקאָדילען זענען געהאָדעוועט געוואָרען און אַ בית-מקדש פון התיר. ביי וועלכען עס איז געווען אַ הויכע שולע. אין דער שולע האָט מען געלערנט מעדעצין, תפלות און שטערנזעהעריי.

פּרעה איז געווען ביי דער אָזיערע און אין דער שו- לע, ער האָט זיך געכעס'ט, ווען מען האָט איהם געהייסען מקריב זיין קטורת פאַר די הייליגע קראָקאָדילען, וועלכע ער האָט בעטראַכט אַלס נאַרישע געווידמעכטסען, וועלכע געבען אַרויס אַ שלעכטען ריח. און ווען איינער פון די קראָ- קאָדילען האָט זיך צופיעל אַרויסגערוקט און מיט די צייהן אָנגעחאַפּט פּרעה'ן ביי זיין מלבוש, בשעת ער האָט מקריב געווען דאָס קטורת, האָט ער איהם אַזאַ קלאַפּ געטהון אין קאָפּ מיט דעם לעפעל פון בראָנז, אַז דער קראָקאָדיל האָט אַ ווייַלע פערמאַכט די אויגען און פונאַנדערגעשפּרייט די פיס; דערנאָך האָט ער זיך צוריק גערוקט און איז אַריינ- געקראָכען אין וואַסער אַריין, ווי ער וואָלט פערשטאַנען, אַז דער יונגער הערשער וויל מיט די געטער קיין חבר נישט זיין.

— אפשר האָב איך געזינדיגט? — האָט ער געפרעגט דעם כהן-גדול.

דער כהן-גדול האָט זיך אַרומגעקוקט, אום צו זעהען, צי עס הערט עמיץ נישט אונטער און דערנאָך האָט ער געענטפערט:

— ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז דו, הייליגער פּרעה, וועסט אַזוי טהון, וואָלט איך דיר געגעבען אַ בייטש און נישט אַ לעפעל מיט קטורת. דער קראָקאָדיל איז דער ערג- סטער... אַ מאָל האָט ער געחאַפּט אַ קינד...

— און האָט עס אויפגעגעסען ?...

— די עלטערן זענען זעהר צופרידען געווען !... — האָט דער כהן-גדול געענטפערט.

— זאָג מיר — האָט פרעה איהם געפרעגט — ווי אַזוי קענט איהר, קלוגע מענשען, מקריב זיין קרבנות צו אַזעלכע געטוידמעכטסען, אָדער בהמות, וועלכע איהר אַליין שלאָגט, ווען קיינער זעהט ניט!

דער כהן-גדול האָט זיך נאָך אַ מאָל ארומגעקוקט און זעהענדיג, אַז אין דער נאָהנט איז קיינער ניט דאָ, האָט ער געענטפערט:

— דו, הערשער, ווערסט אונז אודאי ניט חושד זיין, אַז מיר פערהייליגען אין אמת'ן בהמות און חיות... דו ווייסט דאָך, אַז מיר גלויבען אין איינציגען גאָט... דאָס וואָס מיר טהון, איז נאָר פאַר דעם המון. דער אָקס אַפּיס, וועלכען די כהנים פערגעטערן, איז דער שעהנסטער אָקס אין גאַנץ מצרים און אונזער בהמות-ראַסע ווערט דורך איהם גוט געהאלטען. איביסען און שטרויכען רייניגען די פעלדער פון נבלות. די קעץ דערלאָזען ניט, אַז די מייז זאָלען אונז פערדאַרבען די תבואות. אָהן קראָקאָדילען וואָלט דאָס וואַסער אין נילוס אונז געסמ'ט...

דער לייכטזיניגער און אונוויסענדער המון פערשטעהט אָבער ניט, ווי נוצליך דאָס אַלעס איז פאַר אונז און ווען מיר וואָלטען זיי ניט פערגעטערט, האָלט זיי דער המון אויסגעראָטען אין משך פון איין יאָהר

דאָס איז דער סוד פון אונזערע בית-מקדש'ס, וועלכע ווערען אויסגעהאַלטען פאַר די בהמות און אנדערע בעלי-חיים און אונזערע קרבנות, וואָס מיר זענען מקריב צו זיי.

מיר פֿערגעטערן דאָס, וואָס דאָס פֿאָלק מוז אַכטען, חייף עס האָט דערפֿון נוצען.

אין דעם בית־מקדש התור איז פּרעה זיך דורכגע־לאָפֿען די הויפֿען פֿון דער מעדעצין־שולע און אין התלהבות האָט ער אויסגעהערט די ווערטער פֿון די שטערנזעהער, וועלכע האָבען איהם געזאָגט, וואָס מיט איהם וועט גע־שעהן, און ווען דער גרעסטער שטערנזעהער האָט איהם געוויזען אַ גאָלדענע טאָוועל, אויף וועלכער עס איז געוועזען אויסגעקריצט אַ מאַפּע פֿון הימעל, האָט פּרעה געפֿרעגט:

— צו געשיהט דאָס, וואָס איהר זאָגט, שטענדיג לעזענדיג אויף דעם הימעל?

— טהיילמאָל געשיהט דאָס, וואָס מיר זעהן אויף די שטערען.

— און ווען איהר וואָלט געזאָגט פֿאָראויס די צוקונפֿט פֿון מענשען, ניט לעזענדיג אויפֿ'ן הימעל, נאָר קוקענדיג אויף בוימער, שטיינער אָדער אויף דעם וואַסער, וואָלט איהר אויך געטראָפֿען?

דער שטערנזעהער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

— בעטראַכט אונז נישט אַלס בעטריגער—האָט ער געענטפֿערט נאָך אַלענגערער בעטראַכטונג — מיר זאָגען מענשען זייער צוקונפֿט, ווייל דאָס אינטערעסירט זיי און וועגען אַסטראָנאָמיע פֿערשטעהען זיי מעהר נישט, נאָר דאָס, אַז מען זעהט אויף די שטערען פֿאָראויס, וואָס אין דער צוקונפֿט וועט זיין.

— און וואָס פֿערשטעהט איהר?

— מיר קענען די געביידע פון הימעל און די בע־וועגונגען פון די שטערען . . .

— וואס פאר א נוצען האט עמיץ פון דעם?

— נישט ווייניג טובות האבען מיר געבראכט מצרים. מיר ווייזען, ווי צו שטעלען בנינים און צו גראבען קאנא־לען. אהן אונזער אסטראנאמיע, וואלטען די שיפען, וועל־כע שווימען אויפ'ן ים, זיך נישט געקענט דערוויטערן פון די ברעגען. מיר מאכען די קאלענדארען און מיר בערעכנען אלע ערשיינונגען אויפ'ן הימעל. אט. אין קורצען וועלען מיר האבען א לקוי־חמה.

רעמסס האט אבער שוין נישט געהערט; ער האט זיך אומגעדרעהט און איז ארויסגעגאנגען.

„ווי קען מען—האט זיך פרעה געקלערט—בויען בית־מקדש'ם צוליעב אזא קינדישע פערוויילונג און די רעזול־טאטען פון דער פערוויילונג אויסקריצען אויף גאלדענע טאפלען? ... די הייליגע לייט ווייסען שוין נישט, וואס זיי האבען מיט זייער צייט צו טהון!"

קורץ האט רעמסס געוויילט אין טן־תא־רען און דער־נאך איז ער אריבער געפאהרען אויף דער צווייטער זייט פון נילוס, אין דער שטאדט קנעא.

דארט זענען שוין נישט געווען קיין בעריהמטע בית־מקדש'ם, קראקאדילען און גאלדענע טאוולען מיט שטע־רען, דערפאר האט אבער דארט געבליהט די טעפעריי און דער האנדעל. פון דארט האבען זיך געצויגען צוויי וועגען צו די פארטען פון דעם רויטען ים און אויך א וועג צו די פארפיר־בערג, פון וועלכע מען האט געבראכט שטיינבילדער און שטיינער צו בנינים.

קנעא איז געווען פיל מיט פעניציאנער, וועלכע האבען מיט גרויס התלהבות אנגענומען דעם הערשער און איהם געגעבען פערשיעדענע קאסטבארקייטען פאר צעהן טאלענטען.

פונדעסטוועגען איז פרעה געווען אין קנעא נאר איין טאג; פון טעבי האט ער ערהאלטען א ידיעה, אז די מומיע פון זיין הייליגען פאטער געפינט זיך שוין אין דעם פאלאץ לוכסר און באלד זאל פארקומען די קבורה.

אין יענער צייט איז טעבי געווען א ריזענדיגע שטאדט, וועלכע האט פערנומען א שטח פון צוועלף קוואדראט קילאמעטער. אין דער שטאדט איז געווען דאס גרעסטע בית-מקדש פון דעם גאט עמון און א מענגע ריזענדיגע געזעלשאפטליכע און פריוואט-בנינים. די הויפט-גאסען זענען געווען ברייט, גלייך און אויסגעלעגט מיט שטיין-טאוולען, אויף די ברעגען פון נילוס זענען געווען בולווארען, די הייזער האבען געהאט פיער און פינף שטאק.

ווייל יעדעס בית-מקדש און יעדער פאלאץ האט געהאט א ריזענדיג טהויער מיט טהורמען, איז די שטאדט גערופען געוואָרען: „הונדערט-טהויערענדיגע שטאדט". אין אמת'ן איז די שטאדט געווען אין איין זייט א האנדעלס און געווערבארט, אין דער צווייטער זייט — ווי א טויהער צו אייביגקייט. ווארום אויפ'ן מערב-ברעג פון נילוס, אין די בערג און צווישען די בערג, זענען געווען זעהר פיעל קברים פון כהנים, מאגנאטען און מלכים.

טעבי איז געוואָרען א הערליכע שטאדט צוליעב צוויי פרעה'ס: אמון-אפיס'ן דעם דריטען, „וועלכער האט אנגעטראפען די שטאדט א לעהמענע און האט געמאכט פון

איהר אַ שטיינערנע", און רעמסס'ן דעם צווייטען, וועלכער האָט ערגענצט און פערענדיגט די פּאלאַצען, וועלכע אמוני-אָפּיס האָט אָנגעהויבען צו בויען.

אויפ'ן מזרח-ברעג פון נילוס, אין דרום-זייט פון דער שטאָדט איז געווען אַ גאַנצער קוואַרטאַל פון ריעזענדיגע קעניגליכע בנינים: פּאלאַצען, וויללעס און בית-מקדש'ס. אין דעם קוואַרטאַל פון דער שטאָדט האָט די מומיע פון פרעה'ן געוואַרט אויף דער קבורה.

ווען רעמסס דער דרייצעהנטער איז אָנגעקומען קיין טעבי, איז איהם די גאַנצע שטאָדט געגען-געגאַנגען איהם צו בעגריסען, אין די הייזער זענען נאָר געבליבען אלטע לייט און קינדער, אין די אונטערגעסלעך—גנבים... דאָ האָט דאָס פאָלק צום ערשטען מאָל אויסגעשפּאַנט די פערד פון פרעה'ס וואָגען און איהם געשלעפּט אַליין. דאָ האָט אויך פרעה צום ערשטען מאָל געהערט אויסגעשרייען און קללות געגען די כהנים. פרעה איז פון דעם זעהר צופריעדען געווען. ער האָט זיך אָבער זעהר געוואונדערט, ווען ער האָט דערהערט געשרייען, אַז יעדען זיעבענטען טאָג מוזען מענשען רוהע האָבען. ער האָט געוואָלט איינפיהרען אַזאַ רוהע-טאָג, נאָר אַז זיין רצון איז שוין געוואָרען יעדען בעוואוסט, האָט ער זיך ביז איצט נישט געקענט פאָרשטעלען

אַ מייל ווענם האָבען מענשען געשלעפּט פרעה'ס וואָגען צווישען אַ אונגעהויער גרויסען המון: דער וואָגען האָט זיך פיעל מאָל אָבגעשטעלט, ווייל מענגעס מענשען האָבען זיך געוואָרפען אויף די פנים'ער פאַר דעם הערשער

און דער גוואַרדיע האָט קוים געלונגען זיי אויפצוהויבען, אום דער וואָגען זאָל קענען ווייטער פאָהרען.

צוקומענדיג ענדליך צו די גערטנער פון די פּאַלאַצען, וואו פּרעה האָט זיך בעזעצט אין איינער פון די קלענסטע וויללעס, איז ער געווען אזוי מיעד, אז אין דעם ערשטען טאָג האָט ער זיך נישט פערנומען מיט די אינטערעסען פון דער מלוכה, דעם צווייטען טאָג האָט ער מקריב געווען קטורת פאַר דער מומיע פון זיין פאָטער, וועלכע איז גע- שטאַנען אין דעם הויפּט-קעניגליכען פּאַלאַץ און ער האָט געזאָגט הרהור'ן, אז מען קען שוין די מומיע קובר זיין.

און דאָך איז די קבורה נישט באלד פאָרגעקומען.

פון דעם פּאַלאַץ האָט מען די מומיע געבראַכט אין בית-מקדש פון רעמסס'ן, וואו ער האָט אָבגערוהט א גאַנצען מעת-לעת. דערנאָך האָט מען מיט גרויס פּאַראַד אריינגעפיהרט די מומיע אין דעם בית-מקדש עמון-רע.

די פּרטים פון דער צערעמאָניע זענען די זעלבע, וואָס זענען פאָרגעקומען אין מעמפיס.

די קעניגליכע פּאַלאַצען, וועלכע זענען געשטאַנען אויפן רעכטען ברעג פון נילוס אויף דרום-זייט פון דער שטאָדט, און דאָס בית-מקדש פון אמון-רע, וועלכעס איז געווען אויף צפון זייט, זענען געשלאָסען געווען מיט א וועג, וועל- כער איז געווען איין-איינציג אויף דער וועלט. דער וועג איז בעשטאַנען פון א זעהר ברייטע אלעע, וועלכע האָט געהאַלטען צוויי קילאָמעטער אין דער לענג, און איז געווען בעזעצט מיט ריזענדיגע ביימער און צו צוויי רייהען ספינקסען האָט זי געהאַט אין ביידע זייטען. מאַנכע פון די ספינקסען האָבען געהאַט אויף זייערע לייבען-קערפּערס

מענשען-קעפּ און אַנדערע — שאָף-קעפּ. אַזעלכע ספינקסען זענען געשטאַנען עטליכע הונדערט.

אין ביידע זייטען פון די אַלעען האָבען זיך גע-שטופּט און געשטויסען מענגעס מענשען פון טעבי און פון דער אומגעגענד און אין מיטען וועג איז געגאַנגען די לויה. עס איז געגאַנגען מוזיק פון פערשידענע פעלקען, מחנות מיט ווײַנעריגס, כאָרען מיט זינגערס, אַלע צעהען בעלי-מלאכות און סוחרים, דעפּוטאַציעס פון צעהנדליגע פּראָווינצען מיט זײַערע געטער און פאָהנען, דעפּוטאַציעס פון פעלקער, וועלכע האָבען געהאַט בעציהונגען מיט מצרים... און נאָך זײַ זענען ווידער געגאַנגען: מוזיק, מײַנעריגס און כאָרען פון כהנים.

און אויך דאָס מאָל איז די קעניגליכע מומיע געלעגען אין אַ גאָלדען שיפעל, נאָר דאָס שיפעל איז געווען טהײַ-ערער פון יענעם שיפעל אין מעמפיס. דער וואָגען, אויף וועלכען דאָס שיפעל איז געלעגען, איז געווען אײַנגע-שפּאַנט אין אַכט פּאָר ווײַסע אָקסען, האָט געהאַלטען אין דער הויך צוויי שטאָק און איז כמעט נישט געזעהן געווען אונטער דער מענגע קרענץ, פעדערען פון שטרויס-פײַגעל און טהײַער געוועב. עס האָבען דעם וואָגען אַרומגענומען געדיכטע וואָלקענס מיט רויך פון קטורת און דאָס האָט געמאַכט אַ אײַנדרוק, אז רעמסס דער דרײַצעהנטער ווײַזט זיך זײַן פאָלק אַלס גאָט אין וואָלקענס.

פון די טהורמען פון אַלע בית-מקדש׳ס אין טעבי האָבען זיך געהערט דונערען און אַ הויכער אָבקלאַנג פון קופּערנע בלעכען.

חאָטש די אַלעע פון די ספינקסען איז געווען פּרײַ

און ברייט, חאטש די לויה איז פארגעקומען אונטער דער לייטונג פון די גענעראלען, וועלכע האבען געהאלטען די גרעסטע ארדנונג, דאך האט דער וועג פון די צוויי קילאמעטער, פון פאלאץ ביז צום בית-מקדש פון אמון-רע געדויערט דריי שטונדען

ערשט ווען די מומיע פון רעמסס דעם צוועלפטען איז אריינגעטראגען געווארען אין בית-מקדש, איז רעמסס דער דרייצעהנטער ארויסגעפאהרען פון דעם פאלאץ אויף א גאלדענעם וואגען, וועלכער איז געווען איינגעשפאנט אין א פאר שטארקע פערד. דער המון, וועלכער איז געשטאנען אין דער לענג פון דער אלעע און האט זיך געהאלטען רוהיג אין דער צייט פון דער לויה, האט איצט, זעהענדיג דעם נייען הערשער, אזוי הויך געשריען, אז די דונערען מיט דעם קלינגען פון די טהורמען זענען אין זיי פערשוואונדען געווארען.

דער המון האט פיעל מאל געוואלט ארויסלויפען אין מיטען די אלעען און ארומנעהמען דעם הערשער. רעמסס האט אבער מיט א וואונק פון זיין האנד אבגעהאלטען דעם המון!

אין עטליכע מינוטען איז פרעה דורכגעפאהרען דעם וועג און האט זיך געשטעלט פאר די ריעזענדיגע טהורמען פון דעם בערימהמטסטען בית-מקדש אין מצרים.

דאס בית-מקדש האט פערנומען א שטח פון פיער מארגעס און די גערטנער מיט די אזיערעס, וואס זענען געווען ארום דעם בית-מקדש, האבען פערנומען פערציג מארגעס ערד. פאר דעם בית-מקדש זענען געשטאנען צוויי טהורמען, וועלכע האבען געהאלטען צעהן שטאק. דער הויף,

וועלכער האט געהאט ארום זיך א קארידאר, וואס איז געווען אנגעשפארט אויף זיילען — האט געהאלטען א ערך פון צוויי מארגעס און דער זיילען זאל, אין וועלכען די גרעסטע לייט האבען זיך פערזאמעלט, האט געהאלטען איין מארגע. דער סופית פון דעם זאל האט זיך געהאלטען אויף הונדערט פיער און דרייסיג זיילען. די צוועלף זיילען אין דער מיטען האבען געהאלטען פופצעהן טריט און דער ברייט און הויך זענען זיי געווע, — פינף און אויך זעקס שטאק...

די בילדער, וועלכע זענען געשטאנען אין בית-מקדש, נעבען די טהורמען און נעבען דער הייליגער אזערע, זענען געווען פערשידענע, גרעסערע און קלענערע.

אין דעם ריזענדיגען טהויער האט אבגעווארט רעמסס'ן — הרהור, וועלכער איז געווען א כהן-גדול אין דעם בית-מקדש. ער איז דאמאלס געווען ארומגענומען מיט א גאנצען שטאב פון כהנים און בעגריסט האט ער דעם נייעם פרעה מיט גאוה. מקריב זייענדיג איהם קטורת, האט ער אויף איהם נישט געקוקט. דערנאך האט ער פרעה'ן אריינגעפיהרט דורכ'ן הויף אין דעם זאל און האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אריינצולאזען די דעפוטאציעס הינטער דער מויער פון בית-מקדש.

אין מיטען דעם זאל איז געשטאנען דאס שיפעל מיט דער מומיע פון דעם געשטארבענעם פרעה און אין ביידע זייטען זענען געשטאנען טראנען. אויף איין טראן האט זיך געזעצט רעמסס דער דרייצעהנטער, זייענדיג ארומגענומען מיט גענעראלען און הויפטמענער פון פראווינצען, אויפ'ן צווייטען טראן איז געזעסען הרהור, זייענדיג ארומגענומען

מיט כהנים, דערנאָך האָט מפּרים דערלאַנגט הרהור'ן דעם הוט פון אמן־חטף און דער יונגער הערשער האָט ווידער דערזעהן אויפ'ן קאָפּ פון הרהור'ן דעם גאָלדענעם שלאַנג, וואָס איז געוועזן אַ סימבאָל פון דער קעניגליכער מאַכט.

רעמסס איז בלאַס געוואָרען פון כעס און האָט זיך געקלערט:

„זאָל איך נאָר נישט דאַרפען דיר אראָבצונעהמען דעם הוט צוזאַמען מיט דיין קאָפּ?".

ער האָט אָבער געשוויגען, וויסענדיג, אַז אין דעם גרעסטען בית־מקדש איז הרהור אַ הערשער גלייך מיט די געטער און האָט מעהר מאַכט פון פרעה'ן.

אין דער צייט, ווען דער הויף איז געווען פול מיט מענשען און פון הינטער דעם פאָרהאַנג, וועלכער האָט אָבגעטהיילט די געוועהנליכע מענשען פון דעם איבריגען בית־מקדש, האָבען זיך אָנגערופען האַרפען און אַ שטילער געזאַנג, האָט זיך רעמסס איינגעקוקט אין דעם זאַל. דער גאַנצער וואַלד מיט ריעזענדיגע זיילען, וועלכע זענען געווען אין גאַנצען בעדעקט מיט מאַהלערייען, די בעלייכטונגען און דער הויכער סופיט, האָבען געמאַכט אויף איהם אַ שווערען איינדרוק.

„וואָס פאַר אַ ווערטה האָט — האָט ער געקלערט — מנצח זיין אין אַ מלחמה אין דער מדבר?... אַזאַ בית־מקדש אויפצובויען, איז אַ ווערק!... און געבויעט דאָס בית־מקדש האָבען דאָך די כהנים!..."

ער האָט דערשפירט די מאַכט פון די כהנים... צו וועט ער, זיין מיליטער, און אפילו דאָס גאַנצע פאָלק קענען אומוואַרפען אַזאַ בית־מקדש?... און אויב געגען זייער

בנין וואָלט ער זיך נישט געקענט קיין עצה געבען, וועט ער דען קענען זיי אלײן בײקומען !...

זײנע געדאנקען האָט איהם געשטערט די שטימע פון דעם כהן־גדול מפרים:

— דו הײליגער פּרעה—האָט מפריס געזאָגט—דו גרעסטער בעגלויבטער פון די געטער (בײ די ווערטער האָט ער זיך געבוקט צו הרהור׳ן), איהר הויפּטמענער פון פּראָווינצען, שרײבער, ריטער און געוועהנליך פאָלק! דער גרעסטער כהן־גדול פון דעם בית־מקדש האָט אונז גערופען, אום מיר זאָלען לויט דעם אלטען מנהג משפּט׳ן די מעשים פון דעם געשטאָרבענעם פּרעה און איהם ענטזאָגען אָדער אנערקענען דאָס רעכט צום קבר צו קומען...

א שרעקליכער כעס האָט בעהערשט פּרעה׳ן. דאָס איז נאָך וועניג, וואָס מען איז איהם מבזה אין בית־מקדש, נאָר אויך די מעשים פון זײן פאָטער וועט מען בעטראַכטען און קלערען וועגען דעם, צי מען זאָל איהם קובר זײן אָדער נישט!...

ער האָט זיך אָבער בערוהיגט. דאָס איז דאָך נאָר געווען א פאָרמאַליטעט. וועלכע איז אזוי אלט געווען, ווי די דינאַסטיע אין מצרים. דאָס איז אין אמת׳ן נישט געווען קײן משפּט, נאָר אלויב פאַר דעם געשטאָרבענעם.

הרהור האָט נעוויזען מיט דער האַנד, אז די כהנים גדולים זאָלען זיך זעצען אויף קלײנע שטוהלען, די הויפּטמע־נער פון די פּראָווינצען און די גענעראַלען זענען אָבער גע־שטאַנען, פאַר זײערט וועגען זענען דאָרט קײן שטוהלען נישט געווען.

פּרעה האָט זיך בעהאַלטען אין זכרון אויך דאָס, אז

די כהנים האלטען זיך גרעסער פון אלע; ער האט אבער אזוי געהערשט איבער זיך, אז מען האט אן איהם נישט דערקענט, אז ער איז כעס.

דער היילינגער מפרים האט דערוויל אנגעהויבען צו בעהאנדלען דאס לעבען פון דעם געשטארבענעם פרעה.

— רעמסס דער צוועלפטער — האט ער געזאגט — האט נישט געטהון קיין איין זינד פון אלע צוויי און פערציג זינד, בכן וועט דער משפט פון די געטער ארויסגעבען א גנעדיגען פסק אויף איהם. און וויל די קעניגליכע מומיע איז דורך די כהנים בעזארגט געווארען מיט די בעסטע קמיעות, תפלות און השבעות, איז דאך קיין שום ספק נישט, אז דער געשטארבענער פרעה איז שוין איצט אין דער וואהנונג פון די געטער, זיצט זיך נעבען אוזירים'ן און איז אליין אזירים.

די געטליכע נאטור פון רעמסס דעם צוועלפטען האט זיך אין איהם געוויזען נאך ווען ער האט געלעבט. ער האט געהערשט מעהר פון דרייסיג יאהר, ער האט געגעבען מנוחה זיין פאלק און ער האט אויפגעבויעט פיעל בית-מקדש'ס... אויסער דעם איז ער אליין געוועזען א כהן-גדול און פרימער פון אלע פרומסטע כהנים. אין זיין הערשען האט דאס ערשטע ארט פערנומען די דיענסט פון די געטער און דאס הויבען דעם שטאנד פון די כהנים. דאדורך האבען איהם די געטער געליעבט און איינער פון די געטער אין טעבי איז אויף זיין בקשה געפאהרען אין דעם לאנד בוכטען, וואו ער האט ארויסגעיאגט דעם רוח פון מלך'ס טאכטער.

מפרים האט אביסעל אבגערוהט און דערנאך האט ער ווייטער געזאגט

— אז איך האָב אײַך, גרויסע לײַט, דערוויזען, אז פרעה איז א גאָט, וועט איהר דאָך אודאי פרעגען, צו וואָס פאַר א צוועק איז ער אַראָב אויף דער ערד פון מצרים און געוויילט אויף איהר עטליכע צעהנדליגע יאָהרען?

אָט, צו דעם צוועק, אום אויסצובעסערען די וועלט, וועלכע איז זעהר פערדאָרבען, ווײַל די אמונה איז געפאַלען.

וואָרום ווער קלערט דען הײַנט וועגען פרומקײַט, ווער פערנעהמט זיך מיט דער דיענסט פון די געטער?...

ווײַט אויף צפון זעהען מיר דאָס גרויסע פאָלק אשור, וועלכעס גלויבט נאָר אָן דער מאַכט פון דער שווערט און בעשעפטיגט זיך נישט מיט לעהרע, נאָר מיט אײַננעהמען עלקער.

נעהנטער פון זײ וואָהנען די פעניציאַנער, וואָס זײַער גאָט איז גאָלד און זײַערע תפלות זענען בעטריגערײַען און פראָצענט. אנדערע פעלקער, חתים אויף מזרח, לובים אויף מערב, כושים אויף דרום און גריכען בײַ דעם מיטלענדישען ים, זענען בּאַרבּאַרען און גזלנים. זײ ארבײַטען נישט, נאָר גנב'נען, זײ לערנען נישט, נאָר שכור'ען, שפּילען אין בײַנער—אָדער שלאָפען ווי מידע בהמות.

אויף דער גאַנצער וועלט איז פערהאַנען נאָר אײַן פאָלק, וועלכעס איז אמת'דיג פרום און קלוג—דאָס פאָלק פון מצרים; זעהט אָבער וואָס עס טהוט זיך אויך דאָ?

ווײַל עס געפינען זיך צווישען אונז אַזוי פיעל אויס-לענדער, וועלכע זענען אונגלויבער, פאַלט בײַ אונז די אמונה. דער אַדעל און די גרעסטע לײַט זעצען זיך בײַ זײַערע בעכערס ווײַן און לעזען פון די געטער און פון דעם

אײַבּיִגען לעבען אויף יענער וועלט און דאָס פֿאָלק וואַרפֿט בּלאָטע אויף די הײליגע בּילדער און ברענגט נישט קײן מתּנות אין די בּית־מקדש'ס

דאָס פֿרומקײַט פֿאַלט און אויסגעלאַסענהײַט הערשט. יעדער וויל טראָגען ריזיגע פּערוקען, זיך זאַלבען מיט עהלען, האָבען העמדער, וואָס זענען אויסגעשטיקט מיט גאָלד, זיך צירען מיט גאָלדענע קײטען און בּראַנזאָלעטען, וועלכע זענען אויסגעזעצט מיט טהײַערע שטײנער. קײנער וויל זיך נישט בּעניִגען לאָזען מיט אַ ווײצען־פּלעצעל; קוכען מיט מילך און האָניג וויל יעדער, מיט בּיִער וואַשט מען זיך די פֿיס און דעם דורשט לעשט מען מיט אויסלענדישע ווײַנען.

דאַדורך איז דער גאַנצער אַדעל אין חובות, דאָס פֿאָלק ווערט נעשלאָגען און בּעשווערט מיט אַרבּײַט, אויף פֿערשידענע ערטער בּרעכען אויס בּונטען. וואָס זאָג איך?... אויף פֿערשיעדענע ערטער?... ווי לאַנג און בּרײט מצרים איז, הערט מען פֿון אַ געוויסער צײַט אָן געשרײַען:

„ניט אונז רוהע־טעג, יעדען זיבּענטען טאָג זאָלען מיר רוהען!... שלאָגט אונז נישט אָהן משפּט!... גיט אונז יעדען צו שטיקלעך ערד!..."

דאָס איז אַ אָנפֿאַנג פֿון אונזער חורבּן, פֿון חורבּן פֿון אונזער מלוכה און געגען דעם חורבּן מוז מען זוכען אַ רעטונג. און רעטונג קען מען האָבען נאָר אין דער רעליגיע, וועלכע לערנט אונז, אַז דאָס פֿאָלק מוז אַרבּײטען. די הײליגע לײַט, וועלכע ווײסען, וואָס גאָט וויל, דאַרפֿען דעם פֿאָלק ווײַזען, וואָס עס האָט צו טהון און פּרעה מיט

זײַנע גרויסע לײַט דארפֿען אַבהיטען, אז די ארבײַט זאָל עהרליך געמאַכט ווערען.

דאָס לערנט אונז די רעליגיע; לויט די פּרינציפּען האָט געהערשט איבער דער מלוכה אַזירים־רעמסס דער צוועלפֿטער און מיר, כּהנים גדולים, קענענדיג זײַן פֿרומ־קײַט, ווע‍לען מיר אויף זײַן מצבה און אין בּית־מקדש'ס אויסקריצען די אויפֿשריפֿט:

„אָקס חירות, שטארקער אַפּיס, וועלכער האָט גע־שלאָסען די קרוינען פֿון דער מלוכה, האָט געהערשט מיט דער שווערט, האָט מנצח געווען נײַן פֿעלקער, איז געווען א מלך אין נידריגען און העכערן מצרים, האָט געהערשט איבער צווײַ וועלטען, איז געווען א זוהן פֿון דער זון, אמן־מר־רעמסס, דער געליבּטער פֿון אמון־רע, הער און הער־שער פֿון טעבּאאידא, א זוהן פֿון אמון־רע, איז אָנגענומען געוואָרען פֿאר א זוהן דורך חירות'ן און איז ענטשטאנען גע־וואָרען דורך הורמאכ'ן, א מלך איז ער געווען אין מצרים, הער־שער איבער פֿעניציען, האָט געהערשט איבער נײַן פֿעלקער".

ווען דער פֿאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען דורך א אויסגעשרײַ פֿון די פּעריזאמעלטע, זענען ארויסגעלאָפֿען מענצערינס פֿון הינטער א פֿאָרהאַנג און זײַ האָבען אויסגע־פֿיהרט פֿאר דעם אָרון פֿון מת א הײַליגען טאנץ און די כּהנים האָבען מקריב געווען קטורת. דערנאָך האָט מען אראָבּגענומען דעם אָרון מיט דער מומיע פֿון שיפֿעל און ארײַנגעטראָגען אין קודש־קדשים פֿון עמונ'ען, וואו רעמסס דער דרײַצעהנטער האָט שוין נישט געטאָרט ארײַנקומען.

די תּפילות האָבען זיך באַלד געענדיגט און די פֿער־זאמעלטע זענען ארויס פֿון בּית־מקדש.

צוריקפֿאָהרענדיג אין פּאַלאַץ, איז דער יונגער פּרעה געוועזען אַזוי פֿערטיעפֿט אין זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט במעט ניט געזעהן דעם גרויסען המון און ניט געהערט זיינע אויסגעשרייען.

„איך קען ניט נאַרען מיין אייגען הארץ — האָט ער זיך געטראַכט — די כהנים גדולים זענען מיך מבזה און איך ווייס אפילו ניט מיט וואָס איך קען זיי געפֿעלען ווערען. זיי ווילען הערשען איבער דעם גאַנצען לאַנד און איך דאַרף באַר אָבהיטען, אַז יעדער זאָל אויספֿיהרען זייערע בעפֿעהלען...

אַזוי וועט ניט זיין. איך וועל אַרויסגעבען בעפֿעה־לען און זיי וועלען מוזען פֿאָלגען... און אָדער איך וועל אומקומען. אָדער איך וועל מיינע קעניגליכע פֿיס אַרויפֿלעגען אויף זייערע העלזער..."

צוויי טעג איז די מומיע פֿון רעמסס דעם צוועלפֿ־טען געווען אין בית־מקדש פֿון עמון־רע, אין דעם קודש־קדשים, וואו אויסער הרהור'ן און מפרים'ן האָבען אפילו די כהנים־גדולים ניט געטאָרט אַריינגעהן. פֿאַר דער מומיע האָט זיך געלייכט איין לאַמפּ, וואָס איהר פֿלאַם איז קיין מאָל ניט אויסגעלאָשען געוואָרען. איבער דער מומיע איז געווען אַ סימבאָל פֿון דער נשמה: אַ פֿויגעל מיט אַ מענשען־קאָפּ. צי איז דאָס געווען אַ מאַשין, צי טאַקי אַ לעבעדיגע בריאה, האָט קיינער ניט געוואוסט. דאָס איז זיכער, אַז די כהנים, וועלכע האָבען געהאַט דעם מוט אַ קוק צו טהון הינטער דעם פֿאָרהאַנג, האָבען געזעהן, אַז די בריאה האָט געהאַנגען אין לופֿט, ריהרענדיג מיט'ן מויל און מיט די אויגען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען די פֿאָרטזעצונג פֿון דער לויה און אויף דעם גאָלדענעם שיפֿעל איז די מומיע אַרי־

בערגעפיהרט געוואָרען אויף דער צווייטער זייט נילוס, זייענדיג אַרומגענומען מיט אַ גרויסער מחנה פון כהנים, ווייגעריגם, מיליטער און געזאנג און אַזוי איז זי געפיהרט געוואָרען איבער דער הויפט-גאַס פון טעבי.

די גאַס איז געוועזען די שעהנסטע אין גאַנץ מצרים: זי איז געוועזען ברייט, גלאַטיג, בעזעצט מיט בוימער. איהרע פיער און פינף שטאָקיגע הייזער זענען געוועזען אויסגעזעצט מיט פערשיעדענפאַרביגע שטיינער אָדער בעדעקט מיט שניצערייען און זיי האָבען אויסגעזעהן, ווי זיי וואָלטען געוועזען אין גאַנצען בעדעקט מיט דיוואַנעס אָדער מיט ריזענדיגע בילדער, וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט די אַרבייט פון סוחרים בעלי-מלאָכות, שיפערס און אויך ווייטע לענדער און פעלקער.

די גאַנצע גאַס האָט אויסגעזעהן, ווי אַ ריזענדיגע גאַלעריע מיט בילדער, וועלכע האָבען געגלאַנצט מיט זייערע פאַרבען.

די לויה האָט זיך געצויגען אויף אַ ערך פון צוויי קילאָמעטער פון צפון אויף מערב. אין מיטען דער שטאָדט האָט זיך די לויה אָבגעשטעלט און דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צום נילוס.

אין מיטען דעם נילוס איז געוועזען אַ גרויסע אינזעל, צו וועלכער עס האָט געפיהרט אַ בריק, וועלכער האָט זיך געהאַלטען אויף קליינע שיפלעך. אום קיין אונגליקליכער פאַרפאַל זאָל נישט פאָרקומען, האָבען די גענעראַלען אויסגעשטעלט אַלע אין רייהען צו פיער מענשען אין איין רייהע און זיי געהייסען געהן זעהר לאַנזאַם, כדי די פיס זאָלען נישט געשטעלט ווערען ריטמיש, לויט דעם טאַקט, האָבען

די אָבטהײלונגען פון די מוזיק געשפּיעלט פערשיעדענע מעלאָריען.

אין עטליכע שטונדען איז די גאנצע פראָצעסיע דורכגעגאנגען די בריק, די אינזעל, די צווייטע בריק און זי איז געקומען אויף דעם צווייטען ברעג פון נילוס.

אויב מען קען דעם מזרח-טהייל פון טעבי רופען: געטער-שטאָדט, איז דער מערב-טהייל געווען א שטאָדט פון בית-מקדש'ם און קברים.

די מחנה האָט זיך גערוקט פון נילוס צו די בערגער אויף דעם וועג אין דער מיטען. אויף דרום-זייט פון דעם וועג איז געשטאנען א בית מקדש צום אנדענקונג פון דעם נצחון פון רעמסס דעם דריטען. די וועגד פון דעם בית-מקדש זענען געווען בעדעקט מיט בילדער פון די פעלקער, וועלכע ער האָט איינגענומען: חתים, אמורים, פלשתים, כושים, ערבים, לובים. אביסעל נידריגער זענען געשטאנען צוויי בילדער פון אמון-חטף דעם צווייטען, וועלכע האָבען געהאלטען אין דער גרויס פינף שטאָק, חאָטש די געשטאלטען זענען געווען זיצענדיגע. איינס פון די בילדער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין וואונדערבארער אייגענשאפט: ווען עס זענען אויף איהר געפאלען די שטראהלען פון דער אויפגעהענדער זון, האָט דאָס בילד ארויסגעגעבען טענער ווי א הארפע.

נעהנטער צום וועג, אויף דער לינקער זייט, איז געשטאנען נישט קיין גרויס אָבער א שעהן בית-מקדש פון רעמסס דעם צווייטען. אין פאָדערהויז פון דעם בית-מקדש זענען געשטאנען שטעהענדע בילדער מיט קעניגליכע הערבען אין די הענד. אויפ'ן הויף איז געשטאנען דאָס

בילד פון רעמסס דעם צווייטען, וועלכעס האט געהאלטען פיער שטאק אין דער הויך.

דער וועג האט זיך געצויגען אונטער דעם בארג און וואס ווייטער, דאס בעסער האט מען געזעהן דעם בארג, וואס איז געלעכערט געוועזען ווי א שוואם; די לעכער זענען געוועזען קברים פון די גרויסע לייט אין מצרים, ביים איינגאנג צו די קברים, צווישען הויכע פעלזען, איז געוועזען א אריגינעל בית-מקדש פון דער קעניגין חתת, וועלכעס האט געהאלטען 450 טריט אין דער לענג. פון דעם הויף, וועלכער איז געוועזען ארומגעצוימט מיט א מויער, איז מען געגאנגען מיט טרעפ אויף א הויף, וועלכער איז געוועזען ארומגענומען מיט זיילען, אונטער וועלכע עס איז געוועזען דאס אונטערערדישע בית-מקדש. פון דעם הויף מיט די זיילען איז מען ארויפגעקומען מיט טרעפ צו א בית-מקדש, וואס איז געוועזען אויסגעהאקט אין א פעלז, הינטער וועלכען עס איז אויך געוועזען א קעהלער-געביידע.

דאס בית-מקדש האט אלזא געהאט צוויי בנינים: א העכער בנין און א נידריגען און אויסער דעם האט יעדעס בנין זיך געטהיילט אויף צוויי: אויף א אונטערערדישען און אויבערשטען. די טרעפ זענען געוועזען ריזענדיגע און אין ביידע זייטען זענען געשטאנען אנשטאט אנלעהנען — צוויי רייהען ספינקסען; ביי דעם איינגאנג פון די טרעפ זענען געוועזען צוויי זיצענדיגע בילדער.

פון דעם בית-מקדש חתת האט זיך געצויגען א שמא־לער וועג צווישען די פעלזען פון די קברים פון די גרויסע לייט, ביז צו די קברים פון די מלכים, אין מיטען דעם וועג איז געוועזען דער קבר פון כהן-גדול רתם-עינוף; די

צימערען און די קאָרידאָרען פון דעם קבר האָבען פערנומען צוויי מאָרגעס.

דער וועג ציהט זיך בארג אויף און ענדיגט זיך אויף אַ זעהר ברייטען פּלאַץ, וועלכער געפינט זיך אויף אַ בארג.

אויף דעם פּלאַץ איז געוועזען אַ טהיר, וועלכע האָט געפיהרט אין דעם קבר אונטער דער ערד, וועלכען פּרעה האָט זיך געבויעט דרייסיג יאהר. דער קבר איז געוועזען אַ גאַנצער פּאַלאַץ מיט צימערען פאר'ן הערר, פאר זיין פאַמיליע און דינסטשאַפט, מיט אַ עס-צימער, שלאף-צימער, באד-צימער, בית-מקדש'לעך פאר פערשידענע געטער און אַ ברונען, וואָס אויף איהר דנאָ געפינט זיך אַ קליין צימערעל, וואו די מומיע פון פּרעה'ן דאַרף אייביג צו רוהען.

ביים אַבּבּלאַנק פון שטאָלקאַצען זעהט מען די וואַנד פון אלע צימערען, וועלכע זענען בעדעקט מיט תפלות און בילדער פון אלע מעשים פון דעם געשטאָרבענעם: יאַגד בויען בית-מקדש'ם און קאַנאַלען, טריאומף-רייזען, געטערדינסט. מלחמות פון מיליטער געגען פיינד...

די צימערען זענען פול געוועזען מיט כלים, מעבעל, וועגען און וואַפען, בלומען, פליש, קוכען און וויין, און אויסער דעם איז אין זיי אויך געוועזען זעהר פיעל בילדער פון רעמסס דעם דרייצעהנטען, זיינע כהנים, מיניסטאָרען, פרויען, סאָלדאַטען און שקלאַפען. וואָרום דער הערר קען זיך אויך אויף יענער וועלט נישט בעגעהן אָהן קאָסטבארע מעבעל, גוטע מאכלים און טרייע דינסטשאַפט.

ווען דער וואָגען מיט דער מומיע האָט זיך אָבגעשטעלט ביים איינגאַנג צום קבר, האָבען די כהנים אַרויסגענומען די מומיע פון דעם ארון און זי געשטעלט אויף

דער ערד, אנגעשפארט מיט די פלייצעס אן א פעלז.
רעמסס דער דרייצעהנטער האט דאן מקריב געווען קטורת פאר דער מומיע פון זיין פאטער. און די מלכה ניקאטרים, אנטעהטענדיג די מומיע ביים האלז, האט געזאגט מיט געוויין:

— „איך בין דיין שוועסטער, דיין ווייב ניקאטרים, פערלאז מיך נישט, א גרויסער! צי ווילסט דו טאקי, מיין גוטער פאטער. אז איך זאל אוועק געהן? און ווען איך וועל אוועק געהן, וועסט דו דאך בלייבען אליין, ווארום חער וועט בלייבען ביי דיר?"...*).

אין דער זעלבער צייט האט הרהור מקריב געווען קטורת פאר דער מומיע, און מפרים האט אויסגעגאסען חיין, זאגענדיג:

— „דיינם גלייבען זענען מיר דאס מקריב, אזירים-מר-אמן=רעמסס, וואס דיין קול איז רעכטשאפען פאר דעם גרויסען גאט!"

דערנאך האבען זיך אנגערופען די וויינערינס און די בארען פון די כהנים:

ערשטער כאר. בעקלאגט זיך, בעקלאגט, חיינט, וויינט, וויינט, אהן אויפהער וויינט, אזוי הויך, ווי נאר איהר קענט...

די וויינערינס. א, גרויסער רייזענדער, וועלבער ווענדעט די טריט צו דעם לאנד פון אייביגקייט, ווי גיך רייסט מען דיך ארוים פון אונז!..

צווייטער כאר. ווי שעהן איז דאס, וואס איהם

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

געשיהט! ווייל ער האט זעהר געליעבט חאנסו פון טעבי, האט איהם גאט ערלויבט צו בעקומען מערב אין דער וועלט פון זיינע דיענסטענם דורות...

די וויינערינס. א, דו, וואס אזוי פיער דיענסטען האבען דיך געפלעגט ארומנעהמען, דו וועסט איצט זיין אין דער ערד!... דו, וואס דיינע מלבושים זענען געוועזען אזוי דין און דיין וועש איז געוועזען אזוי ריין, ליעגסט איצט אין נעכטיגע מלבושים.

ערשטער כאר. אין צימער, אין צימער אויף מזרח, א, הערשער אונזערער, געה בשלום... מיר וועלען דיך ווידער זעהן, ווען דער טאג פון אייביגקייט וועט אנקומען, ווארום דו געהסט אין לאנד, וועלכעס שליסט אלע מענשען.

עס האבען זיך אנגעהויבען די לעצטע צערעמאניעס.

מען האט געבראכט א אקס און א אנטילאפע, וועלכע רעמסס דער דרייצעהנטער האט בעדארפט שעכטען, נאר עס האט זיי געשאכטען דער כהן-גדול שם. די נידריגע כהנים האבען גיך פון זיי ארויסגעצויגען די פעל, דערנאך האבען הרהור און מפרים גענומען טהיילען פון די בהמות און צוגעלעגט צום מויל פון דער מומיע. די מומיע האט אבער נישט געוואלט עסען, ווייל זי איז נאך נישט בעלעבט געוועזען און דאס מויל איהרס איז געוועזען פערמאכט.

אום אבצורוקען די שטערונג, האט מפרים אבגעוואשען די מומיע מיט הייליג וואסער און גערויכערט מיט בשמים און אלון, זאגענדיג:

— „אט שטעהט דא מיין פאטער, אט שטעהט דא אזירים-מר-אמן-רעמסס. איך בין דיין זוהן, איך בין חרות.

איך קום צו דיר, אום דיך צו רײניגען, און דיך לעבעדיג מאַכען... איך לעג צוריק צונויף דײַנע בײַנער, איך בע־העפט זײ צוריק, וואָרום איך בין חרות און בין זיך נוקם פאר מײַן פאָטער... דו זיצט אויפ'ן טראָן פון רע, וועלכער שטאַמט פון נות, וועלכע געבירט דעם רע יעדען פריה־מאָרגען, וועלכער געבירט יעדען טאָג מר־אמן־רעמסס, ווי רע".

זאָגענדיג די ווערטער, האָט דער כהן גדול בעריהרט מיט קמיעות דאָס מויל, די ברוסט, הענד און פיס פון דער מומיע.

איצט האָבען זיך ווידער אָנגערופען די כאָרען.

ערשטער כאָר. „אָזירים־מר־אמן־רעמסס וועט פון איצט אָן עסען און טרינקען אַלעס, וואָס די געטער עסען און טרינקען. ער זיצט אויף זײער אָרט, איז געזונד און שטאַרק, ווי זײ...

צווײטער כאָר. ער האָט מאַכט אין אַלע זײנע אברים, לײדען קען ער נישט, ווען זײענדיג הונגעריג, קען ער נישט עסען און זײענדיג דורשטיג, קאָן ער ניט טרונקען.

ערשטער כאָר. א, געטער, גיט אָזירים־מר־אמן־רעמסס טויזענד טויזענדער קרינגען ווײן, טויזענדער מלבושים, לאַבען־ברויט און אָקסען...

צווײטער כאָר. א, איהר, וואָס לעבט אויף דער וועלט און דאָ וועט איהר פאַרבײַגעהן, אויב דאָס לעבען איז אײַך ליעב, און דער טויט פערפײַנדט, אויב איהר ווילט, אַז אײַער גרויסקײַט זאָל איבערגעהן צו אײַערע דורות, זאָגט די תפלה פאר דעם מת, וועלכען מען איז דאָ קובר...

מפרים. א, איהר גרויסע, איהר נביאים, איהר

פרינצען, שרייבער און פרעהם, איהר אנדערע מענשען, וואס איהר וועט אין מיליאנען יאהרען נאך מיר קומען, ווען איינער פון אייך וועט זיין נאמען לעגען אויף דעם ארט פון מיין נאמען, וועט איהם גאט פערטיליגען און אויסראטען פון דער ערד..." *)

נאך דער השבעה האבען די כהנים אנגעצונדען שטאלקאצען, גענומען די מומיע און ווידער זי ארייננעלעגט אין ארון און צוזאמען מיט דעם ארון האבען זיי זי ארייננעלעגט אין א שטיינערנעם קאסטען, וועלכער האט געהאט א מענשען-געשטאלט. דערנאך האבען זיי די גאנצע משא געטראגען צום קבר ביים געוויין און יאמער פון די וויינערינס, וועלכע האבען זיך כלומר'שט געאמפערט מיט זיי און נישט געלאזט די מומיע פון ארט ריהרען.

דורכגעהענדיג ביי דער ליכטיגקייט פון די שטאלקאצען עטליכע קארידארען און צימערען, האבען זיי זיך אבגעשטעלט אין דעם צימער, וואו די ברונען איז געוועזען. דארט האבען זיי ארויבגעלאזט דעם קאסטען און זיי אליין זענען אויך דארט אריין. דארט האבען זיי דעם קאסטען אנידערגעשטעלט אין א ענג צימערעל און גיך האבען זיי פערמויערט דעם איינגאנג אזוי קינסטליך, אז קיינער וואלט נישט דערקענט, אז פריהער איז דא געוועזען א איינגאנג צום קבר. דערנאך זענען זיי צוריקגעגאנגען ארויף אין דער הויך און פערמויערט דעם איינגאנג צו דער ברונען

דאס אלעס האבען געמאכט די כהנים אליין און קיינער האט נישט געזעהן, און ביז היינט ליגט זיך נאך די מומיע

*) ריכטיג איבערגעגעבען.

פון פרעה'ן רוהיג און קיינער קען אפילו זיך נישט משער זיין, אז דארט וואו זי ליעגט איז א קבר.

אין דער צייט, ווען איין גרופע כהנים האט פערבאר־גען די טומיע פון דעם פרומען פרעה, האט א אנדערע גרופע כהנים פערבעטען אויף א מאהלצייט אלע, וואס זענען דארט געווען

אין עס־צימער זענען ארייגעגאנגען רעמסס דער דרייצעהנטער, די מלכה ניקאטריס און שם, ווי אויך גרויסע לייט פון מיליטער און ציוויל־מענשען. אין מיטען צימער זענען געשטאנען טישען, וואס זענען געווען פול מיט מאכלים, וויין און בלומען און נעבען דער וואנד איז געזע־סען א מארמאר־בילד פון דעם געשטארבענעם פרעה. עס האט זיך געדאכט, אז ער קוקט אויף די אלע און מיט א מעלאנכאלישען שמייכעל פערבעט ער זיי, זיי זאלען עסען.

דאס מאהלצייט האט זיך אנגעהויבען מיט א הייליגען טאנץ, וועלכער איז בעגלייט געווארען מיט א געזאנג פון איינע פון די העכסטע כהנות:

„בענוצט זיך מיט די גליקליכע טעג, ווארום דאס לעבען דויערט נאר א ווײַלע... זייט לוסטיג און פרעהליך ווארום ווען איהר וועט געהן אין קבר אריין, וועט איהר רוהען אייביג אין דער גאנצער לענג פון יעדען טאג!...“ *)

נאך דער כהנת האט ארויסגעטרעטען א נביא און ביים אקאמפאנירען פון א הארפע האט ער געזאנט מיט א זינגענדע שטימע:

„די וועלט איז א שטענדיגע ענדערונג און א שטענדיג־

*) ריכטיג איבערגעגעבען

גע בעניאונג. קלוג איז דער גורל, צו בעוואונדערן זענען
די מעשים פון אזירים׳ן, אז ווען א גוף ווערט פערדארבען
בלייבען נאך איהם אנדערע קערפערם ...

די פרעה׳ס, די געטער, וועלכע האבען געלעבט
פאר אונז, רוהען אין זייערע פיראמידען; זייערע מומיעס
זענען אבער איבערגעבליבען נאך זיי. האטש די פאלאצען,
וועלכע זיי האבען געבויעט, געפינען זיך שוין נישט אויף
זייערע פריהריגע ערטער, זיי זענען שוין גאר נישט
פערהאנען ...

אלזא יאמער נישט, נאר גיב זיך אב דיינע תאוות
און גליק, און בעלעסטיג נישט דיין הארץ, ביז עס וועט
אנקומען דער טאג, ווען דו וועסט בעטען, און אזירים,
וואס זיין הארץ שלאגט שוין נישט, וועט נישט וועלען
אויסהערען דיינע תפלות און בקשות...

דער טרויער פון דער גאנצער וועלט וועט נישט
געבען קיין גליק דעם מענש, וואס ליגט שוין אין קבר;
בעניץ זיך מיט די טעג פון גליק און זיי נישט פויל אין
דיין שמחה. אין אמת׳ן, עס איז נישט פעהאנען א מענש,
וועלכער וואלט געקענט מיטנעהמען מיט זיך זיין פערטע-
גען אויף יענער וועלט — אין אמת׳ן איז נישט פערהאנען
קיין מענש, וועלכער האט געוואלט דארטהין געהן און צו-
ריקקומען!... *).

דאס מאהלצייט האט זיך געענדיגט און די פער-
זאמעלטע האבען נאך א מאל מקריב געווען קטורת פאר
דעם בילד פון דעם געשטארבענעם און איז צוריקגעפאהרען

*) ריבטיג איבערגעגעבען.

קיין טעבי. אין דעם בית-מקדש פון קבר זענען געבליבען, נאָר די כהנים, אום רעגולער מקריב צו זיין קרבנות צו דעם געשטאָרבענעם פרעה'ן, און וועכטער, וועלכע האָבען געהיט דעם קבר, מען זאָל איהם נישט בעגנב'ענען.

פון דאמאָלס אָן איז רעמסס דער צוועלפטער געבליבען אליין אין זיין צימער. דורך א קליין פענכטערל וואס איז געווען פערבאָרגען אין דעם פעלז, האָט זיך דאָרט אריינגעחאפט אביסעל טונקעלע ליכטיגקייט; אַנשטאָט פעדערען פון שטרויספויגעל. זענען פלעדערמייז געפלויגען איבער דעם הערשער; אַנשטאָט מוזיק האָט זיך דאָרט געהערט די ביטערע שטימען פון היענען און טייל מאָל אויך דאָס געשריי פון א לייב, וועלכער האָט אין זיין מדבר בעגריסט פרעה'ן אין קבר.

## צעהנטעם קאפיטעל

נאָך דער קבורה פון רעמסס דעם צוועלפטען איז איך מצרים צוריק צו זיין געוועהנליכער ארבייט און רעמסס דער דרייצעהנטער—צו די ענינים פון דער מלוכה.

דער נייער הערשער האָט אין חודש עפיפי (אַפריל, מאי) בעזוכט די שטעדט, וועלכע זענען געווען נעבען טעבי. ער איז געווען אין סני, וואָס איז געווען א שטאָדט פון גרויסען האנדעל און געווערב, וואו עס איז געווען דער בית-מקדש פון כנוסיה, אָדער „נשמה פון דער וועלט". ער האָט בעזוכט עד-פו, וואו עס איז געווען א בית-מקדש מיט 10-שטאָקיגע טהורמען, אין וועלכער עס איז געווען א גרויסע ביבליאָטעק מיט פאפירוסען און אויף איהרע ווענד איז געווען אויפגעמאָהלט א ענציקלאפעדיע פון דער דאמאָלסטיגער

געאָגראַפיע, אַסטראָנאָמיע און טעאָלאָגיע. ער איז אויך געווען אין די שטיין-ברוכען אין קנעא; אין נוביל האָט ער מקריב געווען אַ קרבן צו דעם גאָט פון ליכטיגקייט חירות און צום גאָט פון פינסטערניש שבק. ער איז געווען אויף דער אינזעל אב, וועלכע האָט אויסגעזעהן צווישען די שוואַרצע פעלזען ווי אַ שמאַראַגד און אויף איהם האָבען געוואַקסען די בעסטע טייטלען. די אינזעל איז אויך גערופען געוואָרען: „דאָס אָרט פון די עלפאַנטען״. ער האָט אויך בעזוכט די ערטער, וואו מען האָט אויסגעהאַקט פון פעלזען ניין-שטאָקיגע זאלען.

וואו נאָר דער נייער הערשער האָט זיך בעוויזען, האָט מען איהם בעגריסט מיט גרויס התלהבות. אפילו די פערברעכער, וואָס האָבען געאַרבייט אין די גרובען און זייערע קערפערם זענען געווען בעדעקט מיט וואונדען, וועלכע האָבען זיך נישט געלאָזט פערהיילען, האָבען זיך אויך זעהר דערפרייט, וואָרום פרעה האָט זיי געהייסען בעפרייען פון דער אַרבייט אויף דריי טעג.

רעמסס דער דרייצעהנטער האָט געקענט זיין שטאָלץ און צופריעדען: קיין שום פרעה איז נישט אַזוי היים אויפגענומען געוואָרען, אפילו ביי זייערע טריאומף-רייזען. די הויפטמענער פון די פראָווינצען, די שרייבער און כהנים-גדולים, זעהענדיג די אונענדליכע צוגעבונדענקייט פון דעם פאָלק צו דעם נייעם פרעה'ן, האָבען זיך געבויגטי פאַר זיין מאַכט און צווישען זיך האָבען זיי געשמועסט:

— דער המון איז ווי אַ סטאַדע אָקסען און מיר—ווי מוראשקעס. זאָלען מיר אַלזאָ בכבוד האַלטען דעם נייעם

הערשער, אום מיר זאָלען זיין געזונד און אונזערע הייזער זאָלען נישט רואינירט ווערען...

די גרויסע לייט, וועלכע האָבען זיך פאַר עטליכע חדשים שטאַרק גענגען-געשטעלט דעם פרע'ן, זענען איצט זעהר רוהיג געווען. אלע האָבען זיך מכניע געווען פאַר דעם נייעם מלך. אלע אדעל-לייט און אלע כהנים זענען געפאַלען אויף די פנים'ער פאַר רעמסס דעם דרייצעהנטען; נאָר מפרים און הרהור זענען געבליבען גענגען איהם אזוי שטייף ווי פריהער.

ווען פרעה איז צוריקגעקומען קיין טעבי, האָט איהם דער גרויסער שאַצמייסטער אָנגעזאָגט א שלעכטע בשורה.

— אלע בית-מקדש'ים ווילען דעם שאָץ פון דער מלוכה קיין קרעדיט נישט געבען—האָט ער געזאָגט—מען פערלאַנגט פון דיר, הייליגער פרעה, דו זאָלסט ארויסגעבען א בעפעהל, אז אין משך פון צוויי יאָהר זאָלען זיי אָבגעצאָהלט ווערען די סומען געלט, וואָס דער מלוכה-שאָץ איז זיי שולדיג...

— איך פערשטעה — האָט דער הערשער געזאָגט— דאָס איז די ארבייט פון דעם הייליגען מפרים!... וויפיעל זענען מיר זיי שולדיג?

— א ערך פון פופציג טויזענד טאַלענטען.

— פופציג טויזענד טאַלענטען זאָלען מיר בעצאָהלען אין צוויי יאָהר!..—האָט פרעה איבערגעחזר'ט—נו, וואָס נאָך!...

— אָבצאָהלונגען קומען אָן זעהר ווייניג—האָט דער שאַצמייסטער געזאָגט—שוין דריי חדשים בעקומען מיר קוים א פיערטעל פון דעם, וואָס אונז קומט!...

— וואָס איז געשעהן...

דער שאַצמײַסטער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

— איך האָב געהערט—האָט ער ניט דרײסט גע-ענטפֿערט—אַז עפּעס מענשען ערקלערען די פֿויערן, אַז אויב דו, הײליגער פּרעה, הערשסט, מעגען זײ ניט פֿרײַנטראָגען קײן אָבצאָהלונגען...

— אָ!—האָט רעמסס אויסגעשריען לאָבענדיג — די מענשען זענען עפּעס זעהר ערהליך צו הרהור'ן ... ער וויל מיך אויסהונגערן!...

— פֿון וואַנען נעהמסט דו אויף די אויסגאָבען?...—האָט ער געפֿרעגט.

— אויפֿ'ן בעפֿעהל פֿון חירום'ען לײַהען אונז די פֿעניציאַנער געלד—האָט דער שאַצמײַסטער געענטפֿערט—מיר האָבען שוין גענומען אַכט טויזענד טאַלענטען...

— און קוויטונגען האָט איהר זײ געגעבען?

— קוויטונגען און משכּנות — האָט דער שאַצמײַ-סטער געענטפֿערט זיפֿצענדיג—זײ זאָגען, אַז דאָס איז אַ געוועהנליכע פֿאָרמאַליטעט און דאָך בעזעצען זײ זיך אין די גיטער פֿון הײליגען פּרעה און זײ נעהמען צו בײַ די פֿויערן, וואָס נאָר עס לאָזט זיך...

זײַענדיג בערוישט מיט דער אויפֿנאַהמע, וואָס ער האָט געהאַט בײַ דעם פֿאָלק און מיט דער הכּגעה פֿון די גרויסע לײַט, האָט זיך דער יונגער פּרעה אפילו ניט געבײַזערט אויף הרהור'ן און מפרים'ן. די צײַט פֿון כּעס איז פֿאַריבער און עס איז אָנגעקומען אַ צײַט פֿון ווירקען און

נאָך דעם זעלבען טאָג האָט ער זיך געמאַכט א פּלאַן פון ווירקען.
צומאָרגענס האָט ער גערופען צו זיך זיינע פראַני-
טרויעסטע מענשען: דעם כהן-גדול שם, דעם נביא פּענטוער,
זיין געליעבטען טוטמאזים און דעם פעניציאַנער חירום.
ווען די אַלע האָבען זיך פערזאַמעלט, האָט ער געזאָגט:
— איהר ווייסט דאָך אודאי, אַז די בית-מקדש'ס
האָבען פערלאַנגט, אַז איך זאָל זיי אויסצאָהלען די סומען
געלד, וועלכע מיין אייביג לעבענדער פאָטער האָט
ביי זיי געבאָרגט. יעדער חוב איז הייליג און דעם
חוב, וואָס איך בין שולדיג די געטער, וואָלט איך גערן
בעצאָהלט, ווי אַמפריהסטען. מיין שאַץ איז אָבער לעער,
וואָרום די אָבצאָהלונגען קומען אויך נישט אָן אין דער צייט.
דאַדורך מיין איך, אַז די מלוכה געפינט זיך אין א
סכנה און איך בין געצוואונגען זיך צו ווענדען נאָך געלד
צו די אוצרות, וועלכע געפינען זיך אין לאַבירינט...
די צוויי כהנים זענען זעהר דערשראָקען געוואָרען.
— איך ווייס—האָט פרעה ווייטער געזאָגט—אַז לויט
אונזערע הייליגע געזעץ, איז מיין בעפעהל נאָך צו ווייניג,
מען זאָל קענען ריהרען די אוצרות פון לאַבירינט. די דאַר-
טיגע כהנים האָבען מיר אָבער ערקלערט, אַז איך קען
אַזוי טהון: צונויפרופען פאָרשטעהער פון אַלע שטאַנדען
אין מצרים, צו 13 מענשען פון יעדען שטאַנד און זיי זאָלען
מיין רצון בעשטעטיגען...
פרעה האָט געשמייכעלט און ווייטער געזאָגט:
דו, גרויסער שם, וועסטו מיר וועהלען דרייצעהן
כהנים און דרייצעהן הויפטמענער... דו, פרומער פענטוער,
וועסט מיר ברענגען פון פערשידענע פראָווינצען דרייצעהן

פייערן און דרייצעהן בעלי-מלאכות ... טומטאַזים וועט ברענגען דרייצעהן אָפיציערן און דרייצעהן אדעל-לייט און דער פרינץ חירום וועט זיך שוין בעשעפטיגען דערמיט, אז איך זאָל האָבען דרייצעהן סוחרים ...

איך וויל, אז די פערזאמלונג זאָל פאָרקומען ווי אם נייכסטען אין מיין פאַלאַץ אין מעמפיס און, נישט פערליערענדיג קיין צייט אומזיסט אויף פלוידעריי, זאָל אנערקענט ווערען, אז פון דעם לאַבירינט דאַרף מיר אַרויסגעגעבען ווערען געלד ...

— איך מוז דיר דערמאָהנען, הייליגער פרעה, האָט זיך אָנגערופען דער כהן-גדול שם — אז אויף דער פערזאַמלונג מוזען זיין הרהור און מפרים און זיי האָבען דאָס רעכט נישט צו דערלאָזען, אז פון לאַבירינט זאָל גענומען ווערען געלד ...

— יאָ, איך ווייס און בין מסכים דערצו, אז זיי זאָלען אויך זיין ... — האָט פרעה געענטפערט — זיי וועלען זאָגען דאָס זייעריגע און איך דאָס מייניגע ... און די פערזאַמלונג וועט משפט'ן, ווער עס האָט רעכט: צי קען א מלוכה האָבען א קיום אָהן געלד און צי עס איז בעסער, אז עס זאָלען ליעגען אוננוצליך אַזעלכע גרויסע אוצרות, ווי צו רעטען די מלוכה פון נויט.

— מיט עטליכע שאַפירען, וואָס ליעגען דאָרט, וואָלט מען געקענט בעצאָהלען אַלע חובות, וואָס מען איז שולדיג די פעניציאַנער — האָט זיך חירום אָנגערופען — איך גיה מיר צו סוחרים און באַלד וועל איך צושטעלען נישט דרייצעהן, נאָר דרייצעהן טויזענד מענשען, וועלכע וועלען שטימען דערפאַר, אז מען זאָל טהון פרעהס רצון ...

זאָגענדיג די ווערטער, איז חירום געפאַלען צו דער ערד און האָט זיך געזעגענט מיט פרעה'ן.

ווען חירום איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך אָנגערופען דער כהן-גדול שם:

— איך ווייס נישט, צו דאָס איז אַזוי גלייך געווען, אַז אויף דער בעראַטונג זאָל זיך געפינען אַ אויסלענדער...

— ער האָט געמוזט זיין — האָט פרעה געזאָגט — וואָרום ער האָט אַ גרויסען איינפלוס אויף אונזערע סוחרים. און נאָך וויכטיגער איז דאָס, וואָס ער וועט אונז היינט צושטעלען געלד... איך האָב איהם געוואָלט איבערצייגען, אַז איך קלער וועגען די חובות, וואָס איך בין איהם שולדיג און איך האָב מישלען די חובות צו בעצאָהלען...

אלע זענען שטיל געוואָרען. נאָך אַ ווײַלע האָט פענטוער געזאָגט:

— אויב דו, הייליגער פרעה, וועסט מיר ערלויבען, וועל איך באַלד אַרויספאָהרען און פערזאַמלען פויערען און בעלי-מלאכות. אַלע וועלען שטימען פאַר דיר, נאָר פון אַלע מוז מען זיך וועהלען די קלוגסטע.

ער האָט געזעגענט פרעה'ן און איז אַרויסגעגאַנגען.

— און דו, טוטמאָזיס?... — האָט רעמסס געפרעגט.

— מיין הערשער — האָט טוטמאָזיס געענטפערט — איך בין אַזוי זיכער אין דיינע אַדעל-לייט און דיין מיליטער, אַז אנשטאָט מיט זיי צו רעדען, וועל איך דיר אָבגעבען מיין אייגענע ביטע.

— דו ווילסט געלד?

— ניין, איך וויל חתונה האָבען.

— דו ?... — האָט פרעה אויסגעשריִען — וועלכע פרוי האָט זיך ביי די געטער פערדיענט אזא גליק ?

— איך וויל חתונה האָבען מיט דער שעהנער חברון, וואָס איז א טאָכטער פון דעם גרויסען הויפּטמאַן אין טעבי — אַנטעף . . . — האָט טוטמאַזיס געענטפערט לאַבענדיג — אויב דו, הייליגער פרעה, וועסט זיך שטעלען פאַר מיר ביי דער גרויסער פאַמיליע... איך האָב געוואָלט זאָגען, אז מיין ליעבע צו דיר וועט זיך פערגרעסערן. איך וועל אָבער אזוי נישט זאָגען, ווארום דאָס וואָלט געוועזען ליגענד ...

פרעה האָט איהם געקלאַפּט אין די פּלייצעס :

— נו ... נו !... פערזיכער מיך נישט, אז דו ליעבסט מיך, ווארום איך בין אזוי אויך זיכער — האָט ער געזאָגט — איך וועל מאָרגען פאָהרען צו אַנטעפיען און אין עטליכע טעג וועל איך דיר איינאָרדנען א חתונה... און איצט קענסט דו געהן צו דיין חברון ...

בלייבענדיג אליין מיט שמ'ען, האָט איהם פרעה געפרעגט :

— פאַר וואָס ביסט דו אזוי טרויעריג ?... צו ביסט דו נישט זיכער, אַז עס וועלען זיך געפינען צוועלף כהנים, וועלכע זענען בערייט צו ערפילען מיין בעפעהל ?...

— איך בין זיכער — האָט שם געענטפערט — אז כמעט אלע כהנים און אלע אָנפיהרער פון מיליטער און אלע הויפּט-מענער פון די פּראָווינצען וועלען טהון, וואָס דו וועסט הייסען און וואָס עס איז נויטווענדיג צום גליק פון מצרים. דו, הערשער, מוזט אָבער געדענקען, אז ווען

עָם האַנדרעלט זיך אום דעָם אוצר פון לאַבירינט, גיט אַרויס
דעָם לעַצטעָן בּעָשלוס—עמון ...

— דאָס בּילד פון עמון אין טעָבּי?...

— יאַ.

פרעה האָט געשאקעלט מיט דעָר האַנד מיט פעָר־אַכטונג.

— עמון — האָט עָר געזאָגט — איז הרהור מיט מפריס׳ן... אז זיי וועָלעָן נישט מסכּים זיין, ווייס איך; איך וועל אָבּעָר נישט אָפּפעָרן די מלוכה פאַר דעָם עקשנות פון צוויי מעָנשעָן ...

— דו, היילינעָר פרעה, האָסט א טעות — האָט שם געעָנטפעָרט מיט עָרנסטקייט—די געָטעָר טהון טאקעָ זעָהר אָפּט דאָס, וואָס די כּהנים גדולים ווילעָן, אָבּעָר נישט שטעָנדיג ... אין אונזעָרעָ בית־המקדש׳ס געָשעָהעָן טהייל־מאָל אזעָלכעָ זאַכעָן, וואָס קיין שום מעָנש פעָרשטעָהט זיי נישט ... די בּילדעָר פון די געָטעָר טהון און רעָדעָן דאָס, וואָס זיי אליין ווילעָן ...

— אויב אזוי בּין איך רוהיג — האָט איהם פרעה איבּעָרגעָריסעָן—די געָטעָר קעָנעָן דעָם צושטאַנד פון דעָר מלוכה און זיי לעָזעָן אין מיין הארץ ... איך וויל, אז מצרים זאָל גליקליך זיין און ווייל זיי שטרעָבּעָן נאָר צו דעָם ציעל, יועָלעָן זיי דאָך מיר נישט שטעָרעָן.

— הלואי זאָלעָן דיינעָ ווערטעָר מקוים ווערעָן!...
האָט דעָר כּהן־גדול געָזאָגט.

— דו ווילסט מיר נאָך עָפּעָס זאָגעָן—האָט רעמסס געזאָגט, זעָהענדיג, אז זיין רעָליגיעָזעָר פעָרטרעָטעָר געָהט נאָך נישט אוועק...

— יאָ, מײַן הערשער, איך בין מחויב דיך צו דער־מאָהנען, אַז יעדער פרעה, ווען ער נעהמט איבער די מלוכה, מוז טראַכטען וועגען צוויי זאַכען: צו בויען אַ קבר פאַר זיך און אַ בית־מקדש פאַר די געטער...

— אָט דאָס איז טאַקע די זאַך — האָט פרעה אויס־געשריען — איך האָב שוין נישט איין מאָל געטראַכט וועגען דעם, נאָר נישט האָבענדיג קיין געלד, איײל איך זיך נישט אַרויסצוגעבען קיין בעפעהל. וואָרום, פערשטעהסט דו — האָט ער צוגעגעבען מיט לעבהאַפטיגקייט — אויב איך וועל עפּעס בויען, וועט עס זיין זעהר גרויס, אַזוי, אַז מצרים וועט נישט גיך פערגעסען אָן מיר.

— דו ווילסט בויען פאַר זיך אַ פּיראַמידע?...

— ניין, איך וויל דאָך נישט בויען קיין גרעסערע פּיראַמידע, ווי חעאָפּס האָט פאַר זיך געבויט און נישט קיין גרעסערען בית־מקדש, ווי עמון האָט אין טעבי. מיין מלוכה איז צו שוואַך אויף צו מאַכען אַזעלכע ריעזען־ווערק... איך מוז אַלזאָ מאַכען עפּעס גאָר נייעס, וואָרום אין אמת'ן זענען מיר שוין אונזערע בנינים פערמיאוסט געוואָרען... אַלע זענען ענליך איינע צו די אַנדערע, ווי מענשען זענען צו זיך ענליך און זיי אונטערשיידען זיך נאָר מיט זייער מאָס, ווי אַ דערוואַקסענער מענש אונטערשיידעט זיך פון אַ קינד.

— בכן? — האָט דער כהן־גדול געפרעגט מיט בע־וואונדערונג.

— איך האָב געשמועסט מיט דעם גרעק דיאָן, וועל־כער איז ביי אונז דער בעסטער בוי־מייסטער און ער האָט געריהמט מיין פּלאַן — האָט פרעה געזאָגט — אָט, פאַר

מיר אַ קבר ווייל איך בויען אין אַ קיילינגען טהורם, מיט אויסוועגדיגע טרעפּ, ווי עס איז געווען אין בבל... איך וועל אויך בויען אַ בית-מקדש, נישט פאַר אָזירים'ן און איזידאַ'ן, נאָר פאַר דעם איינציגען גאָט, אָן וועלכען מיר אַלע גלויבען: מצריים, כשדים, פעניציאַנער און יודען... איך וויל, אַז דער בית-מקדש זאָל זיין ענהליך צו דעם פּאַלאַץ פון מלך אסר, וואָס סרגון האָט געבראַכט מיין פאָטער אַ מאָדעל פון איהם...

דער כהן-גדול האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— דער געדאַנק איז זעהר אַ גרויסער — האָט ער געענטפערט — נאָר אויספיהרען וועסט דו איהם נישט... די טהורמען פון בבל זענען נישט דויערהאַפטיג צוליעב זייער פאָרם און לייכט קענען זיי איינפאַלען. אונזערע בנינים קענען אָבער שטעהן הונדערטער יאָהרען. אַ בית-מקדש פאַר'ן איינציגען גאָט קען מען נישט בויען, ווייל ער דאַרף נישט קיין מלבוש, קיין עסען, קיין טרינקען, און די גאַנצע וועלט איז זיין וואָהנונג. וואו קען פעראַנען זיין אַ בית-מקדש, אין וועלכען דער גאָט זאָל קענען זיין? וואו איז פעראַנען אַ כהן, וועלכער זאָל האָבען די העזה איהם מקריב צו זיין קרבנות?...

— נו — האָט פרעה געזיפצט — וועלען מיר בויען אַ בית-מקדש פאַר עמון-רע.

— אַזאַ בית-מקדש קענסט דו בויען. זאָל אָבער דער בית-מקדש נישט אויסזעהן, ווי דער פּאַלאַץ פון מלך אסר, ווייל דער פּאַלאַץ איז דאָך אין אשור געבויט געוואָרען און אונז מצריים פּאַסט דאָך נישט נאָכצומאַכען די באַרבאַרען...

— איך פֿערשטעה דיך ניִשט... — האָט איהם פרעה געזאָגט.

— הער אוים מיינע ווערטער, הערשער אונזערער — האָט זיך שם געבעטען — קוק זיך איין אין די שנעקען, וואָס יעדער פֿון זיי האָט אַ אַנדערע שאָל... אַזוי אויך יעדעס פֿאָלק מוז האָבען זיינע בנינים, לויט זיין בלוט און זיין כאַראַקטער...

דו מוזט אויך געדענקען, אַז די בנינים פֿון אשור אונטערשיידען זיך אַזוי פֿון די בנינים פֿון מצרים, ווי עס אונטערשיידען זיך מצריים פֿון אשורים...

— וואָס איז דער אונטערשייד צווישען אונזערע בית-מקדש'ס און די בית-מקדש'ס פֿון די אשורים? — האָט פרעה געפֿרעגט.

— אונזערע בית-מקדש'ס לערנען אונז, ווי מיר זאָלען זיין — האָט שם ערקלערט — הענד זאָלסט דו האָבען מעכטיגע, לערנען אונז אונזערע בית-מקדש'ס, ווי די טהורמען און אָרעמס זאָלסט דו האָבען שטאַרקע, ווי די מויערען. אין קאָפּ זאָלסט דו האָבען אַזאַ רייכע, אַזאַ גרויסע קלוגהייט, ווי דאָס פֿאָדערהויז פֿון בית-מקדש. דיין נשמה זאָל זיין דיין, ווי די צימערען פֿון קודש-קדשים און פֿון די קרבנות, און אין האַרץ זאָלסט דו, מצרי, האָבען גאָט!...

אָבער די בנינים אין אשור רעדען צו זייער פֿאָלק אַזוי:

— דערהעכער זיך, אשורי, איבער אַנדערע מענשען, הויב אויף דיין קאָפּ הויך, העכער פֿון אַנדערע!... קיין גרויסע זאַך וועסט דו אויף דער ערד ניִשט מאַכען, נאָר פֿיעל חורבות וועסט דו נאָך זיך איבערלאָזען...

צי וואָלסט דו, הערשער, געקענט בויען ביי אונז

בנינים פון אשור, נאָכמאַכען אַ פאָלק, מיט וועלכען די מצריים מיאוס'ן זיך?...

רעמסס האָט זיך פערטראַכט. אויך נאָך דער ערקלערונג פון דעם כהן-גדול, האָט ער דאָך געמיינט, אַז די פאַלאַצען פון אשור זענען שעהנער פון די פאַלאַצען אין מצרים. ער האָט אָבער אַזוי געהאַסט די אשורים, אַז ער האָט אָנגעהויבען חרטה צו האָבען אויף זיין ערשטען געדאַנק...

— אויב אַזוי — האָט ער געזאָגט — וועל איך וואַרטען מיט'ן אויפבויען אַ בית-מקדש און איהר חכמים, וועלכע ליעבען מיך, קלערט וועגען אַ פלאַן פון בנינים, וועלכע זאָלען פעראייביגען מיין נאָמען.

„אַ איבערמענשליכע גאוה פערפילט די נשמה פון דעם יונגען-מאַן"!... — האָט דער כהן-גדול זיך געטראַכט און מיט טרויעריגקייט האָט ער זיך געזעגענט מיט פרעה'ן...

# עלפטעס קאַפּיטעל.

פענטוער האָט דערווייל זיך געקליבען צו פאָהרען אין נידריגערן מצרים, אום אויסצוזוכען פאַר פרעה'ס וועגען דרייצעהן דעלעגאַטען פון פויערען און דרייצעהן דעלעגאַטען פון בעלי-מלאכות, ווי אויך צו מאַכען אַ חשבון דער בעפעלקערונג, זי זאָל דורכאַוים פערלאַנגען די הנחות, וועלכע דער נייער הערשער האָט פערשפּראָכען. לויט זיין מיינונג איז די וויכטיגסטע פראַגע געוועזען: אָבצושאַפען די עולות און די בעדריקונגען, וועלכע ווערען געמאַכט דער אַרבייטס-קלאַסע

פענטוער איז אָבער דאָך געוועזן אַ כהן און האָט פאַרט נישט געוואָלט, אַז זיין שטאַנד זאָל פאַלען און ער האָט אויך בשום אופן נישט געוואָלט זיין צוקריגט מיט די כהנים.

און טאַקי, אום צו ווייזען, אַז ער איז טריי זיין שטאַנד, איז ער געגאַנגען זיך געזעגנען מיט הרהור'ן.

דער מעכטיגער הרהור האָט איהם אויפגענומען מיט אַ שמייכעל:

— אַ זעלטענער גאַסט... אַ זעלטענער גאַסט!... — האָט ער אויסגעשריען — זייט דו ביזט געוואָרען אַ יועץ פון הייליגען פרעה, ווייזט דו זיך נישט ביי מיר... און נישט נאָר דו איינער קומסט נישט צו מיר!... נאָר סיי ווי סיי, וועל איך נישט פערגעסען דיינע פערדיענסטען, אפילו ווען דו וואָלסט זיך נאָך מעהר דערווייטערט פון מיר.

— איך בין נישט קיין יועץ פון פרעה'ן און איך דערווייטער זיך נישט פון דיר, הייליגער מאַן. דיר האָב איך דאָך צו פערדאַנקען דאָס, וואָס איך בין אַ כהן... — האָט פענטוער געענטפערט.

— איך ווייס, איך ווייס — האָט איהם הרהור איבערגעריסען די ווערטער — נישט צוליעב דעם ביסט דו דאָך געוואָרען אַ כהן, אום דו זאָלסט אַרבייטען חרוב צו מאַכען די בית־מקדש'ס. איך ווייס, איך ווייס!... חאָטש אפשר איז טאַקי אַ שאָד, וואָס דו ביסט נישט קיין יועץ ביי פרעה'ן, ווערכער הערשט כלומר'שט אַליין... דו וואָלסט איהם אודאי נישט ערלויבט זיך אַרומצוגעהמען מיט פערדרעטהער, וועלכע וועלען מיט איהם אַ סוף מאַכען...

פענטוער האט וועגען דעם נישט געוואלט רעדען און באלד האט ער דערצעהלט נאך וואס ער פאהרט אין דעם נידריגערן מצרים.

— אדרבה — האט הרהור געענטפערט — זאל רעמסס דער דרייצעהנטער צונויפרופען א פערזאמלונג פון אלע שטאנדען... ער האט דאס רעכט דערצו.

— מיר איז אבער א שאד — האט ער ווייטער געזאגט — וואס דו מישבט זיך אין דעם... פיעל ענדערונגען זענען פארגעקומען אין דיר! געדענקסט דו, וואס דו האסט געזאגט בשעת די מאנעוורען נעבען פי-בעלית צו מיין אדיוטאנט?... איך וועל דיך דערמאהנען: דו האסט געזאגט, אז מען דארף בעגרענצען די בעדריקונג און די אויסגעלאסענהייט פון די פרעה'ס. און היינט שטיצט דו אליין די קינדישע פרעטענזיעס פון דעם פרעה, וואס אזא אויסגעלאסענער ווי ער איז נאך אין מצרים נישט געווען.

— רעמסס דער דרייצעהנטער — האט פענטוער איז בערגעהאקט זיינע ווערטער — וויל פערבעסערען די לאגע פון זיין פאלק, איך וואלט אלזא געווען א נאר און א נידערטרעכטיגער, ווען איך, וואלט איהם נישט געדיענט אין דער זאך. איך שטאם דאך פון פויערען.

— דו פרעגסט אבער נישט, צי דאס וועט נישט שאדען אונז, כהנים?...

פענטוער האט זיך געוואונדערט.

— איהר אליין גיט דאך ארערליי הנחות די פויערען, עלבע געהערען צו די בית-מקדש'ס. איך האב דאך אויך וואיער ערלויבנים...

— וואָס פאַר אַ ערלויבנים ?... האָט הרהור גע־פרעגט.

— דערמאָהן זיך די נאַכט, ווען מיר האָבען בע־גריסט ברי־אותן אין דעם בית־מקדש פון שת'ן. מפּרים האָט געזאָגט, אַז מצרים איז געפאַלען, ווייל דער שטאַנד פון די כּהנים איז נידריג און איך האָב געזאָגט, אַז די עלענדקייט פון פאָלק איז די סבּה דערפון. וואָס די מלוכה איז געפאַלען. און דו, ווי איך געדענק, האָסט געזאָגט:

— „זאָל זיך מפּרים בעשעפטיגען מיט הויבען די כּהנים און פענטוער — מיט פערבעסערען דעם גורל פון די פויערן... איך וועל זיך פערנעהמען מיט דעם, עס זאָל נישט קענען פאָרקומען קיין מלחמה צווישען מצרים און אשור"...

— זעהסט דו! — האָט הרהור אויסגעשריען — מיט אונז ביסטו מחויב צו ווירקען און נישט מיט רעמסס'ן.

— וויל דען רעמסס מלחמה האַלטען געגען אשור?... האָט פענטוער געענטפערט. ער וויל מענשען זאָלען רוהען יעדען זיבענטען טאָג און געבען יעדען פויער אַ שטיקעל ערד... דאָס זאָלסט דו מיר נישט זאָגען, אַז פּרעה וויל עפּעס שלעכטס... אין די גיטער, וועלכע געהערען צו די בית־מקדש'ס, איז דאָך בעשטעטיגט געוואָרען, אַז אַ פויער, וועלכער איז פריי און האָט זיין אייגען שטיקעל ערד, אַר־בייט פיעל בעסער פון אַ שקלאַוו.

— וויל איך דען נישט, אַז דער המון זאָל האָבען הנחות? — האָט הרהור אויסגעשריען — איך בין אָבער איי־בערצייגט, אַז פּרעה וועט גאָר נישט טהון פאַר דעם פאָלקס־ווינען.

— ער וועט זיכער גאר נישט טהון, אויב איהר וועט איהם קיין געלד נישט געבען.

— ווען מיר וואלטען איהם אפילו געגעבען איין פי־ראמידע פון גאלד און די צוויטע פון טהייערע שטיינער, וואלט ער אויך גאר נישט געטהון, ווייל ער איז א ווילד קינד, וועלכען דער דעלעגאט פון אשור, סרגון, האט קיינמאל נישט גערופען אנדערש, ווי „קונדעס"...

— פרעה האט גרויסע פעהיגקייטען... ער ווייס אבער גאר נישט און קען גאר נישט!... — האט הרהור געזאגט — נאר וואס ער איז אריינגעקומען אין א העכערער שולע, איז ער שוין ארוים פון איהר. דאדורך איז ער היינט בלינד אין די ענינים פון רעגירונג. ער איז ווי א קינד, וואס שפיעלט זיך אין מיליטער און האט קיין בעגריף נישט פון מיליטער...

— און דאך הערשט ער...

— ער הערשט! — האט הרהור געלאכט — ער האט געעפענט נייע מיליטערס־שולען, ער האט פערגרעסערט די צאהל פון די פאלקען, ער בעוואפענט דאס גאנצע פאלק, וויל איינפיהרען רוהע־טעג... אבער ווי אזוי וועט ער דאס מאכען?... דו האלטסט זיך ווייט פון איהם, ווייסט דו נישט; איך פערזיכער דיך אבער, אז ווען ער גיט ארויס בעפעהלען, לעגט ער זיך גאר נישט איבער: ווער עס זאל די בעפעהלען אויספיהרען? צו האט ער מיטלען דערצו? וואס פאר רעזולטאטען וועט דאס ארויסגעבען?...

דיר דאכט זיך, אז ער הערשט. איך הערש דאך, איך הערש שטענדיג, איך, וועלכען ער האט ארויסגעיאגט... איך האב דאס געמאכט, אז היינט זאלען ווייניגער אבצאה־

לוננעז אָנקומען אין דעם שאַץ און איך דערלאָז נישט אויך.
אַז די פּויערען זאָלען זיך בונטעווען; איך דערלאָז נישט,
אַז די פּויערען זאָלען וואַרפען זייער ארבייט ביי די קאַנאַלען
און וועגען. איך האָב שוין צוויי מאָל אָבגעהאַלטען אשור
פון מעלדען אונז אַ מלחמה. דער משוגע'נער רופט דאָך
דאָס אַרוים מיט זיינע נארישע בעפעהלען...

רעמסס הערשט!... ער מאַכט אַ מהומה. דו האָסט
דאָך געזעהן אין נידריגערן מצרים, ווי ער פיהרט: ער
האָט געטרונקען, יעדען טאָג האָט ער זיך געבראַכט אַנדערע
מיידלעך און כלומרשט האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט דער
אַדמיניסטראַציע פון די פּראָווינצען, אָבער געטהון האָט
ער גאָר נישט, גאָר נישט. ער האָט גאָר נישט פערשטאַנען.
דאָס ערגסטע איז אָבער, וואָס ער האָט זיך אָבגעגעבען
מיט די פעניציאַנער, מיט די פעראָרמטע אַדעל-לייט און
פערשידענע פעררעטהער, וועלכע שטופען איהם צו
פערניכטונג.

— און דער נצח'ן אין דער מדבר?... האָט פענטו־
ער געפרעגט.

— איך בין מודה, אַז ער האָט ענערגיע און ער קען
די מיליטער-קונסט, האָט פענטוער געענטפערט — דאָס
איינע קען ער. זאָג אָבער דו אליין, צו וואָלט ער געוואונען
די מלחמה, ווען נישט דיין הילף און די הילף פון אַנדערע
כהנים?... איך וויים דאָך, אַז איהר האָט איהם געגעבען
ידיעות וועגען יעדער בעוועגונג פון די לובים... און איצט,
צי וואָלט רעמסס געקענט מנצח זיין אַ מלחמה, אפילו אויך
מיט אונזער הילף, געגען ניטאָגער'ן?... ניטאָגער איז דאָך
אַ מייסטער און רעמסס קען זיין נאָר אַ געהילף

— נו, מיט וואָס ווערט זיך די שנאה ענדיגען?...— האָט פּענטוער געפרעגט.

— שנאה! — האָט הרהור אויסגעשריען — קען איך האָבען שנאה צו א הירש, וועלכער איז אַרומגענומען מיט יעגער פון אַלע זייטען? דאָס מוז איך אָבער זאָגען, אז זיין הערשען איז שעדליך פאַר מצרים... ווען רעמסס וואָלט געהאַט א ברודער, אָדער ווען ניטאָגער וואָלט יונגער געווען, וואָלטען מיר שוין לאַנג זיך א עצה געגעבען געגען דעם פערווילדעטען פרעה... ער וואָלט שוין לאַנג נישט געזען אויף דער וועלט...

— און דו, גרויסער כהן, וואָלסט געוואָרען זיין פערטרעטער!... האָט פּענטוער געשריען מיט כעס.

הרהור האָט זיך נישט בעליידיגט.

— זייט דו פיהרסט פּאָליטיק אויף אייגענעם רעכנונג ביסט דו א גרויסער נאַר געוואָרען—האָט ער געענטפערט, הייבענדיג די פּלייצעס — עס פערשטעהט זיך, אז ווען פרעה וואָלט נישט געווען, וואָלט איך געמוזט ווערען פרעה, אלס כהן-גדול פון עמונ'ען אין טעבי און הויפּטמאַן פון דעם העכסטען כהנים-ראַטה. אָבער צו וואָס נוצט מיר דאָס? האָב איך דען נישט שוין יאָהרען לאַנג א העכערע מאַכט פון פרעה'ן?... אָבער היינט, ווען איך בין אראָבגעוואָרפען פון מיין שטעלע און בין שוין נישט קיין קריעגס-מיניסטער, מהו איך דען נישט, וואָס איך וויל?...

די זעלבע כהנים-גדולים, שאַצמייסטערס, שופטים, הויפּט-מענער פון פראָווינצען און אפילו גענעראַלען, וועלכע דערוויטערן זיך איצט פון מיר, מוזען אויספיהרען יעדען געהיימען בעפעהל פון דעם העכסטען ראַטה, וועלכעם אי

נעחתמ׳עט מיט מײן אונטערשריפט און חתימה. איז דען פערהאנען אין מצרים אײן מענש, וואס זאל אזא בעפעהל נישט אייספיהרען ?... צי וואלסט דו אלײן געהאט די העזה נישט אויסצופיהרען אזא בעפעהל ?...

פענטוער האט ארױבגעלאזט דעם קאפ. אויב דער העכסטער געהײמער ראטה פון די כהנים האלט זיך נאך איצט, נאך רעמסס דעם צװעלפטענס טויט, וועט דאך רעמסס דער דרײצעהנטער מוזען זײן איהם אונטערגעגעבען, אדער מיט איהם קעמפפען, ביז צום טויט.

פרעה האט מיט זיך דאס גאנצע פאלק, דאס גאנצע מיליטער, פיעל כהנים און דעם רוב פון די גרעסטע לײט אין דער מלוכה. דער העכסטער ראטה קען רעכנען נאר אויף עטליכע טויזענד מענשען, װעלכע װעלען האלטען מיט איהם, אויף זײנע אוצרות און זײן אונערהערטע שטארקע ארגאניזאציע. די קרעפטען זענען נישט גלײך און דאך קען מען נישט װיסען, װער עס װעט מנצח זײן.

— האט איהר אלזא בעשלאסען פרעה׳ן צו פער-מילינגען ?... — האט פענטוער שטיל געזאגט.

— נײן, מיר װילען נאר רעטען די מלוכה.

— אויב אזוי, װאס זאל רעמסס דער דרײצעהנטער טהון ?...

— װאס ער זאל טהון ?... איך װײס נישט — האט הרהור געענטפערט — איך װײס אבער, װאס זײן פאטער האט געטהון.

רעמסס דער צװעלפטער האט אויך אנגעהויבען צו הערשען, װען ער איז געװען אונװיסענד און װילד; װען עס האט איהם אבער אויסגעפעהלט געלד און זײנע בעהנט-

סטע האָבען איהם פֿערבּאָכטעט, האָט ער זיך געווענדעט צו די געטער. ער האָט זיך ארומגענומען מיט כּהנים, זיך געלערנט בּײַ זײַ. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פֿון דעם כּהן־גדול אמן־חטף... און נאָך צעהן יאָהר איז ער געקומען צו אַזאַ מדרגה, אַז ער אַליין איז געוואָרען אַ כּהן־גדול, אַ פֿרומער און זעהר געלעהרטער כּהן־גדול.

— און אויב פּרעה וועט די עצה נישט אָננעהמען?

— האָט פּענטוער געפֿרעגט.

— וועלען מיר זיך אָהן איהם בּעגעהן — האָט הרהור געזאָגט.

נאָך אַ ווײַלע האָט הרהור ווײַטער געזאָגט:

— הער אויס, פּענטוער. איך ווײס נישט נאָר וואָס ער טהוט. אָבּער אויך וואָס ער טראַכט דײַן פּרעה, וועלכער איז נאָך אפילו נישט געקרוינט געוואָרען און פֿאַר אונז איז ער נאָך גאָר נישט. איך ווײס, אַז ער וויל מאַכען די כּהנים פֿאַר זײַנע דיענער און זיך — פֿאַר דעם אײַנציגען הערשער אין מצרים.

ער איז אָבּער אַ נאַר, אויב ער טראַכט וועגען דעם און אויך אַ פֿערברעכער איז ער. נישט די פּרעה׳ס — ווי דו ווײסט — האָבען בּעשאַפֿען מצרים, נאָר די געטער און די כּהנים. נישט די פּרעה׳ס בּעשטימען די צײַט, ווען דער נילוס זאָל זיך פֿונאנדערגיסען און נישט זײַ רעגולירען דעם אויסגוס פֿון נילוס; נישט די פּרעה׳ס האָבען געלערנט דעם פֿאָלק זעען, צונויפֿקלויבּען די תּבואות און האָדעווען בּהמות. נישט די פּרעה׳ס היילען קראַנקע און היטען אָב די מלוכה פֿון די אויסערליכע פֿיינד...

וואָס וואָלט אַלזאָ געווען, זאָג דו אַליין, ווען אונ־

זער שטאנד וואלט ארויסגעגעבען מצרים אין די הענד פון די פרעה'ס ?... דער קליגסטער פרעה האט ערפאהרונג פון עטליכע צעהנדליגע יאהרען; דער שטאנד פון די כהנים האט אבער געפארשט און געלערענט עטליכע צעהנדליגע טויזענדער יאהרען... דער מעכטיגסטער הערשער האט איין פאר אויגען און איין פאר הענד ביי זיך און מיר האבען טויזענדער אויגען און טויזענדער הענד אין יעדער פראווינץ און אפילו אין פרעמדע מלוכות...

ציי קען אלזא די טהעטיגקייט פון די פרעה'ס זיך גלייכען צו אונזערער און ווען אונזערע מיינונגען זענען נישט גלייך — ווער דארף אבטרעטען: ער, צו מיר?...

— און וואס זאל איך איצט טהון? — האט זיך פענטוער אנגערופען.

— טהו, וואס דער יונגער פרעה הייסט דיך, אבער נאר סודות פון די בית-מקדש'ס זאלסט דו נישט ארויסגעבען און דאס איבריגע לאז איבער דער צייט... איך וויל שטארק, אז דער יונגערמאן, וועלכער הייסט רעמסס דער צוועלפטער זאל בעסער ווערען און איך גלויב, אז ער וואלט בעסער געווארען... ווען ער וואלט זיך נישט ארומגענומען מיט די פערדעטהער, צו וועלכע די הענד פון די געטער איז שוין אויסגעצויגען.

פענטוער האט זיך געזעגענט מיט דעם כהן-גדול און איז ארויס פון איהם פול מיט טרויעריגע געדאנקען. ער איז דאך נישט געפאלען ביי זיך, וויסענדיג, אז וואס ער וועט היינט ארויסבעקומען צו פערבעסערן די לאגע פון פאלק, וועט שוין בלייבען, אפילו ווען פרעה וואלט זיך שוין דערנאך אונטערגעגעבען די כהנים.

אִין דעֶם עֶרגסטעֶן צושטאַנד — האָט עֶר זִיךְ געֶטראַכְט — מוּז מעֶן טהון, וואָס מעֶן קעֶן און וואָס מעֶן דאַרף. אַמאָל וועֶלעֶן די בּעֶציִהוּנגעֶן געֶעֶנדערט ווערעֶן און די איצטִיגעֶ זריעה וועט אַרויסגעֶבּעֶן פרוּכטעֶן" ...

און דאָךְ האָט עֶר בּעֶשלאָסעֶן נִישט צוּ פִיהרעֶן קיין אַגִיטאַציעֶ צווִישעֶן דעֶם פאָלק. פעֶרקעֶהרט, עֶר אִיז בּעֶרייט געֶוועֶן צוּ בּעֶרוּהִיגעֶן די אוּנגעֶדוּלדִיגעֶ, אוּם זיי זאָלעֶן נִישט פעֶרגרעֶסערן די צרות פוּן די פּויעֶרעֶן.

עֶטליכעֶ וואָכעֶן דעֶרנאָךְ אִיז פעֶנטוּער אַריינגעֶפאָהרעֶן אִין דעֶר גרעֶנעֶץ פוּן נִידרִיגעֶרן מצרים, אוּמקוּקעֶנדִיג זִיךְ אוֹיפ'ן ווּעֶג און זוּכעֶנדִיג די קלִיגסטעֶ פּויעֶרעֶן און בּעֲלי-מלאכות, פוּן צווִישעֶן וועֶלכעֶ מעֶן וואָלט געֶקעֶנט וועֶהלעֶן דעֶלעֶגאַטעֶן צוּ דעֶר פעֶרזאַמלוּנג, וועֶלכעֶ פרעה רוּפט צוּנויף.

אוּמעֶטוּם, אוֹיפ'ן גאַנצעֶן ווּעֶג, האָט עֶר געֶזעֶהן צייכעֶנס פוּן אוֹיפרעֶגוּנג: פּויעֶרעֶן און בּעֲלי-מלאכות האָבּעֶן פעֶרלאַנגט, מעֶן זאָל זיי געֶבּעֶן דעֶם זִיבּעֶנטעֶן טאָג רוּהעֶ און מעֶן זאָל זיי צאָהלעֶן פאַר דעֶר געֶזעֶלשאַפטלִיכעֶר אַרבּייט, ווִי אַמאָל האָט געֶפלעֶגט צוּ זיין. און נאָר דוּרךְ די הייסעֶ ווערטעֶר פוּן די כהנים אִין פעֶרשִיעדעֶנעֶ בּית-מקדש'ים האָט נִישט אוֹיסגעֶבּראָכעֶן קיין בּוּנט און די אַרבּייט אִיז נִישט אָבּגעֶשטעֶלט געֶוואָרעֶן.

גלייכצייטִיג האָט עֶר דעֶרזעֶהן עֶטליכעֶ נייעֶ ערשיינוּנגעֶן, וועֶלכעֶ עֶר האָט פאַר אַ חודש נִישט געֶזעֶהן.

דאָס פאָלק האָט זִיךְ צעֶטהיילט אוֹיף צוויי פּאַרטייעֶן. איין פּאַרטיי האָט געֶהאַלטעֶן מִיט פרעה'ן און געֶהאַסט די כהנים, די אַנדערעֶ פּאַרטיי אִיז געֶוועֶן אוֹיפגעֶרעֶגט געֶגעֶן

די פעניציאנער. איין פרטיי האט געטענה׳ט, אז די כהנים זענען מחויב ארויסצוגעבען פרעה׳ן די אוצרות פון לאבירינט און די צווייטע פארטיי האט זיך בעקלאגט אויף פרעה׳ן, וואס ער פראטעזשירט צו פיעל די פעניציאנער...

אמטעהרסטען האט פענטוער׳ן געוואונדערט דער קלאנג, וואס איז ארומגעגאנגען צווישען כהנים, שרייבער און אויך פויערען, אז רעמסס דער דרייצעהנטער הויבט אן משוגע צו ווערען, ווי זיין עלטערער ברודער, וועלכער איז טאקי דאדורך קיין פרעה נישט געווארען...

— ווער דערצעהלט אייך אזא ליגענד?... — האט פענטוער געפרעגט איינעם פון זיינע בעקאנטע אינזשענערען.

— דאס איז קיין ליגענד נישט — האט דער אינזשענער געענטפערט — נאר א טרויעריגער אמת... אין די פאלאצען אין טעבי האט מען געזעהן פרעה׳ן ארומלויפען נאקעט אין די גערטנער. אין א געוויסען אווענד איז ער ארויפגעקראכען אויף א בוים הינטער דעם פענסטער פון דער מלכה ניקאטריס און האט גערעדט מיט איהר אליין.

פענטוער האט איהם פערזיכערט, אז ער האט ערשט פאר צוויי וואכען גערעדט מיט פרעה׳ן, וועלכער איז ווי אמגעזונדסטען. ער האט אבער געזעהן, אז דער אינזשענער גלויבט איהם נישט.

„דאס איז הרהור׳ס מלאכה!... — האט ער זיך געטראכט — אזוי גיך האבען ידיעות פון טעבי, קאנען נאר כהנים..."

א ווייל האט ער פערלוירען דעם חשק זיך צו בעשעפטיגען מיט אויסוועהלען דעלעגאטען, באלד האט ער ווידער צוריק בעקומען זיין ענערגיע, איבער׳חזר׳נדיג זיך,

אז — וואָס דאָס פֿאָלק וועט היינט געווינען, דאָס וועט עס האָבען איביג!

הינטער מעמפיס, אויף צפון-זייט פֿון די פּיראַמידען און דעם ספֿינקס, אויף דער גרענעץ פֿון די זאַמדען, איז געשטאַנען אַ קליין בית-מקדש'ל פֿון דער געטין נות. אין דעם בית-מקדש האָט געוואָהנט דער אַלטער כהן מענעס, וועלכער איז געווען דער גרעסטער שטערנזעהער און אינזשענער אין גאַנץ מצרים.

ווען מען האָט אין מצרים געבויעט אַ גרויסען בנין, אָדער אַ נייעם קאַנאַל, איז מענעס דאָרט אַהין געגאַנגען און געצייכענט דאָס אָרט. ער האָט געלעבט אָרעם און איינזאַם אין זיין בית-מקדש, פֿאָרשענדיג בייטאָג די שטערען און אויסאַרבייטענדיג בייטאָג עפּעס משונה'דיגע אינסטרומענטען.

פֿענטועּר איז עטליכע יאָהר אויף דעם אָרט נישט געווען און ווען ער איז איצט דאָרט אַהין געקומען, האָט ער זיך זעהר געוואונדערט, זעהענדיג די פֿערנאַכלעסיגקייט אויף דעם אָרט. די ציגעלנע-מויער איז איינגעפֿאַלען, אין נאָרטען זענען די בוימער אויסגעטריקענט געוואָרען, אויפֿ'ן הויף האָט זיך אַרומגעשלעפּט אַ דאַרע ציעג און עטליכע הינער.

ביי דעם בית-מקדש איז קיינער נישט געווען. ערשט ווען פֿענטועּר האָט אָנגעהויבען שרייען, איז פֿון טהורם אַרויסגעגאַנגען אַ אַלטער מאַן. ער איז געווען באָרפֿוס. אויפֿ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ שמוציגע הויב, אַרום די לענדען — אַ שמאַטע און אויף די פּלייצעס — אַ אַלט שטיק פֿעל פֿון אַ חיה. פֿונדעסטוועגען איז זיין געשטאַלט געווען

מײַעסטעטיש און אָן זײַן פּנים האָט מען דערקענט, אַז ער איז זעהר קלוג. ער האָט שאַרף געקוקט אויף דעם גאַסט און געזאָגט:

— צי דאַכט זיך מיר, צי ביסט דו טאַקי פּענטוער?...

— איך בין טאַקי פּענטוער — האָט ער געענטפֿערט און געהאַלזט דעם אַלטען.

— האָ! האָ! — האָט מענעם אויסגעשריען — דו ביסט געוואָרען אַ גאַנץ אַנדרער מענש בײַ די גרויסע לײַט! דײַן הויט איז גלאַטיג, העגד האָסט דו ווײַסע און אַ גאָלדענע קײַט האָסט דו אויף דעם האַלז. אויף אַזאַ צירונג וואָלט לאַנג געמוזט וואַרטען די געטין פֿון בלויען ים, די מוטער נות!...

פּענטוער האָט געוואָלט אַראָבנעהמען די קײַט פֿון זיך און זי געבען פֿאַר אַ קרבן; מענעם האָט איהם אָבער אָבגעהאַלטען און געזאָגט מיט אַ שמײַכעל

— לאָז אָב! דאָ דאַרף מען נישט קײַן קײַט!... ווען דו וואָלסט געוואוסט, וואָס פֿאַר צירונג מיר האָבען אויף דעם הימעל, וואָלסט דו זיך נישט געאײַלט אונז צו געבען גאָלד... וואָס? דו ביסט געקומען זיך בעזעצען בײַ אונז?...

פּענטוער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ

— נײַן — האָט ער געענטפֿערט — איך בין געקומען זיך זעהן מיט דיר, געטליבער לעהרער!...

— און דערנאָך וועסט דו צוריק אין הויף פֿון פּרעה'ן?... — האָט דער אַלטער געלאַכט — אָ, איהר, איהר!.. ווען איהר וואָלט געוואוסט, וואָס איהר פֿערליערט, פֿערלאָזענדיג די קלוגהײַט און וואָהנענדיג אין

די פּאַלאַצען. וואָלט איהר זיך געשפּירט זעהר אונגליקליך..

— דו ביסט דאָ איינער אליין, גרויסער לעהרער?

— ווי אַ פּאַלמע אין דער מדבר. בפרט היינט, ווען מיין טויבשטומער איז געגאַנגען מיט'ן קאַרב קיין מעמפיס, אויסבעטלען עפּעס פאַר דער מוטער רע און איהר כהן.

— און דאָס טהוט דיר נישט לייד?...

— מיר?... — האָט מענעס אויסגעשריען — אין דער צייט, וואָס מיר האָבען זיך נישט געזעהן, האָב איך די געטער אַרויסגעריסען עטליכע סודות, וועלכע איך וואָלט נישט אוועקגעבען פאַר די קרוינען פון מצרים!...

— דו קענסט מיר נישט זאָגען, וואָס פאַר סודות?

— פאַרוואָס זאָל איך דיר נישט קענען זאָגען?... פאַר אַ יאָהר האָב איך געענדיגט אויסצורעכנען, ווי גרויס די ערד איז...

— וואָס איז דאָס?...

מענעס האָט זיך אַרומגעקוקט און שטיל געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך — האָט ער געזאָגט — אז די ערד איז נישט פלאַך ווי אַ טיש נאָר זי איז אַ ריזענדיגע קויל, אויף וועלכער עס געפינען זיך ימים, לענדער און שטעדט...

— דאָס ווייס מען— האָט פענטוער געענטפערט.

— נישט יעדער ווייס דאָס — האָט מענעס געענטפערט — און מען ווייס שוין נאָר נישט, ווי גרויס די קויל קען זיין...

— און דו ווייסט יאָ? — האָט פענטוער געפרעגט מיט עפּעס אַ שרעקעניש.

— איך ווייס. אונזער פיעהאָטע מאַרשירט יעדען טאָג 13 מצרי'שע מייל. אָט, אונזער ערד איז אַזוי ריזע־זענדיג, אַז אונזער מיליטער וואָלט אין משך פון פינף יאָהר געקענט געהן אַרום איהר...

— געטער!... האָט פענטוער אויסגעשריען — ציז האָסט דו, פאָטער, נישט מורא צו טראַכטען וועגען אַזעלכע זאַכען?...

מענעס האָט געהויבען די פּלייצעס.

— פאַר וואָס זאָל איך מורא האָבען צו מעסטען די ערד?... — האָט ער געענטפערט — אַלץ־איינס איז צו־מעסטען אַ פּיראַמידע אָדער די ערד... איך האָב נאָך שווערערע זאַכען געמאַכט. איך האָב אויסגעמאָסטען ווי ווייט עס איז פון אונזער בית־מקדש ביז צו דעם פּאַלאַץ פון פרעה'ן, נישט דורכגעהענדיג דורכ'ן נילוס...

— אַ שרעק!... — האָט פענטוער שטיל געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ שרעק?... איך האָב ענטדעקט אַ זאַך, פאַר וועלכער מען דאַרף טאַקי מורא האָבען... נאָר דאָס זאָג קיינעם נישט. ווייסטו? אין חודש פּאַאָפי וועלען מיר האָבען אַ לקוי־חמה... בייטאָג וועט ווערען פינסטער, ווי ביינאַכט... און זאָל איך שטאַרבען פון הונגער אויב איך האָב געהאַט אַ טעות אין רעכנונג אפילו אויף אַ צוואַנציגסט־טייל שטונדע...

פענטוער האָט בעריהרט די קמיע, וועלכע ער האָט געהאַט אויפ'ן האַלז און אָבגעזאָגט אַ תפלה. דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געלעזען אין די הייליגע ספרים, אַז שוין פיעל מאָל איז אין מיטאָג פינסטער געוואָרען, ווי

ביינאכט. אָבער פאַרוואָס ווערט פינסטער? דאָס פערשטעה איך נישט...

— דו זעהסט די פּיראַמידען? — האָט מענעס גע־פרעגט, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף דער מדבר.

— איך זעה.

— און איצט שטעל דיין האַנד פאַר די אויגען... זעהסטו די פּיראַמידען? דו זעהסט נישט. אט, דאָס זעלבע איז א לקוי־חמה: צווישען דער זון און אונז שטעלט זיך די לבנה, פערשטעלט דעם פאָטער פון דער ליכטיגקייט און עס ווערט נאַכט...

— און דאָס וועט געשעהן ביי אונז? — האָט פענטוער געפרעגט.

— אין חודש פאַאָפי. איך האָב וועגען דעם גע־שריבען צו פרעה'ן, מיינענדיג, אז פאַר דעם סוד וועט ער געבען עפּעס א קרבן פאַר אונזער פערנאַכלעסיגטען בית־מקדש. ער האָט אָבער געלאַכט, לעזענדיג דעם בריעף און ער האָט געהייסען מיין שליח, ער זאָל דעם בריעף איבערגעבען הרהור'ן...

— און הרהור?

— הרהור האָט אונז געגעבען דרייסיג מאָס גער־שטען. ער איז דער איינציגער אין גאַנץ מצרים, וועלכער שוינט קלוגשאַפט; דער יונגער פרעה איז אָבער לייכטזיניג.

— זיי נישט פאַר איהם אזא שטרענגער שופט — האָט זיך פענטוער אָנגערופען — רעמסס דער דרייצעהנטער וויל פערבעסערן די לאַגע פון פויערען און בעלי־מלאכות; ער וועט זיי געבען יעדען זיבעטען טאָג רוהע, ער וועט

פֿערוועהרען זײַ צו שלאָגען אָהן משפּט און אפֿשר וועט ער זײַ געבּען ערד אויך...

— און איך זאָג דיר, אַז ער איז לײַכטזיניג — האָט מענעם געענטפֿערט — פֿאַר צוויי חדשים האָבּ איך איהם צוגעשיקט אַ פּלאַן צו פֿערלײַכטערן די אַרבּײַט פֿון פּויערען און ער האָט זיך אויך אויסגעלאַכט פֿון מיר!... ער איז אונוויסענד און אַ בּעל-גאוה.

— דו קענסט איהם ניכט... זאָג אָבּער מיר דײַן פּלאַן, אפֿשר וועל איך איהם קענען דורכפֿיהרען.

— אַ פּלאַן!... — האָט דער אַלטער איבּערגעחזר'ט — דאָס איז ניכט קײַן פּלאַן, נאָר אַ זאַך...

ער איז אויפֿגעשטאַנען פֿון דער בּאַנק און צוזאַמען מיט פּענטוער'ן איז ער געגאַנגען צו דער קלײַנער אָזיערע אין גאָרטען, בּײַ וועלכער עס איז געשטאַנען אַ אַלטאַנע, וועלכע איז געווען פֿערשטעלט מיט געוואוקסען פֿון אַלע זײַטען.

אין דער אַלטאַנע איז געווען אַ גרויס ראָד אויף אַ אַקס מיט פֿיעל עמערס אַרומגענומען. מענעס איז אַרײַנגעגאַנגען אין ראָד און האָט עס געריהרט מיט די פֿיס. דאָס ראָד האָט זיך בּעוועגט און די עמערס האָבּען געשעפּט וואַסער פֿון דער אָזיערע און אויסגעגאָסען אין דער קאַריטע, וועלכע איז געווען העכער פֿון דער אָזיערע.

— זעהר אינטערעסאַנט איז דאָס! — האָט פּענטוער געזאָגט.

— צו פֿערשטעהסט די וויפֿיעל געלט דאָס קען בּרענגען אין מצרים?

— נײַן.

— שטעל דיר פאָר, אז דאָס ראָד איז פינף אָדער צעהן מאָל אזוי גרויס, און אינווענינג שטעהען אָקסען אוי בעוועגען דאָס ראָד ...

— עס דאכט זיך מיר עפּעס — האָט פענטוער גע־זאָגט — נאָר גוט פערשטעה איך נאָך נישט ...

— דאָס איז דאָך אזוי פשוט! — האָט מענעס גע־ענטפערט — מיט דער הילף פון אזא ראָד וואָלטען אָקסען אָדער פערד געקענט שעפּען וואסער פון נילוס און ארײַנ־ניסען אין קאנאלען, וואָס געפינען זיך העכער פון דעם טײַך ... בכן וואָלטען געקענט האָבען רוהע א האלבע מיליאָן מענשען, וועלכע ארבײַטען איצט בײַ די עמערס ... איצט זעהסט דו, אז די קלוגשאפט ברענגט מענשען מעהר גליק, ווי די פרעה'ס ...

פענטוער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— וויפיעל האלץ וואָלט מען בעדארפט דערצו! — האָט ער געזאָגט — וויפיעל אָקסען, וויפיעל עסען וואָלט מען די אָקסען בעדארפט צו געבען! ... מיר דאכט זיך, אז דײַן ראָד וועט נישט אײַנברענגען אזוי פיעל, וויפיעל מען וועט היזק האָבען, אויב מען וועט אײַנפיהרען א זיבענ־טען טאָג רוהע

— איך זעה — האָט מענעס געזאָגט, הויבענדיג די פלײצעס — אז דײַן גרויסער אמט האָט דיר קײן טובה נישט געטהון ... נאָר חאטש דו האָסט שוין פערלוירען דײַן שארפזיניגקײַט, וועלכעס איך האָב בעוואונדערט אין דיר, דאָך וועל איך דיר נאָך עפּעס ווײַזען ... אפשר וועסט דו נאָך א מאָל צוריק צו דער קלוגהײַט און ווען איך וועל

שטאַרבען וועסט דו וועלען אַרבייטען, אום צו פערפיינערן און פערברייטען מיינע ערפינדונגען.

זיי זענען צוריק געגאַנגען אין דעם טהורם און מענעם האָט אונטערגעלעגט פייער אונטער אַ קעסעל. ער האָט אויפגעבלאָזען דעם פלאַם און באַלד האָט דאָס וואַסער זיך אָנגעהויבען צו קאָכען.

פון דעם קעסעל האָט זיך געצויגען אַ רעהרעל, אויף וועלכען עס איז געלעגען אַ שווערער שטיין. ווען דאָס וואַסער אין קעסעל האָט אָנגעהויבען צו קאָכען, האָט מענעם געזאָגט צו פענטווער'ן:

— שטעה אָט דאָ און קוק...

ער האָט געדרעהט די קורבע, וואָס איז געווען ביים רעהרעל און אין איין רגע איז דער שטיין געשפרונגען אין דער הויך און דאָס צימער איז פול געוואָרען מיט קנוילען הייסע פאַרע...

— וואונדערבאַר!... — האָט פענטווער אויסגעשריען.

באַלד האָט ער זיך אָבער בערוהיגט און געפרעגט:

— נו, און דער שטיין וועט אויך פערבעסערן די לאַגע פון המון?

— דער שטיין וועט נאָך נישט פערבעסערן — האָט מענעם געענטפערט — איך זאָג דיר אָבער און דו געדענק דאָס: עס וועט קומען אַ צייט, ווען די פערד און די אָקסען וועלען אַרבייטען פאַר מענשען און דערנאָך וועט זירענדיג וואַסער פערטרעטען די פערד און די אָקסען...

— וואָס וועלען אָבער די פויערען האָבען דערפון? — פענטווער ווייטער געפרעגט.

— וועה איז מיר! — האָט מענעם אויסגעשריען.

אַנחאַפּענדיג זיך בײַם קאָפּ — איך ווײס ניט . דו ביסט געוואָרען אַלט, אָדער דו האָסט דײַן פערשטאַנד פערלוי־רען... די פויערען האָבען פאַר דיר די גאַנצע וועלט פער־שטעלט און דיר דעם פערשטאַנד צוגענומען...

ווען די חכמים וואָלטען נאָר געטראַכט ווענען פויערען, וואָלטען זיי בעדאַרפט אוועקצוואַרפען אַלע ביכער מיט אַלע רעכנונגען און ווערען פּאַסטוכער ...

— יעדע זאַך מוז ברענגען נוצען — האָט פּענטויער געזאָגט .

— איהר הויפּט־לײַט — האָט מענעס געזאָגט מיט ביטערקײַט — האָט זעהר אָפּט צווײַ מאָסען . ווען אַ פּעני־ציאַנער ברענגט אייך ארובין אָדער אַ שאַפּיר, פרעגט איהר ניט: וואָס פאַר נוצען דאָס וועט ברענגען? נאָר איהר קויפט איהם און בעהאַלט אין אַ קאַסטען. ווען עס קומט אָבער צו אייך אַ געלעהרטער מיט אַ ערפינדונג, וועלכע וואָלט געקענט ענדערן דאָס גאַנצע געשטאַלט פון דער וועלט, פרעגט איהר באַלד: וואָס פאַר נוצען קען דאָס ברענגען?... איהר האָט מורא, אַז דער פאָרשער זאָל ניט פערלאַנגען פון אייך אַביסעל געדשטען פאַר אַ זאַך, וואָס אייער פערשטאַנד בעגרײַפט עס ניט...

— דו ביסט אין כעס, פאָטער?... האָב איך דיר דען געוואָלט קרענקונג מאַכען?

— איך בין ניט אין כעס, נאָר יסורים לײַד איך דערפון. נאָך פאַר צוואַנציג יאָהר זענען, אויסער מיך, געווען אין דעם בית־מקדש נאָך פיער כהנים, וועלכע האָבען גע־אַרבײַט וועגען נײַע ערפינדונגען. הײַנט בין איך געבליבען אײַנער אַלײַן און איך קען ניט בעקומען קײַן מענש, וואָס

זאָל מיך ווילען פערטרעטען, אָדער אפילו נאָר מיך פערשטעהן.

— איך וואָלט דאָ געבליבען ביז'ן טויט, אום איך זאָל דערקענען דיינע געטליכע ערפינדונגען — האָט פענטוער געזאָגט — זאָג מיר אָבער, צו קען איך זיך פערמאַכען אין בית־מקדש, ווען דער גורל פון דער מלוכה, דאָס גליק פון דעם פראָסטען פאָלק ווערען געוואָגען אין מיין ארבייט...

— דיין ארבייט קען האָבען אַ איינפלוס אויף דעם גורל פון דער מלוכה און עטליכע מיליאָנען מענשען?...— האָט מענעס איהם איבערגעהאַקט די ווערטער מיט ליצנות— אַ, איהר דערוואַקסענע קינדער אין גאָלדענע קייטען אויף הויכע שטעלונגען!... דערפאַר, וואָס אייך איז ערלויבט צו שעפּען וואַסער פון נילוס, מיינט איהר שוין, אַז איהר קענט אויפהאַלטען דעם צופלוס אָדער דעם אָבפלוס פון טייך.

אַזוי מיינט אויך דאָס שעפעלע: ווען עס געהט נאָך דער סטאַדע, מיינט עס, אַז עס יאָגט די סטאַדע!

— דו מוזט אָבער וויסען, אַז דער יונגער פרעה האָט אַ זעהר אייַדעל הארץ, ער וויל איינפיהרען רוהע־טעג, אַ ריכטיגען משפט און אפילו ערד...

מענעס האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפ.

— דאָס אַלעס — האָט ער געזאָגט — האָט אַ ווערטה נאָר אויף דערווייל. די יונגע פרעה'ס ווערען אַלט און דאָס פאָלק האָט שוין נישט איין מאָל געהאַט רוהע יעדען זיבעטען טאָג, ערד האָט דאָס פאָלק אויך געהאַט און דערנאָך האָט דאָס פאָלק אַלעס פערלוירען... אָך, ווען נאָר דאָס וואָלט זיך געענדערט!... וויפיעל דינאַסטיעס און

כּהנים זענען געװעזען אין מצרים פֿון דרײַ טױזענד יאָהר אָן!...
װיפֿיעל שטעדט און בּית-מקדש׳ס זענען חרוב געװאָרען!...
אַפֿילו די ערד איז בּעװאַקסען געװאָרען מיט אַ נײַע שאָל...

אַלעס איז געענדערט געװאָרען, אױסער דאָס, אַז צװײַ און צװײַ איז פֿיער, אַז די לבנה קען פֿערשטעלען די זון און אַז זידענדיג װאַסער קען װאַרפֿען אַ [illegible]ײן אין דער לופֿט...

אױף דער װעלט האָט אַ קיום נאָר די חכמה. און װעה איז דעם מענש, װעלכער פֿע[illegible]זט אײבּיגע זאַכען פֿאַר זאַכען, װעלכע חערען פֿערשװאונדען װי װאָלקענס! זײַן האַרץ װעט קײנמאָל קײן מנוחה נישט האָבּען און זײַן געדאַנק װעט זיך װעגען װי אַ שיפֿעל, װען דער שטורם-װינד יאָגט עס.

— די געטער רעדען אַרױס פֿון דײַן מױל — האָט פּענטוער געענטפֿערט — אָבער צװישען מיליאָנען מענשען קען מען געפֿינען נאָר אײן מענש, מיט װעלכען די געטער קענען זיך בּענוצען... און אַזױ דאַרף טאַקי זײַן. װאָרום װאָס פֿאַר אַ װעלט װאָלט געװען, װען [illegible]רען װאָלטען גאַנצע נעכט געשטאַנען און נעקוק[illegible] הימעל אַרײַן, סאָלדאַטען װאָלטען געמאַכט רעכנונגען און פּרעה מיט זײַנע בּעאַמטע װאָלטען געשלײַדערט שטײנער, מיט דער הילף פֿון דאַמפֿף. אין אײן חודש װאָלטען אַלע געמוזט אױס־שטאַרבּען פֿון הונגער... קײן שום ראָד און קעסעל װאָלטען נישט געשיצט דאָס לאַנד פֿאַר אַ אָנפֿאַל פֿון בּאַרבּאַרען און קײן פֿערבּרעכער נישט גע׳משפּט.

בּכן — האָט פּענטוער געענדיגט — חאָטש חכמה איז װי די זון, בּלוט און אָטהעם, קענען מיר אַלע פֿאָרט נישט זײַן קײן חכמים.

געגען די ווערטער האט מענעס גארנישט נעענט־פערט .

עטליכע טעג האט פענטוער געוויילט אין דעם בית־מקדש פון דער געטין נות , בעטראכטענדיג דעם זאנד־ים פון דער מדבר און דעם פרוכטבארען טהאל נעבען נילוס . צוזאמען מיט מענעס׳ן האט ער זיך איינגעקוקט אין די שטערען , בעטראכט דאס ראד צו שעפּען וואסער און עט־ליכע מאל איז ער געאנגגען צו די פּיראמידען . ער האט בעוואונדערט דאס ארמקייט און די חכמה פון זיין לעהרער , נאר אין זיך האט ער געטראכט :

מענעס איז אודאי א גאט , וועלכער איז פערקעהר ט געווארען אין געשטאלט פון א מענש און דעריבער טראכט ער נישט פון דער ערדישער וועלט. און זיין ראד צו שעפּען וואסער וועט אין מצרים נישט אנגענומען ווערען , ווארום מיר האבען נישט קיין האלץ און א הונדערט טויזענד אקסען וואלטען מיר בעדארפט צו דרעהען די רעדער . און מיט וואס וועט מען דערנעהרען אזוי פיעל אקסען ?..."

## צוועלפטעס קאפּיטעל

אין דער צייט, ווען פענטוער איז ארומגעפאהרען אין דער מלוכה, וועהלענדיג דעלעגאטען צו דער פערזאמלונג , האט רעמסס דער דרייצעהנטער געוואהנט אין טעבי און חתונה געמאכט זיין בעליעבטען טוטמאזיס .

דער הערשער פון ביידע וועלטען , זייענדיג ארומגע־נומען מיט א הערליכע סוויטע , איז געפאהרען אויף א פער־גאלדעטען וואגען אין דעם פאלאץ פון גרויסען אנטעף וועלכער איז געווען א הויפטמאן פון טעבי . דער הויפטמא־

איז ארויסגעלאפען געגען דעם הערשער פאר דעם טהויער און, אראבגעהטענדיג פון זיינע פיס די קאסטבארע סאנדא-לען, האט ער נידערגעקניעט און געהאלפען רעמסס'ן ארויס-געהן פון דעם וואגען

רעמסס האט איהם געגעבען די האנד צו קושען און געזאגט, אז פון דעמאלט אן בלייבט אנטעף זיין גוטער פריינד און ער האט דאס רעכט אריינצוגעהן צו איהם, אפילו אין דעם טראן-זאל, און סאנדאלען.

ווען רעמסס איז אריינגעפיהרט געווארען אין א ריזע-זענדיגען זאל, האט ער געזאגט אין דער געגענווארט פון זיין גאנצער סוויטע:

— איך ווייס, גרויסער אנטעף, אז אזוי ווי דיינע גרויסע אבות וואהנען אין די שעהנסטע קברים, אזוי ביסט דו דער גרעסטער הויפטמאן אין גאנץ מצרים. און דו חייסט דאך אודאי, אז אין מיין הויף און אין מיין מיליטער, ווי אויך אין מיין הארץ, פערנעהמט דאס ערשטע ארט מיין געליעבטער און דער אנפיהרער פון מיין גווארדיע—ט טמאזים.

לויט די ווערטער פון די חכמים, טהוט שלעכט דער רייכער מאן, ווערכער פאסט נישט איין דעם טהייערם-טען שטיין זיינעם אין דעם שעהנסטען פינגערל. און וויל דיין פאמיליע איז ביי מיר די טהייערסטע און טוטמאזיס איז ביי מיר דער געליעבסטער, וויל איך אייך שליסען: געשלאסען קענט איהר ווערען, אויב דיין שעהנע און קלוגע טאכטער חברון וועט וועלען התונה האבען מיט טוטמאזיסן.

דער גרויסער אנטעף האט געענטפערט

— הײַליגער פּרעה, הערשער פֿון דער לעבעדיגער און דער מזרח'דיגער וועלט! גאַנץ מצרים און אַלעס, וואָס געפֿינט זיך אין מצרים געהער צו דיר און אַלע זײַנע אײַנוואָהנער זענען דײַנע קנעכט. בכן, אויב דײַן הארץ פֿערלאַנגט, אַז מײַן טאָכטער חברון זאָל ווערען אַ ווײַב פֿון דײַן בעליעבטען טוטמאָזיס, זאָל אַזוי זײַן...

פּרעה האָט דאַן דערצעהלט אַנטעפּ'ן, אַז טוטמאָזיס האָט 20 טאַלענטען יעהרליך צאָהלונג פֿון דעם מלוכה־שאַץ און גרויסע אײַגענע גיטער האָט ער אין פֿערשידענע פּראָווינצען. און דער גרויסער אַנטעף האָט געזאָגט, אַז זײַן אײַנציגע טאָכטער חברון וועט האָבען 50 טאַלענטען יעהרליך און דאָס רעכט צו געניסען פֿון איהר פֿאָטערס גיטער אין די פּראָווינצען, וואו דער קעניגליכער הויף וועט ווײַלען.

און ווײַל אַנטעף האָט קײַן זוהן נישט געהאַט, וועט דאָך טוטמאָזיס בלײַבען דער אײַנציגער יורש פֿון זײַן ריעזענדיגען פֿערמעגען און אויב דער הײַליגער פּרעה וועט וועלען, וועט ער אויך ירשנ'ען דעם טיטול הויפּטמאַן פֿון טעבי...

ווען פּרעה מיט אַנטעפּ'ן האָבען זיך שוין געהאַט אָבגעשמועסט וועגען די [illegible]נד'נען, איז פֿון הויף אָנגעקומען טוטמאָזיס, וועלכער האָט אַנטעפּ'ן געדאַנקט דערפֿאַר, וואָס ער גיט איהם זײַן טאָכטער און אויך דערפֿאַר, וואָס ער האָט זײַן טאָכטער אַזוי גוט ערצויגען. עס איז אויך אָבגעשמועסט געוואָרען, אַז די חתונה וועט פֿאָרקומען נאָך אין משך פֿון עטליכע טעג, ווײַל טוטמאָזיס, אַלס אָנפֿיהרער פֿון דער גוואַרדיע האָט נישט קײַן צײַט לענגער אָבצוהאַל-[illegible] זײַן שמחה.

— איך ווינש דיר גליק, מײַן זוהן — האָט אַנטעף געזאָגט מיט אַ שמייכעל — און אויך פיעל געדולד, וואָרום מײַן טאָכטער חברון איז שוין אַלט צוואנציג יאָהר, איז די שענסטע אין טעבי און זי איז געוואָהנט צו טהון, וואָס זי וויל..

אין נאָמען פון די געטער זאָג איך דיר, אַז מײַן מאַכט אין טעבי האָט זיך געענדיגט בײַ דער טהיר פון מײַן טאָכטערס געמעכער. און איך האָב מורא, אַז דײַנע גענע-ראַלען וועלען נישט מאַכען אויף איהר קיין גרעסערן אײַנ-דרוק פון מיר.

אַנטעף האָט דאַן פערבעטען זײַנע געסט אויף אַ מאָהלצײַט, אויף וועלכען עס איז געקומען די שעהנע חברון מיט אַ גרויסער סוויטע מעדלעך.

אין דעם עס-זאַל איז געשטאַנען אַ מענגע טישלעך און אײַן גרויסער טיש פאַר פרעה'ס וועגען. אום צו בע-עהרען אַנטעפ'ן און זײַן בעליעבטען, איז דער הײַליגער פרעה צוגעגאַנגען צו חברון און זי פערבעטען צו זײַן טיש.

חברון איז ווירקליך זעהר שעהן געווען און זי האָט געמאַכט אַ אײַנדרוק פון אַ ערפאַהרענעם מענש. רעססס האָט באַלד דערזעהן, אַז די כלה קוקט זיך נישט אום אויף איהר חתן, דערפאַר אָבער וואַרפט זי אויף איהם בליקען, וועלכע דריקען אויס זעהר פיעל.

דאָס איז אָבער אין מצרים נישט געווען קיין זעלטענהײַט.

ווען די געסט האָבען זיך געזעצט בײַ די טישלעך, ווען די מוזיק האָט זיך אָנגערופען און די טענצערינס האָ-בען אָנגעהויבען פונאַנדערטראָגען צווישען די געסט ווײַן

גין בלומען, האָט זיך רעמסס אָנגערופען:

— וואָס לענגער איך קוק אויף דיר, חברון, דאָס מעהר בעוואונדער איך דיך. ווען עס וואָלט דאָ אריינגעקומען אַ פרעמדער, וואָלט ער דיך בעטראַכט פאַר אַ געטין אָדער אַ כהנת-גדולה, אָבער נישט פאַר אַ גליקליכע כלה.

— דו האָסט אַ טעות, הערשער — האָט זי געענטפערט — איצט בין איך גליקליך, אבער נישט מיט מיין חתן.

— ווי קען דאָס זיין? — האָט פרעה געפרעגט.

— מיך ציהט עפּעס נישט צום חתונה האָבען און איך וואָלט זיכער געוואָלט זיין בעסער אַ כהנת-גדולה ביי דער געטין איזידא, ווי צו ווערען אַ ווייב.

— און פאַר וואָס האָסטו חתונה?

— איך האָב חתונה נאָר דערפאַר, וואָס מיין פאָטער וויל דורכאויס האָבען אַ יורש פון זיין רוהם. און אממעהרסטען האָב איך חתונה דערפאַר, וואָס דו ווילסט אַזוי, דו, מיין הערשער...

— איז דען מעגליך, אַז טוטמאָזיס זאָל דיר נישט געפעלען זיין?

— דאָס זאָג איך נישט. טוטמאָזיס איז שעהן, קליידעט זיך אמשעהנסטען אין גאַנץ מצרים, ער זינגט שעהן און אויף פערוויילונגען נעהמט ער שטענדיג די פרעמיעס. זיין שטעלונג אלס אנפיהרער פון דיין גווארדיע איז דאָך אויך איינע פון די גרעסטע אין לאַנד.

און דאָך, ווען נישט מיין פאָטער וואָלט מיך געבעטען און דו, הייליגער פרעה וואָלסט נישט געהייסען

וואָלט איך נישט חתונה געהאַט. איך וועל אָבער אַזוי אויך קיין ווייב נישט זיין!... טוטמאָזיס וועט זיך בעגנינען מיט מיין פערמעגען און מיט די טיטולען, וואָס ער וועט ירשנען נאָך מיין פאָטערס טויט און דאָס איבעריגע וועט ער געפינען ביי די טענצערינס.

— און ער ווייס פון זיין אונגליק?

חברון האָט געשמייכעלט.

— ער ווייס שוין לאַנג, אַז האָטש איך יאָלט נייט געוויען אַנטעפ'ס טאָכטער, נאָר די נידריגסטע אין מצרים וואָלט איך זיך אויך נישט אָבגעגעבען אַ מענש, וועלכע איך ליעב נישט. און ליעבען קען איך נאָר אַ העכערן פון זיך.

— דו מיינסט טאַקי אַזוי, ווי דו זאָגסט? — האָט זיך רעמסס געוואונדערט.

— איך בין דאָך שוין אַלט צוואַנציג יאָהר, בכן האָב איך דאָך פערעהרער שוין גאַנצע זעקס יאָהר. איך האָב אָבער גיך דערקענט זייער ווערטה... היינט וויל איך בעסער הערען די שמועסען פון געלעהרטע כהנים, ווי דאָס געזאַנג און דאָס ריהמען פון אַ שעהנעם יונגען-מאַן.

— אויב אַזוי, דאַרף איך נישט זיצען ביי דיר, חברון, וואָרום איך בין דאָך נישט קיין שעהן-געקליידעטער יונגער-מאַן און די תורה פון די כהנים איז מיר גאָר פרעמד...

— אָ, דו, מיין הערר, דו ביסט העכער פון אַלע! — האָט זי געענטפערט, רויט ווערענדיג — דו ביסט אַ מנצח... דו ביסט אַ כעס'ן, ווי אַ לייב, אַ געשווינדער, ווי אַ רויב-פויגעל... פאַר דיר פאַלען מיליאָנען מענשען אויף זייערע פנים'ער, מלוכות ציטערן... צי ווייסען מיר דען נישט, ווי

פֿאַר אַ שרעק עס דערוועקט דײַן נאָמען אין צור און אין נינוה ? די געטער האָבען דאָך נישט אזא מאַכט, ווי דו !...
רעמסס איז מבולבל געוואָרען.

— אָ חברון, חברון !... ווען דו וואָלסט געוואוסט, װאָס פֿאַר אַ אונרוה דו ערוועקסט אין מײַן הארץ !...

— דערפֿאַר בעשטעה איך חתונה צו האָבען מיט טוטמאָזיס'ן ...— האָט זי געזאָגט — איך וועל זײַן נעהנטער צו דיר, הײליגער פרעה און יעדע עטליכע טעג, וועל איך דיך זעהן, מײַן הערר.

זאָגענדיג די ווערטער, איז זי אויפֿגעשטאַנען פֿון טישעל און אוועקגעגאַנגען.

אנטעף האָט דאָס דערזעהן און אַ דערשראָקענער איז ער צוגעלאָפֿען צו רעמסס'ן.

— אָ, הערר מײַנער ! — האָט ער אויסגעשריען — צי האָט מײַן טאָכטער געזאָגט עפּעס נישט פאסענדעס ?.. די ווילדע לײַבין !...

— בערוהיג זיך — האָט פרעה געענטפֿערט — דײַן טאָכטער איז פֿול מיט חכמה און ערנסטקײַט. זי איז אַרויס-געגאַנגען, ווײַל זי האָט דערזעהן, אז דײַן ווײַן ווירקט צו שטאַרק אויף דײַנע געסט.

אין דעם עס-זאַל איז ווירקליך געװען אַ גרויס גערויש. טוטמאָזיס איז עפּעס צופֿיעל לוסטיג געוואָרען.

— בסוד וועל איך דיר זאָגען, הײליגער פרעה, אז טוטמאָזיס וועט זיך מוזען זעהר היטען פֿאַר זײַן פרוי — האָט אנטעף געזאָגט — ער וועט מוזען זעהר פֿאָרזיכטיג זײַן ...

דאָס ערשטע מאָהלצײַט האָט געדויערט ביז אין דער

פריזה. פרעה איז באלד אוועקגעפאהרען, נאר אנדרע געסט זענען געבליבען — אין אנפאנגם אויף שטוהלען, דערנאך אויף דער ערד... ענדליך האט זיי אנטעף געמוזט פונאנדערשיקען יעדען אין זיין היים, ווי טויטע זאכען...

עטליכע טעג דערנאך זענען פארגעקומען די קידושין.

אין דעם פאלאץ פון אנטעף'ן זענען זיך צונויפגעקומען די כהנים-גדולים, הרהור און מפרים, די הויפטמענער פון די ארומיגע פראווינצען און די גרעסטע לייט פון טעבי. שפעטער איז אנגעקומען אויף א ציווערארינגען וואגען טוטמאזים, זייענדיג ארומגענומען מיט אפיציערען פון דער גווארדיע און אם ענדע איז געקומען דער הייליגער רעמסס דער דרייצעהנטער.

רעמסס'ן האבען בעגלייט: דער גרויסער שרייבער, דער הויפטמאן פון בויגען-שיסער, דער הויפטמאן פון די רייטער, דער גרויסער שופט, דער גרויסער שאצמייסטער, דער כהן=גדול שם און גענעראל-אדיוטאנטען.

ווען די אלע זענען שוין געווען אין זאל פון דעם גרויסען אנטעף'ם אבית, האט זיך בעוויזען חברון אין ווייסע קליידער מיט א גרויסער סוויטע פון חבר'טעס און דיענסטען. אנטעף האט דאן מקריב געווען קטורת פאר דעם בילד פון עמונ'ען, פאר דעם בילד פון זיין פאטער און פאר רעמסס דעם דרייצעהנטען, וועלכער איז געזעסען אויף א הויך ארט. דערנאך האט ער געמעלדעט, אז ער בעפרייט זיין טאכטער פון זיין שוץ און ער גיט איהר נדן. דערביי האט ער איהר געגעבען א אקט, וועלכער איז געשריבען געוואָרען אויף פאפירוס פאר'ן געריכט.

עסענדיג עפעס, האט זיך די כלה געזעצט אין

א קאָסטבאַרע לעקטיקע, וועלכע אַלס בּעַאַמטע פון דער פּראָווינץ האָבּען געטראָגען. פאַר איהר איז געגאַנגען א מוזיק און זינגערס, אַרום דער לעקטיקע זיינען געגאַנגען גרויסע לייט און נאָך זיי — א גרויסער המון. די גאַנצע מחנה איז געגאַנגען אין דעם בּית-מקדש פון עמון, דורך די שענסטע גאַסען פון טעבּי צווישען אַזאַ גרויסע מענגע מענשען, ווי עס איז געוועזען אויף דער לויה פון פרעה'ן.

בּיי דעם בּית-מקדש איז דער המון געבּליבּען הינטער די מויערען און חתן-כלה, פרעה מיט די גרעסטע לייט זענען אַריינגעגאַנגען אין דעם זיילען-זאַל. דאָרט האָט הרהור מקריב געוועזען קטורת פאַר דעם בּילד פון עמון'ען, וועלכער איז געוועזען פערהילט, די כהנות'טעס האָבּען אויפגעפיהרט א הייליגען טאַנץ און טוטמאָזיס האָט געלייענט אין א פּאַפּירוס פאָלגענדע כתובה:

„איך טוטמאָזיס, דער אָנפיהרער פון דער גוואַרדיע פון דעם הייליגען רעמסס דעם דריי-צעהנטען, נעהם דיך חברון, די טאָכטער פון דעם הויפּטמאַן אין טעבּי אַנטעף, פאַר א ווייבּ, איך גיבּ דיר בּאַלד א סומע פון צעהן טאַלענטען דערפאַר, וואָס דו ווילסט בּלייבּען מיין ווייבּ. אויף מלבּושים בּעשטים איך דיר דריי טאַלענטען יעהרליך און אויף הויז-אויסגאַבּען — א טאַלענט יעדען חודש. פון די קינדער, וואָס מיר וועלען האָבּען, וועט דער בּכור ירשע-נען דאָס פערמעגען, וואָס איך האָבּ היינט און וואָס איך וועל האָבּען. אויבּ איך וועל נישט לעבּען מיט דיר, אָדער איך וועל דיך גט'ן און חתונה האָבּען מיט א אַנדערע פרוי וועל איך מחויב זיין צו בּעצאָהלען 40 טאַלענטען און דו וועסט די כומע געלד קענען אָבּנעהמען פון מיין פערמעגען,

גען. ווען אונזער זוהן וועט איבערנעהמען מיין פערמעגען, וועט ער דיר מוזען אויסצאהלען 15 טאלענטען יעהרליך. די קינדער, וועלכע איך וועל האבען מיט א אנדערע פ־וי, וועלען נישט האבען דאס רעכט צוצוטרעטען צו דעם פערמעגען פון אונזער בכור".

דאן איז ארויסגעטרעטען דער גרויסער שופט און אין נאמען פון חברון האט ער פארגעלעזען א אקט, אין וועלכען די כלה האט פערשפראכען: גוט צו נעהרען און קליידען איהר מאן, זארגען וועגען זיין הויז, פאמיליע, דיענסטען, אינוועטאר און שקלאפען און זי פערמרויעט אן איהר מאן די פערוואלטונג פון איהרע גיטער און פערמעגען, וואס זי האט בעקומען און וועט בעקומען פון איהר פאטער.

נאכ'ן דורכלעזען דעם אקט, האט הרהור דערלאנגט טוטמאזיסן א בעכער מיט וויין.

דער חתן האט אבגעטרונקען א העלפט, די כלה חברון האט דעם בעכער צוגענומען צום מויל און דערנאך האבען ביידע מקריב געווען קטורת פאר דעם פורפור־פרוכת.

ארויסגעהענדיג פון עמונ'ס בית־מקדש, זענען חתן־כלה מיט זייערע אלע בעגלייטער געגאנגען דורך דער ספינקס־אלעע אין דעם קעניגליכען פאלאץ. פיעל מענשען פון פאלק און פיעל סאלדאטען האבען זיי בעגריסט מיט אויסגעשרייען, ווארפענדיג אויפ'ן וועג בלומען.

טוטמאזיס האט געוואהנט אין פרעה'ס פאלאץ, נאר אין טאג פון דער חתונה האט איהם פרעה געשענקט א שען פאלאצעל אין די גערטנער, וועלכעס איז געווען ארומגענומען מיט א וואלד פון פייגען, מירטען און באאבאבען.

וואו דאס יונגע פארפאלק האט געקאנט גליקליך און רוהיג לעבען. אין דעם רוהיגען ווינקעלע זענען מענשען אזוי זעלטען געזעהן געווארען, אז אפילו פייגעלעך זענען פאר זיי נישט ענטלאפען.

ווען דאס יונגע פארפאלק מיט זייערע געסט זענען געווען אין זייער פאלאץ, איז פארגעקומען די ריכטיגע חתונה.

טוטמאזים האט אנגענומען חברון ביי דער האנד און זי צוגעפיהרט צו דעם פייער, וואס האט געברענט פאר דעם בילד פון איזידא. מפרים האט דאן ארויפגעגאסען אויף דער כלה'ס קאפ א לעפעל הייליג וואסער, חברון האט מיט איהר האנד בעריהרט דאס פייער און טוטמאזים האט זיך געטיילט מיט איהר מיט א שטיקעל ברויט און איהר אנגעטהון אויפ'ן פינגער זיין פינגערל אלס צייכען, אז פון דאמאלס אן ווערט זי די הערשערין פון זיין פערמעגען, דיענסטשאפט און שקלאפען.

גלייכצייטיג האבען די כהנים געזונגען חתונה-הימנען און ארומגעטראגען אין גאנצען הויז דאס בילד פון אי[illegible]. די כהנת'טעס האבען אויפגעפיהרט הייליגע טענץ.

דער טאג איז פערענדיגט געווארען מיט א פארשטעלונג און א גרויס מאלצייט, ביי וועלכען אלע האבען דערזעהן, אז חברון האלט זיך נאר ביי רעמסס'ן און טוטמאזים האלט זיך פון איהר ווייט.

ווען עס האבען זיך געוויזען שטערען אויפ'ן הימעל, איז דער הייליגער הרהיר אוועקגעגאנגען און באלד נאך איהם זענען אוועקגעגאנגען עטליכע פון די גרעסטע לייט. אין האלבע נאכט האבען זיך פערזאמעלט אין קעהלער פון

עמונ'ס בית-מקדש די כהנים-גדולים הרהור, מפרים און מנטו-זופית, דער העכסטער שופט פון טעבי און די הויפטמענער פון די פראווינצען: אבסו, חוטרי און אמת-אוך.

מנטו-זופית האט בעטראכט די דיקע זיילען, פערמאכט די טהיר. אויסגעלאשען די ליכט און אין גרויסען קעהלער איז געבליבען איין לאמפ, וועלכע האט זיך געלייכט פאר דעם בילד פון חרות'ן. די גרויסע לייט האבען זיך געזעצט אויף שטיינערנע בענק און דער הויפטמאן אבסו האט געזאגט:

— ווען מען וואלט מיך געהייסען בעצייכנען דעם כאראקטער פון רעמסס דעם דרייצעהנטען, וואלט איך נישט געוואוסט, וואס צו זאגען...

— א משוגע'נער!... — האט זיך מפרים אנגערופען...

— צי ער איז א משוגע'נער, ווייס איך נישט — האט הרהור געענטפערט — יעדענפאלס איז ער אבער געפעהרליך, אשור האט שוין צוויי מאל געפאדערט פון אונז, מיר זאלען פערענדיגען דעם אבמאך. און היינט, ווי איך האב געהערט, האט זיך אשור שוין אנגעהויבען צו בעאונרוהיגען צוליעב דעם, וואס מצרים ווערט בעוואפענט.

— דאס איז קיין סכנה נישט — האט מפרים געענטפערט — ערגער איז דאס, וואס דער רשע וויל בערויבען דעם אוצר פון לאבירינט...

— און איך וואלט געמיינט — האט זיך אנגערופען דער הויפטמאן אמת-אוחו — אז ערגער פון אלעם, זענען די הבטחות, וואס ער גיט די פויערען. די איינקינפטען פון דער מלוכה און אויך אונזערע וועלען זעהר פאלען, אויב

דער המון וועט רוהען יעדען זיעבענטען טאג... און ווען פרעה_וואלט זיי נאך געגעבען ערד...

— ער איז בערייט דאס צו טהון—האט דער העבס-טער שופט געענטפערט...

— איז ער טאקי בערייט?...— האט דער הויפטמאן הארטי געפרעגט — מיר דאכט זיך, אז ער וויל נאר געלד. ווען מען וואלט איהם געלאזט פון דעם אוצר פון לאבירינט...

— דאס קען מען נישט—האט איהם הרהור איבער-געהאקט די ווערטער — דער מלוכה שטעהט נישט פאר קיין שום אונגליק, נאר פרעה'ן אליין... צווייטענס טאר מען פון דעם שאץ נישט ריהרען, ווארום ווען מען וועט נאר אנהויבען עפעס צו נעהמען, וועט פון איהם שוין גאר נישט בלייבען...

אויסער דעם, וועמען וועלען מיר שטיצען מיט דעם אוצר פון די געטער א׳ פון דער מלוכה?... אט דעם יונג, וועלכער האט פיינד די אמונה, מאכט שפל די כהנים און בונטעוועט דאס פאלק. ציי איז ער נישט ערגער פון אסר'ן?... אסר איז א בארבאר, אבער אונז שאדט ער דאך גאר נישט.

— דאס פאסט נישט פאר פרעה'ן, ער זאל זיך אפען, פאר אלע אין די אויגען אזוי פיהרען מיט יענעמס פרוי, באלד אין ערשטען טאג פון דער חתונה... האט זיך דער שופט אנגערופען.

—חברון ציהט איהם צו זיך — האט דער הויפטמאן הארטי געענטפערט.

— יערע פרוי ציהט צו זיך אלע מענער — האט דער

הויפטמאַן אמת-אוחו געענטפערט — דעם מענש איז אָבער געגעבען געוואָרען פערשטאַנד, ער זאָל נישט זינדיגען ...
— איז דען פרעה נישט אַ מאַן פון אַלע פרויען אין מצרים — האָט דער הויפטמאַן אַבּס געזאָגט — איבּריגענס געהערען די זינד צו דעם משפט פון די געטער און מיר דאַרפען נאָר טראַכטען וועגען דער מלוכה...
— ער איז געפעהרליך!...געפעהרליך!...—האָט געזאָגט דער הויפטמאַן אמת-אוחו, ציטערנדיג מיט די הענד און מיט די פיס — עס איז קיין שום ספק נישט, אַז דער המון איז שוין פערשיידט און באַלד וועט אויסבּרעכען אַ בּונט. און דאַן וועט קיין שום כהן-גדול און קיין שום הויפט-מאַן נישט האָבּען קיין מאַכט און מיט דעם לעבּען וועט מען נישט זיכער זיין...
— געגען דעם בּונט האָבּ איך אַ מיטעל — האָט זיך הרהור אָנגערופען.
— וואָס פאַר אַ מיטעל?
— קודם כל קען מען דעם בּונט אָבּהאַלטען, אויבּ מיר וועלען די קלוגערע פון המון זאָגען, אַז דער וואָס פערשפרעכט זיי הנחות, איז משוגע ...
— ער איז געווינדטער פון אַלע מענשען אונטער דער זון! — האָט געזאָגט דער הויפטמאַן האַטרי — מען דאַרף נאָר וועלען וויסען: וואָס פערלאַנגט ער?
— ער איז משוגע! משוגע!... — האָט מפרים געשריען — זיין בּרודער מאַכט זיך שוין פאַר אַ אַפע און שכּור'ט מיט די נידריגסטע מענשען צוזאַמען און ער וועט אויך אָנהויבּען אַזוי צו טהון ...
— צו זאָגען אויף אַ געזונדטען, קלוגען מענש, אַז

ער איז משוגע, איז זעהר א שלעכט מיטעל — האט דער הויפטמאן האטרי געזאגט — ווארום ווען דאס פאלק וועט דערזעהן, אז דאס איז ליגען, וועט מען אונז שוין גאר נישט גלויבען, און דאן וועט שוין קיין שום זאך נישט אבהאלטען דעם בונט.

— אויב איך זאג, אז רעמסס איז משוגע, ווייס איך דאך, וואס איך זאג — האט מפרים געענטפערט — און איצט הערט אוים...

די גרויסע לייט האבען זיך אביסעל אויפגעהויבען פון די בענק.

— זאגט מיר — האט מפרים ווייטער געזאגט — צי וועט א מענש מיט א געזונדטען פערשטאנד, זייענדיג א קרוינפרינץ, קעמפען עפענטליך מיט א אקס אין די אויגען פון עטליכע טויזענד אזיאטען? צי וועט א פערשטענדיגער קרוינפרינץ פון מצרים זיך שלעפען אין א בית-מקדש פון די פעניציאנער... צי וועט ער מאכען פאר א שקלאפין זיין ערשטע פרוי? און טאקי דאס איז דאך געווען די סבה פון איהר טויט און פון זיין קינדס טויט!...

אלע האבען געציטערט פון שרעק הערענדיג די ווערטער.

— דאס אלעס — האט דער כהן-גדול ווייטער געזאגט — האבען מיר געזעהן אין פי-בושת. און דאס האבען מיר דאך אויך געזעהן, איך און מנטו-זופים, ווי דער קרוינפרינץ האט געשכורט און געלעסטערט די געטער, פערמעכט די כהנים...

— מיר האבען געזעהען און געהערט — האט זיך מנטו-זופית אנגערופען

— און ווי מײנט איהר — האָט מפרים װײַטער געזאָגט דערהיצענדיג זיך, וואָס אַ מאָל מעהר — צי ווערט אַ מענש, וואָס איז בײַם גלײַכען פערשטאַנד, זײַענדיג אַ הויפּטאָנפיה־רער פון אַ ארמעע — זיך יאָגען נאָך עטליכע באַנדיטען פון לוב?...

איך רעד שוין נישט פון קלענערע משוגעת׳ן, ווי למשל דאָס, וואָס ער וויל געבען די פויערען רוהע און ערד, איך פרעג אײַך אָבער, צו קען מען האלטען פאַר נישט משוגע אַ מענש, וואָס האָט אָבגעטהון אַזוי פיעל משוגעת׳ן אָהן שום נויטווענדיגקײַט, נאָר גלאַט אַזוי?...

אַלע האָבען געשוויגען. דער הויפּטמאַן האָטרי איז מבולבל געוואָרען.

— מען בעדאַרף דאָס אַלעס גוט בעטראַכטען — האָט דער העכסטער שופט געזאָגט — וואָרום עס קען פרעה׳ן געשעהן אַ גרויסע עולה.

הרהור האָט זיך אָבער אָנגערופען:

— דער הײליגער מפרים טהוט איהם אַ גרויסען חסד, בעטראַכטענדיג איהם פאַר אַ משוגענעם. וואָרום ווען מיר וואָלטען איהם נישט געהאַלטען פאַר משוגע, וואָלטען מיר איהם געמוזט בעטראַכטען אַלס אַ פעררעטהער...

אַלע זענען בעאונרוהיגט געוואָרען.

— יאָ. דער, וואָס הײסט רעמסס דער דרײַצעהנטער איז אַ פעררעטהער, וואָרום נישט נאָר שפּיאָנען און גנבים נעהמט ער זיך אָן, זײ זאָלען איהם ענטדעקען דעם וועג צו די אוצרות אין לאַבירינט, נישט נאָר ער וויל נישט אונ־טערשרײַבען דעם אָבמאַך מיט אשור, וועלכער איז אַזוי נויטווענדיג פאַר מצרים.

— אַ שווערע בעשולדיגונג! — האָט דער שופט געזאָגט.

— אָבער אויך דאָס, הערט אוים, וואָס איז זאָג, ער פיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט די פעניציאַנער וועגען גראָבען אַ קאַנאַל צווישען רויטען ים און מיטעללענדישען ים! דער קאַנאַל איז דאָס גרעסטע אונגליק פאַר מצרים, ווייל דורך איהם קאָן אונזער לאַנד יעדע מינוט פערפלייצט ווערען!...

דאָ האַנדעלט זיך שוין נישט וועגען די אוצרות פון לאַבירינט, נאָר וועגען אונזערע בית-מקדש, אונזערע הייזער, פעלדער. זעקס מיליאָנען, טאקי נארישע, אָבער אונשולדיגע מענשען און אויך וועגען אונזער לעבען פון אונזערע קינדער...

— אויב עס איז אַזוי!... — האָט האַטרי געזיפצט.

— איך און דער גרויסער מפרים פערזיכערן, אַז אַזוי איז און אַז דער מענש האָט אין זיינע הענד פערזאַמעלט אַזוי פיעל געפאַהרען, וועלכע מצרים איז נאָך קיינמאָל נישט פאַרגעשטאַנען... דאַדורך האָבען מיר אייך פערזאַמעלט, גרויסע לייט, איהר זאָלט בעטראַכטען די מיטלען פון רעטונג... מיר מוזען אָבער ווירקען גיך, וואָרום ער ווירקט אויך געשווינד, ווי אַ שטורם-ווינד פון אַ מדבר און הלואי זאָלען מיר קענען נאָך עפּעס ווירקען!...

— וואָס קען מען דאָ טהון? — האָט זיך אמת-אוחו אָנגערופען—מיר זיצען זיך אין אונזערע פראָווינצען, ווייט פון הויף און מיר ווייסען נישט, וואָס דער משוגע'נער פרעה וויל טהון, מיר קענען נאָר נישט גלויבען, אַז ער וויל אַזוי טהון, ווי איהר זאָגט...

דאַדורך מײן איך, אַז אַמבעסטען איז צו לאָזען די װאַך דיר, גרױסער הרהור, צוזאַמען מיט דעם גרױסען מפרים. איהר האָט ענטדעקט די קרענק, ענטדעקט איצט די רפואה... און אויב איהר װילט אויף זיך אַלײן נישט נעהמען די פֿעראַנטװאָרטליכקײט, נעהמט זיך צו הילף דעם העכסטען שופט...

— יאָ! יאָ!... אמת זאָגט ער!... האָבען געזאָגט די איבריגע לײט.

מנטי-זופית האָט אָנגעצונדען אַ שטאָלקאַץ און אויף דעם טיש, פֿאַר דעם בילד פֿון זײער גאָט, האָט ער נידערגעלעגט אַ פּאַפּירוס. אויף װעלכען מען האָט געשריבען אַ אַקט, אַז װײל די מלוכה איז אין אַ סכנה געהט איבער די מאַכט פֿון דעם געהײמס-ראַטה — צו הרהור'ן, װעלכען עס װערען צוגעגעבען צו הילף: מפרים און דער העכסטער שופט.

דער אַקט איז אונטערגעשריבען געװאָרען דורך אַלע פֿערזאַמעלטע, אַרײנגעלעגט געװאָרען אין אַ פּושקע און בעהאַלטען געװאָרען אונטער דעם מזבח.

אויסער דעם האָט זיך יעדער פֿון די אַלע זיבען גרױסע לײט מחייב געװען מיט אַ שבועה, אַז ער װעט אויספֿיהרען אַלע בעפֿעהלען פֿון הרהור'ן און אַרײנברענגען אין דער פֿערשװערונג 10 אַנדערע גרױסע לײט. הרהור האָט פֿערשפּראָכען צו צושטעלען בעװײז, אַז אשור פֿערלאַנגט דורכאויס, אַז דער אָבמאַך זאָל געשלאָסען װערען, אַז פּרעה װיל דעם אָבמאַך נישט אונטערשרײבען, אַז ער פֿיהרט אונטערהאַנדלונגען מיט די פֿעניציאַנער װעגען דעם קאַנאַל און אַז ער װיל זיך אַרײננגב'ענען אין לאַבירינט.

— מײַן לעבען און מײַן כבוד איז אין אײַערע הענד — האָט הרהור דאָן געזאָגט — אויב דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט איז נישט אמת, זאָלט איהר מיך פער'משפט'ן צום טויט און מײַן קערפּער זאָלט איהר פערברענען...

איצט איז שוין קײנער נישט מסופק געװען, אַז דער כהן־גדול זאָגט אמת. קײן שום מצרי װאָלט דאָך דאָס נישט אײַנגעשטעלט, אַז זײַן קערפּער זאָל פערברענט װערען און זײַן נשמה זאָל אַ סוף האָבען...

עטליכע טאָג נאָך דער חתונה, איז טוטמאָזיס פער־בליבען אין געזעלשאַפט פון חברון, אין דעם פּאַלאַץ, װעלכען פּרעה האָט איהם געגעבען. יעדען אָװענד איז ער אָבער געקומען אין די קאַזאַרמעס פון דער גװאַרדיע, װאו ער האָט זעהר לוסטיג פערבראַכט די נאַכט אין געזעלשאַפט פון אָפיצירען און טענצערינס.

פון דער אױפפיהרונג האָבען זיך זײַנע חברים משער געװען, אַז טוטמאָזיס האָט חתונה געהאַט מיט חברון נאָר צוליעב איהר נדן און דאָס האָט גאָר קײנעם נישט געװאונ־דערט.

נאָך פינף טעג איז טוטמאָזיס געקומען צו פּרעה'ן און האָט איהם געזאָגט, אַז ער קען שוין צוריק אָנגעהמען זײַן דיענסט. יפון דאַמאָלס אָן האָט ער זײַן פרוי בעזוכט נאָר בײַ טאָג, און די נעכט האָט ער פערבראַכט אויף דער װאַך נעבען פּרעה'ס פּאַלאַץ.

אַ מאָל אין אָװענד, האָט פּרעה צו איהם געזאָגט:

— דער פּאַלאַץ האָט אַזױ פיעל װינקעלעך צום אונ־טערקוקען און אונטערהאָרכען, אַז מײַן יעדע טעטיגקײַט װערט נאָכגעשפּירט. אַפילו מײַן געעהרטע מוטער הערט

אָפּט עָפּעָס געָהיימעָ שטימעָן, ווי זי האָט אַמאָל שוין געָפלעָגט הערעָן, נאָר אין מעָמפיס, ווען איך האָב ארויסגעָטריבעָן די כהנים, האָבעָן זיי אויפגעָהערט.

אזוי אַרום — האָט פּרעה וויַיטעָר געָזאָגט — קעָן איך קיינעָם נישט אָננעָהמעָן ביי זיך, נאָר איך מוז ארויס פון פּאלאַץ און אין אַ זיכעָר אָרט זיך בעָראַטעָן, מיט מיינעָ דינעָר.

— צי זאָל איך געָהן מיט דיר? — האָט טוטמאָזיס געָפרעָגט, זעָהעָנדיג, אַז פּרעה וויל נעָהמעָן זיין מאַנטעָל.

— ניין, דו מוזט דאָ בלייבעָן און היטעָן, אַז קיינעָר זאָל נישט אַריינגעָהן אין מיינעָ צימעָרעָן. קיינעָם זאָלסט דו נישט אַריינלאָזעָן, אַפילו מיין מוטעָר און אַפילו דעָם שאָטעָן פון מיין היילעָגעָן פאָטעָר זאָלסט דו נישט אַריינלאָזעָן... דו זאָלסט זאָגעָן, אַז איך שלאָף און וויל זיך מיט קיינעָם זעָהן.

— אזוי ווערט זיין ווי דו האָסט געָזאָגט — האָט טוטמאָזיס געָענטפערט, דערלאַנגעָנדיג פּרעה'ן דעָם מאַנטעָל מיט'ן קאַפּטאָר.

דעָרנאָך האָט ער פעָרלאָשעָן די ליכט אין שלאָפצימעָר. און פּרעה איז אַרויסגעָגאַנגעָן מיט אַ זייטיגעָן קאָרידאָר.

אַרויסקומעָנדיג אין גאָרטעָן, האָט זיך רעמסס געָשטעָלט און אַרומגעָקוקט זיך אין אומגעָגעָנד. דעָרנאָך איז ער גיך געָגאַנגעָן צו דעָם פּאַלאַצעָל, וועלכעָס ער האָט געָגעָבעָן טוטמאָזיס'ן.

נאָך עטליכעָ מינוטעָן, ווען ער איז געָוועָן אין אַ בעָשאָטעָנטעָ אַלעָע, האָט זיך איינעָר געָשטעָלט פאַר איהם און געָפרעָגט:

— ווער געהט ?

— נביא! — האט פרעה געענטפערט —

— ליביא — האט דער פרעגענדער געזאגט און זיך פלוצלונג צוריקגערוקט מיט שרעק.

דער פרעגענדער איז געווען א אפיציר פון דער גווארדיע. פרעה האט זיך איהם גוט איינגעקוקט און דער־נאך האט ער אויסגעשריען:

— עינן!... וואס טהוסט דו דא

— איך געה ארום אין די גערטנער, יעדע נאכט געה איך דורך די גערטנער, ווארום גנבים פערגנב'ענען זיך ארײַן.

פרעה האט א ווײַלע געטראכט און געזאגט:

— זעהר גוט טהוסט דו. געדענק אבער, אז די ערשטע פליכט פון א גווארדיסט איז צו שווײַגען... א גנב קענסט דו פערטרײַבען, אבער ווען דו וועסט בעגעגנען עפעס א גרויסע פעריזע־ליכקײַט, זאלסט דו זי נישט פער־האלטען. שווײַגען דארפסט דו, נאר שווײַגען... ווען אפילו די פערזענליכקײַט זאל זײַן דער כהן־גדול הרהור אליין!...

— א, הערשער מײַנ׳ר!... — האט עינן אויסגע־שריען — הײם מיך נאר נישט אבנעמען כבוד בײַ נאכט הרהור'ן, אדער מפריס'ן!... איך ווײס נישט, צי מײַן שווערט וואלט זיך נישט אליין ארויסגעריסען פון דער שייד. ווען איך וואלט זיי דערזעהן...

רעמכס האט געשמײכעלט.

— דײַן שווערט איז מײַנער — האט ער געענט־פערט — און נאר דאן קאן ער ארויס פון דער שייד, ווען איך וועל הײסען...

ער האט געשאקעלט מיט׳ן קאפּ צו עינג׳ען און איז ווייטער געגאנגען.

א פיערטעל שטונדע האט פרעה געבלאָנזעט אויף די שטעגען און דערנאך איז ער אָנגעקומען צו א געהיים טהויער, וואס איז געוועזען פערבארגען צווישען בוימער. עס האט זיך איהם געדאכט, אז ער האט געהערט א שטיל גערויש און ער האט שטיל געפרעגט:

— חברון?

עס איז איהם נעגען געלאפען א פיגור אין א שווארצען מאנטעל, ווי דער, וועלכען ער האט געהאט אויף זיך. זי איז ארויפגעפאלען אויף איהם און זיך אָנגעהאנגען אָן זיין האלז, זאגענדיג שטיל:

— דו ביסט דאס, הערשער מיינער?... דו ביסט דאס?... ווי לאנג האב איך געווארט!...

פרעה האט דערשפירט, אז זי רוקט זיך ארויס פון זיינע ארעמס און דאדורך האט ער זי גענומען אויף דער האנד און אריינגעטראגען אין דער אלטאנע. אין דער מינוט איז פון איהם אראבגעפאלען דער מאנטעל. רעמסס האט דעם מאנטעל געצויגען צו זיך און דערנאך האט ער איהם איבערגעלאזט.

צומארגענס האט די מלכה ניקאטריס גערופען צו זיך טוטמאזיס׳ן. קוקענדיג אויף איהר, האט זיך טוטמאזיס דערשראקען. זי איז געוועזען שרעקליך בלאס, איהרע אויגען זענען געוועזען איינגעפאלען און האבען זיך געדרעהט אין אלע זייטען.

— זיץ! — האט זי צו איהם געזאגט, ווייזענדיג איהם א שטוהל נעבען איהר פאטעל.

טוטמאָזיס האָט זיך צוריקגעהאַלטען.

— זיי!... און... שווער מיר, אַז קיינעם וועסט דו נישט דערציילען, וואָס איך וועל דיר זאָגען...

— ביי דעם שאָטען פון מיין פאָטער שווער איך דיר... — האָט ער געזאָגט.

— הערד — האָט די מלכּה שטיל געזאָגט — איך בין צו דיר שטענדיג געווען ווי אַ מוטער. ווען דו וואָלסט אויסגעגעבען דעם סוד, וואָלטען די געטער בעשטראָפט... מיך... זיי וואָלטען אויף דיין קאָפּ אַרויפגעוואָרפען נאָך אַ טהייל פון די אונגליקען, וועלכע הענגען איבער מיין דור...

טוטמאָזיס האָט זיך זעהר געוואונדערט.

— זי איז משוגע?..." — האָט ער זיך געקלערט מיט שרעק.

— קוק אויף דעם פענסטער — האָט זי ווייטער געזאָגט — אויף דעם בוים. — ווייסט דו, ווען איך האָב היינט ביי נאַכט געזעהן אויף דעם בוים, הינטער דעם פענסטער?

— צו איז פון טעבּי געקומען דער ברודער פון הייליגען פּרעה?...

— נישט יענער! — האָט זי געזאָגט, שלאָבצענדיג — ער אַליין, מיין רעמסס, איז געווען אויף דעם בוים...

— אויף דעם בוים?... היינט ביי נאַכט...

— יאָ!... די ליכטיגקייט פון שטאַלקאַץ איז גוט געפאַלען אויף זיין פּנים און געשטאַלט... ער האָט געהאַט אויף זיך אַ קאַפּטאַן אין ווייסע אין בלויע שטרייפען... משוגע'נע בליקען... ער האָט געלאַכט ווילד, ווי יענער,

זיין אונגליקליכער ברודער און ער האט געזאגט: „זעה מוטער, איך קען שוין פליהען, שת, רעמסס דער גרויסער און חעאפס האבען נישט געקענט פליהען און איך קען יא פליהען... זעה, וואס פאר פליגעל עס זענען מיר ארויסגעוואקסען!...“

ער האט צו מיר אויסגעצויגען זיין האנד, זיין פנים, וועלכעס איז געוועזען בעגאסען מיט קאלטען שווייס... דערנאך האט ער זיך אראבגעלאזט פון בוים און ער איז אנטלאפען...

טוטמאזיס איז דערשראקען געווארען, הערענדיג די ווערטער. פלוצלונג האט ער זיך א קלאפ געטהון אין שטערן.

— דאס איז נישט געוועזען רעמסס! — האט ער געזאגט — דאס איז געוועזען דער, וועלכער איז זעהר ענהליך צו רעמסס'ן, דער נידערטרעכטיגער גרעק, ליקאן, וועלכער האט געהרג'עט זיין זוהן און היינט געפינט ער זיך אונטער די מאכט פון די כהנים־גדולים... דאס איז נישט געוועזען רעמסס!... דאס האבען איינגעארדענט די נידערטרעכטיגע הרהור און מפרים...

אויף דעם פנים פון דער מלכה האט געבלאנקט א האפנונג, אבער נאר א קורצע וויילע.

— וואלט איך דען מיין זוהן נישט דערקענט?...

— ליקאן איז זעהר ענהליך צו פרעה'ן — האט טוטמאזיס געזאגט — דאס איז א קונץ פון די כהנים... נידערטרעכטיג זענען זיי!... דער טויט איז נאך א צו ליינע שטראף פאר זיי...

— פרעה האט די נאכט געשלאפען אין דער היים? —

האָט די מלכּה פּלוצלונג געפֿרעגט.

טוטמאָזיס איז מבולבל געוואָרען און האָט אַראָפּ־געלאָזט די אויגען.

— ער האָט נישט געשלאָפֿען אין דערהיים?...

— ער האָט געשלאָפֿען... — האָט טוטמאָזיס גע־זאָגט מיט אַ נישט זיכערע שטימע.

— דו זאָגסט ליגען!... — זאָג מיר אָבער אמווע־ניגסטענס, צי ער האָט נישט געהאַט אויף זיך אַ קאַפּטאַן אין ווייסע און בלויע שטרייפֿען?...

— איך געדענק נישט... — האָט טוטמאָזיס שטיל געזאָגט.

— דו זאָגסט ווידער ליגען... און דער מאַנטעל... זאָג צו דאָס איז נישט געווען דער מאַנטעל פֿון מיין זוהן... מיין שקלאַף האָט איהם געפֿונען אויף דעם זעלבען בוים...

די מלכּה האָט זיך אויפֿגעהויבען און האָט אַרויסגע־נומען פֿון דעם קאַסטען אַ ברוינעם מאַנטעל מיט אַ קאַפּ־טאַר. טוטמאָזיס האָט זיך דערמאָהנט, אַז פּרעה איז צוריקגעקומען האַלבע־נאַכט אָהן דעם מאַנטעל און ער האָט זיך פֿערטיידיגט פֿאַר איהם, אַז דער מאַנטעל איז איהם פֿערשוואונדען געוואָרען ערגעץ אין גאָרטען...

ער האָט זיך אַ ווײַלע צוריקגעהאַלטען, געטראַכט און ענדליך האָט ער געזאָגט מיט פֿעסטקייט:

— ניין, מלכּה!... דאָס איז נישט געווען פּרעה... דאָס איז געווען ליקאָן און די כּהנים האָבען אזא קונץ גע־מאַכט... באַלד מוז מען דאָס פּרעה'ן דערצעהלען...

— און אויב דאָס איז יאָ געווען רעמסס?...—האָט די מלכּה ווידער געפֿרעגט, חאָטש אין איהרע אויגען האָט

מען שוין געזעהען אַ פּונק פון האָפנונג.

טוטמאָזיס האָט שוין איצט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך משער געווען, אַז דאָס האָט געמוזט זיין ליקאָן... עס איז דאָך אָבער אויך מעגליך געווען, אַז די מלכה האָט יאָ געזעהן רעמפס׳ן. ער איז דאָך צוריקגעקומען אין זיין וואָהנונג נאָך האַלבע נאַכט, ער האָט געהאַט אויף זיך אַ קאַפּטאַן און ווייסע און בלויע שטרייפען, ער האָט דעם מאַנטעל פערלוירען... זיין ברודער איז דאָך געווען משוגע און.— קען דען אַ מוטער האָבען אַ טעות?...

ווען טוטמאָזיס האָט אָנגעהויבען מסופּק צו זיין, האָט די מלכה אָנגעהויבען זיכערער צו ווערען, אַז דאָס איז ניט געווען רעמפס.

— גוט, וואָס דו האָסט מיך דערמאָהנט אָן ליקאָנ׳ען... איך געדענק!... דורך ליקאָנ׳ען, האָט מפרים חושד געווען מיין זוהן, אַז ער האָט זיין אייגען קינד געהר׳געט, און היינט — בענוצט ער זיך אודאי מיט דעם נידערטרעכטיגען ליקאָן, אום מיין זוהן צו בעשמוצען...

יעדענפאַלס זאָלסט דו קיינעם ניט דערצעהלען דאָס, וואָס איך האָב דיר אָנגעטרויעט... ווען רעמפס וואָלט טאַקי משוגע געווען, קען זיין, אַז דאָס וועט פאַראיבערגעהן... מען טאָר אָבער זאָלכע זאַכען ניט דערצעהלען... און אויב די כהנים האָבען איהם אַזאַ קונץ געמאַכט, מוזען מיר אויך פאָרזיכטיג זיין... חאָטש מענשען, וואָס האָבען שוין ניט קיין אנדערן וועג, נאָר אַזעלכע קונצען צו מאַכען, זענען אודאי שוין ניט שטאַרק...

— איך וועל דאָס גוט אויספאָרשען—האָט טוטמאָזיס

געזאָגט — אָבער ווען איך ‏עָל זיך איבערצייגען...

— נאָר רעמסס'ן זאָלסט דו נישט זאָגען... איך בע־שווער דיך אָן די שאָטענס פון די אבות!...—האָט די מלכה אויסגעשריגען — פרעה וואָלט זיי נישט מוחל געווען, ער וואָלט זיי איבערגעגעבען דעם געריכט און דאָן וואָל־טען געמוזט אָנקומען צוויי אונגליקען... אָדער מען וואָלט פערמשפט צום טויט צוויי כהנים, אָדער דאָס געריכט וואָלט זיי פריי געמאַכט... און וואָס וואָלט דערנאָך געוואָרען?...

ליקאָנ'ען זאָלסט דו אָבער אויסווכען און הרג'ענען אָהן רחמנות, ווי א ווילדע חיה... ווי א בייזע שלאַנג... ווי א בייזע שלאַנג...

טוטמאָזיס האָט זיך געזעגענט מיט דער מלכה, חעלבע האָט זיך בערוהיגט, חאָטש ער איז געווען זעהר בעזאָרגט...

„אויב דער נידערטרעכטיגער גרעק ליקאָן וואָלט נאָך געלעבט, טראַכט דעם, וואָס ער זיצט אין דער תפיסה פון די כהנים — האָט ער זיך געטראַכט — וואָלט ער אודאי בעסער ענטלאָפען, ווי געקראָכען אויף בוימער און זיך גע־וויזען דער מלכה... איך אליין וואָלט איהם לייכט געמאַכט דאָס ענטלויפען און איהם בעשיט מיט רייכטהום, ווען ער וואָלט מיר געזאָגט דעם אמת און געזוכט שוץ געגען די רוצחים... אָבער פון וואַנען נעהמט זיך דער קאַפּטאַן, דער מאַנטעל?... פאַר וואָס וואָלט זיך זיין מוטער געזאָלט טועה זיין?..."

פון דאמאָלס אָן האָט טוטמאָזיס זיך דערווייטערט פון פרעה'ן, און ער האָט איהם נישט געקענט קוקען אין די

אויגען. און ווייל רעמסס איז אויך געווען עפעס נישט פרעהליך, האט זיך געדאכט, אז זייערע הערצליכע בעציהונגען זענען אבגעקיהלט געוואָרען.

א מאָל, אין אָווענד, האט פרעה ווידער גערופען צו זיך טוטמאָזיס'ן.

— איך מוז מיט חירום'ען רעדען וועגען וויכטיגע ענינים, דאדורך געה איך אוועק—האט ער געזאָגט — היט דאָ, ביי מיין שלאָף-צימער, און ווען עס וואָלט זיך עמיץ געוואָלט זעהן מיט מיר, זאָלסטו איהם נישט אריינלאָ'ען...

ווען רעמסס איז פערשוואונדען געוואָרען אין די געהיימע קאָרידאָרען פון דעם פאלאץ, איז טוטמאָזיס אונרוהיג געוואָרען.

„אפשר—האט ער געטראכט- האבען איהם די כהנים פערסמ'ט מיט עפּעס א משוגעת-סם, און ער, שפירענדיג, אז דאָס משוגעת קומט אָן, ענטלויפט ער פון זיין הויז?.. הא, מיר וועלען זעהען!...

און ער האט טאקי געזעהן. פרעה איז צוריקגעקומען נאָך האלבער נאכט אין זיינע צימערען, און ער האט געהאט אויף זיך א מאנטעל, אָבער נישט זיינעם, נאָר... א סאָלדאטען-מאנטעל...

טוטמאָזיס איז דערשראָקען געוואָרען און האט נישט געשלאָפען ביז אין דער פריה, ווארטענדיג אויף א נייע איינלאדונג פון דער מלכה. די מלכה האט איהם אָבער נישט איינגעלאדען, נאָר דער אָפיציר עינן האט איהם געבעטען, ער זאָל א מינוט מיט איהם שפרעכען.

ווען טוטמאָזיס מיט עינן'ען זענען געווען אליין אין א צימער, איז עינן געפאלען אויף זיינע קניען פאר טוטמאָ-

זיס׳ן, בעטענדיג איהם, ער זאָל קיינעם נישט דערצעהלען, וואָס ער וועט איהם זאָגען.

— וואָס איז געשעהן?... — האָט טוטמאָזיס געפרעגט, שפּירענדיג, אז עס ווערט איהם קאַלט אין האַרץ...

— אָנפיהרער! — האָט עינן געזאָגט — נעכטען האָב איך געזעהן אין גאָרטען אַ מענש, וואָס איז געלאָפען נאַקעט און געשריען מיט אַ אונמענשליכע שטימע...

מען האָט דעם מענש געבראַכט צו מיר, און, אָנפיהרער... הרג׳ע מיך!...

עינן איז געפאַלען טוטמאָזיס׳ן צו די פיס.

דער נאַקעטער מענש, דער נאַקעטער... איך קאָן דיר נישט זאָגען...

— ווער איז דאָס געוועזען? האָט טוטמאָזיס געפרעגט מיט שרעק.

— איך וועל שוין גאָר נישט זאָגען... — האָט עינן געזיפצט — איך האָב אַראָבגענומען מיין מאַנטעל און בעדעקט די הייליגע נאַקעטקייט... איך האָב איהם געוואָלט אָבפיהרען אין פּאַלאַץ, ער האָט מיך אָבער געהייסען בלייבען און שווייגען... שווייגען!...

— און וואוהין איז ער געגאַנגען?...

— איך ווייס נישט... איך האָב נישט געקוקט און נישט ערלויבט די סאָלדאַטען קוקען... ער איז ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען אין דער געדיכטקייט פון גאָרטען... איך האָב בעפאָהלען מיינע מענשען, אז... זיי האָבען גאָר נישט געזעהען... גאָר נישט געהערט... און ווען ווער וואָלט עפּעס געזעהן אָדער געהערט, וועט ער באַלד דערוואָרגען ווערען...

טוטמאַזיס האָט זיך אָבער דערווײַל בעהערשט.

— איך ווײס נישט — האָט ער קאַלטבלוטיג געזאָגט — איך ווײס נישט און איך פערשטעה נישט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. געדענק אָבער דאָס, אַז — איך אַלײן בין געלאָפען נאַקעט, ווען איך האָב צופיעל ווײַן געטרונקען און איך האָב זעהר גוט בעלאָהנט די, וועלכע האָבען מיך נישט געזעהען לויפען נאַקעט.

פויערען און אַרבײַטער געהען שטענדיג נאַקעט. גרויסע לײַט געהען נאַקעט, ווען זײ ווילען. און ווען איך, אָדער אַ אַנדערער פון די גרויסע לײַט וואָלטען חשק בעקומען צו שטעהן אויפ'ן קאָפ, וואָלט זיך אַ קלוגער אָפיצער נישט בעדאַרפט צו וואונדערן.

— איך פערשטעה! — האָט עינן געענטפערט — קוקענדיג טוטמאָזיס'ן שאַרף אין די אויגען — איך וועל דאָס זאָגען מײַנע סאָלדאַטען און נאָך הײַנט בײַ נאַכט וועל איך געהן נאַקעט אין די גערטנער, אום זײ זאָלען ווײסען, אַז עלטסטע מעגען טהון, וואָס זײ ווילען...

חאָטש גאָר וועניג מענשען האָבען געזעהן פרעה'ן, דאָס הײַסט אײַגענטליך: דעם גרעק ליקאָן, געהן נאַקעט, דאָך איז מען באַלד אין גאַנץ מצרים געוואָהר געוואָרען, אַז דער יונגער פרעה איז משוגע געוואָרען. וואַסערטרעגער, סוחרים און שרײַבער האָבען געשמועסט צווישען זיך, אַז רעמסס דער דרײַצעהנטער איז משוגע, ווי זײַן ברודער...

די אימה און דער כבוד, וואָס מען האָט געהאַט פאַר פרעה'ן, האָבען נישט ערלויבט הויך צו רעדען וועגען דעם, בפרט צווישען פרעמדע און דאָך האָבען אַלע פון דעם

געוואוסט, אלע, אויסער פרעה'ן.

דאס, וואס מען איז אין דער גאנצער מלוכה באלד געוואהר געווארען פון דעם, איז געוועזן א בעווייז, אז די קלאנגען זענען פערברייט געווארען דורך די כהנים, ווארום נאר זיי האבען געהאט א מיטעל פונאנדער צו שיקען אז צו ערהאלטען ידיעות פון איין עק מצרים ביז'ן אנדערען עק אין משך פון עטליכע שטונדען.

טוטמאזיס'ן האט קיינער דאס נישט געזאגט, געשפירט האט ער אבער אויף יעדען טריט, אז יעדער ווייס שוין פון דעם אונגליק, יעדער, די דיענסטשאפט, שקלאפען, סאלדאטען, סוחרים. אלע האבען דערפון געשמועסט און אויפגעהערט צו שמועסען פון דעם האבען זיי נאר, ווען זיי האבען דערזעהן עפעס א העכערן...

טוטמאזיס האט נישט געוואוסט, וואס ער האט צו טהון. ענדליך האט ער בעשלאסען צו רעדען וועגען דעם מיט דעם הויפטמאן פון טעבי.

אריינקומענדיג אין דעם פאלאץ, האט טוטמאזיס געטראפען אנטעפ'ן ליגענדיג אויף א קאנאפע אין א צימער, וואס זיינם א העלפט איז געוועזן ווי א גארטען, פול מיט זעלטענע געוואוקסען. אין מיטען האט געשפריצט שמעקענדיג וואסער פון א פאנטאן; אין ווינקעלעך זענען געשטאנען בילדער פון געטער. אויף די ווענד איז געוועזן געמאלט די געשיכטע פון דעם הויפטמאן. צו קאפענס איז געשטאנען א שווארצער שקלאף און האט געקיהלט זיין הערר מיט א פעכער פון שטרויספויגעל; אויף דער פאדלאגע איז געלעגען דער שרייבער פון דער פראווינץ און האט געלעזען א ראפארט.

טוטמאָזיִס האָט אויסגעזעהן אַזוי בּעזאָרגט, אַז דער הויפּטמאַן האָט בּאלד אַרויסגעשיקט פוּן זיך דעם שרײַבּער און דעם שקלאַף, און אויפהויבּענדיג זיך פוּן דער קאַנאַפּע האָט ער זיך גוט אוּמגעקוקט אין אַלע ווינקעלעך, אום צוּ זעהן, צי עס האָרכט ווער נישט אונטער.

— גרויסער פאָטער פוּן מײַן שעהנע און ליעבּע פרוי חברון — האָט טוטמאָזיס געזאָגט — אָן דײַן האַלטונג דערקען איך, אַז דוּ ווייסט, ווענען וואָס איך וויל מיט דיר שמוּעסען...

— דער הויפּטמאַן פוּן טעבּי מוּז שטענדיג זײַן פאָרזיכטיג — האָט אַנטקעגען געענטפערט — איך בּין זיך משער, אַז אויבּ דער הויפּטמאַן פוּן דער גוואַרדיע פוּן הײליגען פּרעה בּעעהרט מיך מיט זײַן בּעזוך, האָט ער אוּדאי צוּ מיר אַ וויכטיגען אינטערעס.

בּײדע האָבּען זיך אַ ווײַלע געקוקט אין די אויגען. ענדליך האָט זיך טוטמאָזיס געזעצט נעבּען זײַן שווער און געזאָגט שטיל:

— האָסט דוּ געהערט די נידערטרעכטיגע קלאַנגען, וועלכע די פײַנד פוּן דער מלוכה פערבּרײטען ווענען אונזער הערשער?

— אויבּ עס האַנדעלט זיך ווענען מײַן טאָכטער חברון — האָט זיך אָנגערופען דער הויפּטמאַן — זאָג איך דיר, אַז הײַנט בּיסט דוּ איהר הערר און צוּ מיר קענסט דוּ קײַן שום טענה נישט האָבּען...

טוטמאָזיס האָט געמאַכט מיט דער האַנד.

עפּעס רשעים — האָט טוטמאָזיס ווײַטער געזאָגט —

פערברייטען קלאנגען, אז פרעה איז משוגע... האסט דו דאס געהערט?...

אנטעף האט געשאקעלט מיטן קאפ און געזאגט:

— נארישקייט איז אזוי גרויס, ווי דער ים, אלעס קען עס אין זיך ארייננעהמען.

— דאס איז נישט קיין נארישקייט, נאר א שרעקליך פערברעכען פון די כהנים, וועלכע האבען ביי זיך איינעם, וואס איז ענליך צום הייליגען פרעה און זיי בעניצען זיך מיט איהם צו זייערע נידערטרעכטיגע צוועקען.

און ער האט דעם הויפטמאן דערצעהלט די מעשה מיט דעם גרעק ליקאן, ווי אויך זיין רציחה אין פי-בושת.

— פון דעם גרעק ליקאן, וועלכער האט געהרג'עט דאס קינד פון דעם קרוינפרינץ, האב איך געהערט — האט אנטעף געזאגט — אבער וואו האסט דו א בעווייז, אז מפריס האט פערהאלטען ליקאנ'ען אין פי-בושת, אז ער האט איהם געבראכט קיין טעבי און אז ער לאזט איהם אריין אין די קעניגליכע גערטנער, אום ער זאל זיך דארט מאכען משוגע, כדי מען זאל מיינען, אז פרעה איז משוגע?...

— טאקי דאדורך פרעג איך דיך: וואס האב איך צו טהון?... איך בין דאך א הויפטמאן פון דער גווארדיע און איך בין מחויב צו היטען דעם כבוד און די זיכערהייט פון אונזער הערשער,

— וואס דו האסט צו טהון?... וואס דו האסט צו טהון?...— האט אנטעף געזאגט — קודם כל מוזט דו אפ-היטען, אז די קלאנגען זאלען נישט אנקומען צו פרעה'ן...

— פאר וואס?

— ווארום אויב ער וועט דאס געוואהר ווערען, וועט

געשעהן א גרויס אונגליק. ווען אונזער הערר וועט געוואָהר ווערען, אז ליקאָן מאכט זיך משוגע, אום מען זאל זאָגען, אז ער איז משוגע, וועט איהם בעהערשען א כעס, א שרעק־ליכער כעס!... נאַטירליך וועט ער וועלען בעלוינען הרהור'ן און מפרים'ן... אפשר וועט ער זיי נאָר אויסזידלען, אפשר וועט ער זיי הייסען אַרעסטירען, אפשר וועט ער זיי גאָר הייסען הרג'ענען... וואָס ער וועט אָבער טהון, וועט ער טהון אָהן שום בעוויַיז... און וואָס וועט זיין דערנאָך?... אין מצרים האָט מען שוין איצט נישט ליעב מקריב צו זיין קרבנות די געטער, אָבער פאַר כהנים, וואָס ווערען אונ־שולדיג בעשטראָפט, וועט מען זיך נאָך אָננעהמען... און וואָס וועט דאַן זיין... איך מיין, איך מיין — האָט ער געזאָגט צובויגענדיג זיך צום אויער פון טוטמאָזיס'ן — איך מיין, אז דאָס וועט שוין זיין א סוף פאַר דער דינאַסטיע.

— דאַן, וואָס האָב איך צו טהון?

— דו האָסט נאָר שטענדיג די אייגענע פראגע — האָט זיך אָנטעף געבייזערט — זוך אויס ליקאָנ'ען, דער זיי, אז מפרים און הרהור האָבען איהם בעהאַלטען און געהייסען זיך מאַכען משוגע... דאָס קענסט דו טהון, אויב דו ווילסט דיר פערדינענען פרעה'ס חסד... בעוויַיז, ווי אַמ־מעהרסטען בעוויַיז!... ביי אונז איז נישט אַשור. אָהן דעם העכסטען געריכט קען מען ביי אונז נישט בעשטראָפען קיין כהנים גדולים און דאָס העכסטע געריכט וועט זיי נישט פערמשפּט'ן אָהן בעוויַיז.

און ווי אַזוי קענסט דו זיכער זיין, אז מען האָט פרעה'ן נישט אונטערגערוקט עפּעס א סם. פון וועלכען ער איז טאַקי משוגע געוואָרען? אונטערצורוקען א סם איז דאָך

פשוט'ער, ווי ארויסצושיקן א מענש, וואס קען נישט דעם פאלאץ און נישט דעם גארטען... איך זאג דיר: ווענען ליקאנ'ען האב איך געהערט פון חירום'ען. איך פערשטעה אבער נישט, ווי אזוי ליקאן וואלט געקענט אזעלכעם מאכען אין טעבי...

— יא, יא! — האט איהם טוטמאזיס איבערגעהאקט די ווערטער — וואו איז חירום?

— באלד נאך דיין חתונה איז ער געפאהרען קיין מעמפיס, און אין די טעג איז ער שוין געווען אין חת.

טוטמאזיס האט זיך ווידער בעאונרוהיגט.

„די נאכט — האט ער זיך געטראכט — ווען מען האט צו עיננ'ען געבראכט דעם נאקעטען מענש, האט מיר פרעה געזאגט, אז ער געהט זיך זעהן מיט חירום'ען. און אז חירום איז נישט געווען אין טעבי, וואוהין איז ער געגאנגען? בכן האט פרעה שוין דאמאלס אליין נישט געוואוסט, וואוהין ער געהט, וואס ער רעדט!"

טוטמאזיס איז צוריקגעקומען צו זיך א מבילבל'דיגער. ער האט נישט געוואוסט, וואס ער האט צו טהון, און אויך נישט, וואס עס טהוט זיך. ווען ער האט גערעדט מיט דער מלכה ניקאטריס, איז ער זיכער געווען, אז אין די גערטנער איז געווען ליקאן, און איצט איז ער שוין אין דעם מסופק געווען.

טוטמאזיס, פרעה'ס בעליעבטער איז געווען מסופק, און אנדערע, פרעמדע, זענען געווען זיכער, אז פרעה איז משוגע. אפילו די בעסטע פריינד פון פרעה האבען געמוזט גלויבען, הערענדיג דאס פון אלע זייטען?

דאס איז געווען דער ערשטער קלאפ, וואס איז פרעה'ן

געגעבען געוואָרען דורך די כהנים. דער קלאַס פאַר זיך איז געווען קליין, דערפאַר זענען זיינע רעזולטאַטען געווען זעהר גרויס.

טוטמאָזיס האָט פון דעם אַלעם זעהר געליטען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער איז אַ קאָמענדאַנט פון אַ פעסטונג, וועלכעס ווערט אונטערגעגראָבען דורך אַ פיינד און ער שטעהט און קוקט צו, נישט האָבענדיג קיין מאַכט זיך געגען צו שטעלען.

אַ מאָל, בעגעגענענדיג זיך מיט שם'ן האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטען און האָט איהם גאַנץ אָפען געזאָגט:

— האָסטו געהערט, גרויסער כהן, וואָס מען שמועסט פון אונזער העררן?...

— פרעה איז יונג—האָט דער כהן-גדול געענטפערט— רעדט מען אויף איהם, וואָס מען וויל: מען קען דאָך איהם נאָך נישט דאָס געהער אָבער נישט צו מיר. איך פער-טרעט איהם אין דער דיענסט פון די געטער, איך טהו, וואָס איך דאַרף און דאָס איבריגע געהט מיך נישט אָן.

— איך ווייס, אַז דו ביזט אַ טרייער דיענער פון פרעה'ן — האָט טוטמאָזיס געזאָגט — און איך וויל זיך גאָר נישט מישען אין די סודות פון די כהנים. איך מוז דיר אָבער בעמערקען איין זאַך...

איך ווייס זיכער, אַז דער הייליגער מפרים האָלט ביי זיך אַ גרעק ליקאָן. וועלכער האָט ערמאָרדעט פרע'ס זוהן און איז זעהר ענליך צו פרעה'ן.

זאָל דער הייליגער מפרים נישט מבזה זיין דעם שטאַנד פון די כהנים און ווי מגינבסטען זאָל ער ארויסגעבען דעם

מערדער אין די הענד פון די שופטים. ווארום אויב מיר וועלען געפינען ליקאנ'ן, שווער איך דיר, אז מפרים וועט נישט נאר זיין אמט פערלירען. אבער אויך זיין קאפ וועט איהם אראבגעהאקט ווערען. אין אונזער מלוכה קען מען נישט שיצען קיין מערדער און האלטען ביי זיך א מענש, וואס איז ענהליך צום היילינגען פרעה!...

שם האט געוואוסט, אז די מעשה איז אמת. ווארום אין זיין געגענווארט האט מפרים צו זיך גענומען ליקאנ־ען. ער האט דאדורך מורא געהאט, אז מען זאל איהם נישט חושד זיין, אז ער האט א שותפות מיט מפרים'ן. דאך האט ער געענטפערט:

— איך וועל ווארנען מפרים'ן. איך וועל איהם זאגען, אז מען איז איהם חושד און ער קען דערפון זעהר פיעל ליי־דען... צי ווייסטו אבער, וואס פאר א פעראנטווארטליכ־קייט עס נעהמט אויף זיך דער, וואס בעשולדיגט א אנ־דערן?...

— איך ווייס, און איך נעהם אויף זיך די גאנצע פעראנטווארטליכקייט. בעאונרוהיגען זאל זיך נאר דער היי־ליגער מפרים און איך ווינש איהם, איך זאל נישט דארפען געגען איהם ארויסצוטרעטען, ווי א אנפיהרער פון מיליטער טרעט ארויס...

דער שמועס האט ארויסגעגעבען דעם רעזולטאט, אז פון דאמאלס אן האט מען שוין נישט געזעהן פרעהן קריכען נאקעט אין די גערטנער.

די קלאנגען האבען אבער נישט אויפגעהערט, און רעמסס דער דרייצעהנטער האט נישט געוואוסט וועגען זיי. אפילו טוטמאזיס האט איהם דאס נישט דערצעהלט, ווייל

ער האָט מורא געהאַט, אַז פרעה זאָל ניט צו שטרענג אַרויסטרעטען געגען די כהנים.

# דרייצעהנטעס קאַפּיטעל.

אין אָנפאַנג חודש פּאַאָפּי (יולי-אויגוסט) איז פרעה מיט דער מלכה ניקאָטריס און מיט זיין הויף צוריקגעקומען פון טעבי אין זיין פּאַלאַץ נעבען מעמפיס.

ווען ער איז שוין געוועזען נאָהנט צו מעמפיס, האָט ער געזאָגט צו טוטמאָזיס'ן:

— א וואונדערבארליכע ערשיינונג זעה איך... דאָס פאָלק פערזאַמעלט זיך אויף ביידע ברעגען אַזוי געדיכט, און אפשר נאָך געדיכטער, ווי דאַמאָלס, ווען מיר זע-נען געפאָהרען קיין טעבי און אויסגעשריען הערט מען ניט אַזעלכע ווי דאַמאָלס, שפּעלער פאָהרען אונז ניט נאָך אַזוי פיעל און בלומען ווארפט מען אונז ווייניג...

— א געטליכער אמת פליסט פון דיין מויל--האָט טוטמאָזיס געענטפערט — דאָס פאָלק זעהט טאַקי אויס, ווי עס וואָלט מיעד געוועזען. די מיעדקייט שטאַמט אָבער פון די גרויסע היצען...

— זעהר קלוג זאָגסט דו!...— האָט איהם פרעה גע-לויבט און ער איז אַביסעל פרעהליכער געוואָרען.

טוטמאָזיס האָט אָבער זיינע אייגענע ווערטער ניט געגלויבט. ער האָט געשפּירט, אַז די ליעבע פון פאָלק איז שוין אָבגעקיהלט געוואָרען. אַזוי האָט אויך געשפּירט די גאַנצע סוויטע פון הייליגען פרעה.

טוטמאָזיס האָט נאָר דאָס ניט געוואוסט, פאַרוואָס די ליעבע איז אָבגעקיהלט געוואָרען: צי צוליעב די קלאַנ-

נען וועגען פרעה׳ס שנעון צו צוליעב אנדערע סבות. דאס איז ער אבער זיכער געווען, אז שולדיג אין דעם זענען נאר די כהנים.

„אט דאס איז דער המון! — האט ער זיך געטראכט — פריהער האבען זיי זיך מוסר נפש געווען, אום צו קענען זעהען דעם היילינגען פרעה און היינט ווילען זיי שוין אפילו קיין געשריי נישט ארויסגעבען — צי האבען זיי שוין פערגעסען אן דעם זיבענטען רוהע־טאג, וועלכען פרעה וויל זיי געבען?... צי ווייסען זיי שוין נישט, אז פרעה וויל זיי געבען ערד?...״

באלד ווען פרעה איז צוריקגעקומען אין זיין פאלאץ, האט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז מען זאל פערזאמלען די דעלעגאטען, וועלכע זאלען בעשליסען, מען זאל נעהמען געלד פון די אוצרות פון לאבירינט, גלייכצייטיג האט ער בעפעהלען זיינע בעאמטע און דער פאליציע, זיי זאלען אנהויבען פיהרען א אגיטאציע נעגען די כהנים און פאר דעם זיבענטען רוהע־טאג.

אין נידריגערן מצרים האט זיך ווידער אנגעהויבען א קאכעניש. די פויערען האבען פערלאנגט נישט נאר רוהע־טעג, אבער אויך מען זאל זיי צאהלען פאר געזעלשאפטליכע ארבייט. די בעלי־מלאכות אין שענקען און אויף די גאסען האבען געזידעלט די כהנים, וועלכע ווילען בעגרעניצען די מאכט פון פרעהן. די צאהל פון די פערברעכער איז נעוואקסען, אבער די פערברעכער האבען זיך נישט געוואלט שטעלען פאר׳ן געריכט. די שרייבערס זענען ביי זיך געפאלען און קיינער פון זיי האט נישט געהאט די העזה צו שלאגען א פראסטען מענש, וויסענדיג, אז ער וועט

צוריק שלאָגען. אין די בית-מקדש'ס זענען וואָס אַ מאָל
ווענינער אָבגעגעבען געוואָרען קרבנות, די געטער, וועלכע
האָבען געהיטען די גרעניצען פון די פראָווינצען, זענען וואָס
אַמאָל מעהר בעוואָרפען געוואָרען מיט בלאָטע און אומ-
געוואָרפען געוואָרען.

אַ אימה איז געפאַלען אויף די כהנים, הויפטמענער
און זייערע נאָהנטע. אומזיסט האָבען די שופטים אויסגעשרי-
פען אויף די מאַרקען און אויף די וועגען, אַז לויט די
אַלטע געזעץ טאָר קיין שום פויער, בעל-מלאכה און
סוחר זיך נישט בעשעפטיגען מיט רכילות, וועלכע ציהט
אָב פון דער אַרבייט. דער המון האָט געלאַכט, הערענדיג
די ווערטער און בעוואָרפען די שופטים מיט פערפוילטע
פירות און קערנער פון טייטלען.

די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך אָנגעהויבען פערזאַמלען
אין פאַלאַץ און, ליגענדיג ביי די פיס פון פרעה'ן, האָט
זי איהם געבעטען, ער זאָל זיי רעטען.

— מיר זענען — האָבען זיי געשריען — אין אַ לאַגע,
ווי די ערד וואָלט זיך געעפענט אונטער אונז און ווי די
וועלט וואָלט זיך אונז געענדיגט! אַ בהלה איז געקומען און
אויב דו, הייליגער הערשער, וועסט אונז נישט ראַטעווען,
וועלען מיר באַלד מוזען אומקומען!...

— מיין שאַץ איז לעער, די אַרמעע איז קליין, די
פאָליציע בעקממט שוין לאַנג נישט איהר לויהן — האָט
פרעה געענטפערט — אויב איהר ווילט האָבען אַ דויער-
האַפטיגען שלום און זיכערהייט, מוזט איהר מיר צושטע-
לען געלד.

און דאָך, ווייל מיין קעניגליך האַרץ ווערט געפלאָגט

דורך אײַער אונרוה, װעל איך טהון, װאָס איך װעל קענען און איך האָף, אַז מיר װעט געלונגען די אָרדנונג צוריק אײַנצופיהרען.

דער הײַליגער פרעה האָט געהײַסען אױסשטעלען דאָס מיליטער אין די װיכטיגסטע פונקטען פון לאַנד. גלײַכ-צײַטיג האָט ער געשיקט אַ בעפעהל צו ניטאָגערין, ער זאָל איבערגעבען די מזרח-גרענעץ זײַן געהילף און ער אַלײַן מיט זײַנע פינף בעסטע פאָלקען זאָל מאַרשירען קײַן מעמפּיס.

פרעה האָט אַזױ געטהון נישט נאָר אום צו שיצען די אַריסטאָקראַטיע פאַר דעם המון, אָבער אױך אום צו האָבען בײַ זיך פיעל מיליטער, מיט װעלכען ער זאָל קענען אַרױסטרעטען, אױב די כהנים װעלען אונטערהעצען דעם העכערן מצרים און די פאָלקען, װעלכע געהערען צו די בית-מקדש'ס.

דעם צעהנטען פּאַאָפי האָט אָנגעהױבען צו הערשען אַ גרױסע בעװעגונג אין דעם קעניגליכען שלאָס און זײַנע אומגעגענדען. עס האָבען זיך צונױפגעקליבען דעלעגאַטען, װעלכע האָבען געװאָלט אַנערקענען פרעה'ן די רעכט צו נעהמען געלד פון לאַבירינט און אױך זעהר פיעל מענשען, װעלכע האָבען געװאָלט אַמװעניגסטען קוקען אױף דעם אָרט, װאו די אונגעװעהנליכע פערזאַמלונג איז פאָרגעקו-מען.

די פּראָצעסיע פון די דעלעגאַטען האָט זיך אָנגעהױ-בען אין דער פריה. פריהער זענען געגאַנגען נאַקעטע פױערען אין װײַסע הימדעלעך און בענדער; יעדער פון זײַ האָט געהאַלטען אין דער האַנד אַ דינע װײַסע לײַלאַך, אום צו פערדעקען דערמיט דעם רוקען, װען ער װעט זיך

שטעלען פֿאר פרעה׳ן. נאָך זײַ זענען געגאַנגען בעלי־מלאכות, וועלכע זענען אויך געווען נאַקעט און אין זײַערע הענד האָבען זײַ געהאַלטען לײַלעכער, נאָר זײַערע לײַלעכער זענען געווען דינער און אויך קלײנע שירצלעך האָבען זײַ געטראָגען.

דערנאָך זענען געגאַנגען סוחרים, וועלכע האָבען געטראָגען פּערוקען און אַלע זענען געווען געקלײדט אין העמדער. צווישען זײַ זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען געטראָגען טהײַערע בראַנסאָלעטען אויף די פֿיס און פֿינגערלין אויף די פֿינגער.

נאָך די סוחרים זענען געגאַנגען אָפֿיצירען אין היטע־לעך און געשטרײַפֿטע קאַפּטאַנעס: געלע און שוואַרצע, בלויע און ווײַסע, בלויע און רויטע. צווײַ האָבען געטראָגען האַלבע פֿאַנצערם אַנשטאָט קאַפּטאַנעס.

נאָך אַ לענגערע הפסקה זענען אָנגעקומען די אַדעל־לײַט אין גרויסע פּערוקען און ווײַסע קלײדער ביז צו דער ערד. נאָך זײַ זענען געגאַנגען די הויפּטמענער פֿון די פּראָווינצען אין קלײדער מיט פּורפּור־בענדער און מיט קרוינען אויף די קעפּ. צום לעצטען זענען געגאַנגען די כהנים מיט ראַזירטע קעפּ און פּנים׳ער און מיט חיות־פֿעל אויף די פּלײצעס.

די דעלעגאַטען זענען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם גרויסען זאַל פֿון פרעה׳ס פּאַלאַץ, וואו עס זענען געשטאַנען זיבען בענק אײנע נאָך די אַנדערע: די נידריגסטע באַנק איז געווען פֿאַר פּויערען, די העכסטע פֿאַר די כהנים.

באַלד האָט זיך אויך דערוויזען די לעקטיקע, אין וועלכער עס איז געטראָגען געוואָרען רעמזעס דער דרײַ־

צעהנטער. די דעלעגאטען זענען געפאלען מיט זייערע פנים'ער אויף דער ערד. ווען דער הערשער האט זיך גע־זעצט אויף זיין הויכען טראן, האט ער ערלויבט די דעלע־גאטען זיך אויפצוהויבען און זיך זעצען אויף די בענק, דערנאך זענען אריינגעגאנגען און זיך געזעצט אויף נידריגע טראנען — מפריס און הרהור און דער אויפזעהער פון לאבירינט מיט א פושקע אין דער האנד. א מחנה־געגעראלען האט ארומגענומען פרעה'ן, הינטער וועלכען עס זענען געשטאנען צוויי העברע'ע בעאמטע מיט פעדערס פון שטרויס־פויגעל.

— פרומע מצריים! האט זיך אנגערופען דער הער־שער פון ביידע וועלטען — איהר ווייסט, אז מיין הויף, מיין מיליטער און מיינע בעאמטע געפינען זיך אין א שלעכטע לאגע, זיי דארפען געלד און מיין שאץ איז לעער. ווענען אויסגעבען אויף מיין היילינער פערזאן, רעד איך נישט. איך עס און קלייד זיך, ווי א סאלדאט. און יעדער געגעראל, יעדער גרויסער שרייבער, האט מעהר דיענסט־שאפט און פרויען פון מיר.

די פערזאמעלטע האבען געשאקעלט מיט די קעפ און שטיל געזאגט, אז דאס איז אמת.

— ביז איצט איז געווען דער מנהג — האט רעמסס ווייטער געזאגט — אז ווען דער שאץ האט בעדארפט געלד, האט מען ארויפגעלעגט גרעסערע אבצאהלונגען אויף דעם המון. איך קען אבער גוט מיין פאלק און איך וואלט גערן נישט געוואלט שוואכער מאכען זיין לאסט; פערקעהרט: איך וויל איהם נאך געבען געוויסע הנחות...

— אייביג זאלסט דו לעבען, הערשער אונזערער!—

האָט מען געשריגען אין די נידריגערע בענק.

— צו׳ם גליק פון מצרים — האָט פרעה געזאָגט — פערמאָגט אונזער מלוכה אוצרות, מיט וועלכע מען קען הויבען די ארמעע, בעלויהנען די בעאמטע, בעשענקען דאָס פאָלק און אויך בעצאָהלען אלע חובות, וועלכע, מיר זענען שולדיג די בית־מקדש און די פעניציאַנער. די אוצרות, וועלכע זענען געזאמעלט געוואָרען דורך מיינע געלויבטע עלטערען, ליעגען אין דעם לאַבירינט. זיי קע־נען אָבער גערירט ווערען נאָר ווען איהר אלע, פרומע מצרים, וועט איינשטימיג, ווי איין מענש, אנערקענען, אז מצרים דאַרף געלד און איך, פרעה, האָב דאָס רעכט צו נעהמען, וויפיעל מען דאַרף פון די אוצרות פון מיינע עלטערען.

— מיר אנערקענען!... מיר בעטען דיך, דו זאָלסט נעהמען, וויפיעל דו ווילסט!...— האָט מען געשריגען אויף אלע בענק.

— גרויסער הרהור!— האָט פרעה געזאָגט ווענדענ־דיג זיך צום דעם כהן־גדול — ציי האָט דער שטאַנד פון די כהנים עפּעס צו זאָגען וועגען דעם?...

— ניִשט פיעל האָב איך צו זאָגען — האָט דער כהן געענטפערט, אויפשטעהענדיג פון טראָן — לויט די אייביגע געזעץ, קענען די אוצרות פון לאַבירינט געריהרט ווערען, נאָר ווען די מלוכה האָט קיין שום אנדערע מיטלען ניִשט... איצט איז אָבער ניִשט אזוי. ווען די רעגירונג וואָלט אָבגעמעקט די פעניצישע חובות, וועלכע בעשטעהען פון אונגעהויערע פראָצענטער, וואָלט זיך דער אוצר פון דער מלוכה פערפולט און דער המון, וואָס ארבייט היינט אויף

די פֿעניציאַנער, וואָלט פֿריי אָבגעעטהעמט נאָך דער שווערער אַרבייט ...

אויף די בענק פֿון די דעלעגאַטען, האָט זיך ווידער אָנגערופֿען אַ שטילע שטימע פֿון הסכמה.

— פֿול מיט קלוגהייט איז דיין עצה, הייליגער מאַן — האָט פּרעה געזאָגט רוהיג — זי איז אָבער געפֿעהרליך. ווען מיין שאַצמייסטער, די גרויסע הויפּטמענער און די אַדעללייט וואָלטען זיך ערלויבט איין מאָל אויסצומעקען פֿרעמדע חובות, וואָלטען זיי היינט נישט געצאָהלט די חובות פֿון די פֿעניציאַנער און דערנאָך וואָלטען זיי פֿערגעסען אָן די חובות, וואָס זיי זענען שולדיג פּרעה'ן און דעם בית־מקדש. און וואָס פֿאַר אַ זיכערהייט האָב איך, אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק, זעהענדיג וואָס די גרויסע טהון, וואָלט זיך נישט געקלערט, אַז יעדער מעג פֿערגעסען אָן דעם, וואָס ער איז שולדיג אונז?

דער קלאַפּ, וואָס פּרעה האָט געגעבען הרהור'ן מיט זיינע ווערטער איז געוועזען אַזוי שטאַרק, אַז הרהור האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און — געשוויגען.

— און דו, העכסטער אויפֿזעהער פֿון לאַבירינט, האָסט עפּעס צו זאָגען? — האָט פּרעה געפֿרעגט.

— איך האָב דאָ אַ פּושקע — האָט ער געענטפֿערט — מיט ווייסע און שוואַרצע שטיינדעלעך. יעדער דעלעגאַט בעקומט צוויי שטיינדעלעך: אַ שוואַרצעס און אַ ווייסעס און איין שטיינדעל וואַרפֿט ער אַריין אין קרוג. ווער עס וויל, אַז דו, הייליגער פּרעה, זאָלסט נעהמען פֿון דעם שאַץ פֿון לאַבירינט, זאָל אַריינלעגען אַ שוואַרץ שטיינדעל; ווער עס

ווײל אָבער, אז די אוצרות פון לאבירינט זאָלען נישט בעשיהרט ווערען, זאָל אַרײַנלעגען אַ ווײַס שטײַנדעל.

—בעשטעה נישט, הערשער, אויף דעם פּלאַן—האָט דער שאַצמײַסטער אײַנגערוימט פרעה'ן — זאָל יעדער דעלעגאַט זאָגען קלאָר: וואָס ער האָט אין זײַן נשמה?....

— זאָלען מיר אַבטען דעם אַלטען מנהג — האָט זיך מפרים אָנגערופען.

— אדרבה, זאָל מען וואַרפען שטײַנדלעך אין אַ קרוג—האָט פרעה געזאָגט — מײַן הארץ איז רײַן און וואָס איך האָב צו טהון, וועל איך טהון...

מפרים און הרהור האָבען געקוקט אײנער אויפ'ן אַנדערען.

דער אויפזעהער פון לאַבירינט, צוזאַמען מיט צוויי נענעראַלען, איז אַרומגעגאַנגען אין זאַל און האָט געגעבען יעדען דעלעגאַט צוויי שטײַנדלעך: אַ שוואַרצעס און אַ ווײַסעס. די דעלעגאַטען פון המון זענען מבולבל געוואָרען, זעהענדיג פאַר זיך אַזעלכע גרויסע לײַט. עטליכע פויערען זענען געפאַלען מיט די פּנים'ער אויף דער ערד, האָבען נישט געהאַט די העזה צו נעהמען און עס איז זיי זעהר שווער געווען צו בעגרײַפען, אַז זיי דאַרפען אַרײַנוואַרפען אין דער קרוג נאָר אײן שטײַנדעל: אַ שוואַרצעס אָדער אַ ווײַסעס.

— איך וואָלט דאָך גערן בעקוועם געמאַכט אי פרעה'ן, אי די געטער... האָט אַ אַלטער פּאַסטוך געזאָגט — דאַרף איך דאָך אַרײַנוואַרפען אײן שטײַנדעל פאַר פרעה'ס וועגען און אײנס פאַר די געטער!...

ענדליך האָט געלונגען די גרויסע לײַט צו ערקלערען

די פויערן, וואס מען וויל פון זיי און זיי האבען פערשטא-נען. און מען האט אנגעהויבען אבצוגעבען די שטימען. יעדער דעלעגאט איז צוגעגאנגען צו דער קרוג און אריינגע-ווארפען א שטיינדעל. וואס פאר א שטיינדעל ער האט אריינגעווארפען, האט קיינער נישט געזעהען.

דער גרויסער שאצמייסטער, קניענדיג הינטער דעם טראן, האט געזאגט שטיל צו פרעה'ן:

— פערפאלען!... ווען זיי וואלטען געשטימט עפענטליך, וואלטען מיר געהאט איינשטימיגקייט; איצט אבער, זאל מיר די האנד אויסגעטריקענט ווערען, אויב אין דער קרוג וועלען זיך נישט געפינען צוואנציג ווייסע שטיינדלעך!...

— בערוהיג זיך, טרייער דינער! — האט פרעה געענטפערט מיט א שמייכעל — איך האב ביי זיך מעהר פאקען, ווי די שטימען, וואס מיר וועלען האבען געגען זיך.

— אבער צו וואס?... צו וואס?... האט דער שאצ-מייסטער געזיפצט — אהן איינשטימיגקייט, וועלען זיי דאך אונז נישט עפנען דעם לאבירינט!...

רעמסעס האט ווייטער געשמייכעלט.

עס האט זיך געענדיגט די פראצעסיע פון די דעלע-גאטען. דער אויפזעהער פון לאבירינט האט אויפגעהויבען די קרוג און אויסגעשיט די שטיינדלעך אויף א גאלדענע טאץ.

עס זענען געווען 83 שווארצע שטיינדלעך און 8 ווייסע

די גענעראלען און די בעאמטע זענען דערשראקען געווארען, די כהנים גדולים האבען געקוקט אויף די פער-

ואמעלמע מיט טריאומף, באלד זענען זיי אבער אומרוהיג געווארען! אין דעם פנים פון פרעה'ן האט מען דערקענט, אז ער איז לוסטיג.

קיינער האט נישט געהאט די העזה עפענטליך צו זא־גען, אז דער פראיעקט פון הייליגען פרעה איז געפאלען. פרעה אליין האט אבער געזאגט:

— פרומע מצרים, גוטע דינער מיינע! איהר האט ערפילט מיין בעפעהל און מיין חסד איז מיט אייך. צוויי טעג וועט איהר זיין געסט אין מיין הויז. ווען איהר וועט בעקומען פון מיר מתנות, וועט איהר צוריק אין אייערע הייזער, צו אייערע פאמיליעס און אייערע בעשעפטיגונגען. שלום זאל איהר האבען און א ברכה אויף אייער קאפ!

זאגענדיג די דאזיגע ווערטער, האט פרעה פערלאזט דעם זאל, צוזאמען מיט זיין סוויטע. די כהנים גדולים הרהור און מפרים האבען מיט שרעק געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען.

— ער איז גאר נישט פערזארגט געווארען — האט הרהור געזאגט.

— איך האב געזאגט, אז ער איז א ווילדע חיה...

— די געטער וועלען שיצען אונז און זייערע בית־מקדש'ס...

אין אוונד האבען זיך פערזאמעלט ביי פרעה'ן זיינע טרייעסטע דינער: דער גרויסער שאצמייסטער, דער גרוי־סער שרייבער, טוטמאזיס און קאליפאס, דער הויפט־אנפיהרער פון די נריבען.

— א, הערשער! — האט געזיפצט דער שאצמייס־טער — פאר וואס האסטו נישט געטהון אזוי, ווי דיינע

אײביג לעבענדע אבות ?... ווען די דעליגירטע וואלטען עפענטליך געשטימט, וואלטען מיר שוין געהאט דאס רעכט צו נעהמען פון דעם לאבירינט, וויפיעל מיר דארפען!

— אמת זאגט דער גרויסער שאצמײסטער — האט זיך אנגערופען דער גרויסער שרײבער.

פרעה האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איהר האט א טעות. ווען אפילו גאנץ מצרים וואלט געשריען: גיט פרעה'ן דעם אוצר פון לאבירינט, וואלטען די כהנים-גדולים איהם נישט געגעבען...

— אויב אזוי, צו וואס האט אונז געטוינט זײ צו בעאונרוהיגען מיט'ן צונויפרופען דעלעגאטען ?... דער המון איז אזוי אויפגערעגט געוואָרען!...

— איך האב קײן מורא נישט — האט פרעה געזאגט — מײנע פאלקען וועלען מיך גוט היטען... פון דער דעלעגאציע האב איך די נוצען: איך בין געוואהר געווארען, אז מײנע געגנער זענען שוואך: 83 שטימענדלעך זענען געווען אונזערע און נאר 8 האבען זײ געהאט!... דאס ווײזט אונז, אז ווען זײ קענען רעכנען אויף אײן קארפוס, קען איך רעכנען אויף 10 קארפוסען...

— מען דארף זיך נישט נארען — האט פרעה ווײטער געזאגט — צווישען מיר און די כהנים האט זיך שוין אנגעהויבען א מלחמה. זײ זענען א פעסטונג, פון וועלכען מיר פערלאנגען, עס זאל זיך אונטערגעבען. זײ ווילען זיך נישט אונטערגעבען, מוזען מיר אנהויבען געהן מיט געוואלד...

— אײביג זאלסטו לעבען!...— האבען אויסגעשריען טוטמאזיס און קאליפאס.

— גיב ארויס א בעפעהל, הערשער! — האט דער גרויסער שרייבער געזאגט.

— מיין רצון איז אזוי — האט רעמסס געזאגט.

דו, שאצמייסטער, וועסט פונאנדערטיילען הונדערט טאלענטען צווישען דער פאליציע, אפיצירען פון די ארבייטער און בעאמטע פון די פייערען אין די פראווינצען: שיפט, נעחא־חענט, נעחא־פעחי, סעבט־חת, עי, אמענט, קא... אין די זעלבע ערטער וועסטו ארויסגעבען די שעני קערם געערשטען, ווייץ און וויין, אום דער המון זאל קענען האבען אומזיסט נאהרונג. דאס וועסטו באלד טהון, אום ביז צום צוואנציגסטען פאאפי זאל דאס שוין בעזארגט זיין.

דער שאצמייסטער האט זיך אראבגעבויגען ביז צו דער ערד.

— דו, שרייבער, שרייב און היים מארגען פערעפענטליכען אין די גאסען פון די פראוינציען, אז די בארבארען פון דער מערב־מדבר ווילען אנפאלען אויף דער געטליכער פראווינץ פיאום...

דו, קאליפאס, וועסט שיקען פיער גריכישע פאלקען אויף דרום. צוויי פאלקען וועלען שטעהן נעבען דעם לאבירינט, צוויי פאלקען ווילען געהן ביז צו חאנעס. אויב דאס מיליטער פון די כהנים וועט געהן פון טעבי, וועט איהר עם אבשטופען און נישט לאזען געהן ביז פיאום. און ווען דאס פאלק, וועלכעס איז אויפגערעגט אויף די כהנים, וועט וועלען אנפאלען אויף דעם לאבירינט, זאלען דיינע גריכען איהם פערנעהמען...

— און אויב די אויפזעהער פון דעם שלאס וועלען

ניִשט אַרײַנלאָזען ? — האָט קאַליִפאַס געפֿרעגט.

— דאָס וואָלט געווען אַ בונט — האָט פּרעה געענטפֿערט און געזאָגט ווײַטער:

און דו, טוטמאָזיס, וועסט אַרויסשיִקען דרײַ פּאָלקע קײַן מעמפֿיִס און דו וועסט זײַ אויסשטעלען נעבען די בית־מקדש׳ס פֿון פּתח, אִיזיִדא און חיִרות. ווען דאָס אויפֿגערעגטע פֿאָלק וועט וועלען שטורמיִרען, וועלען די פּאָלקאָווניִקעס ניִשט אַרײַנלאָזען דעם המון איִן די הײליִגע ערטער און זײַ וועלען פֿערזיִכערן די כהנים־גדולים דאָס לעבען און דעם כבוד

און איִן לאַבּיִריִנט, ווי אויך איִן די בית־מקדש׳ס אַי מעמפֿיִס, וועלען זיִך געפֿיִנען כהנים, וועלכע וועלען ענטגעגענען געהן דעם מיִליִטער מיִט גריִנגע צווײַגלעך. די פּאָלקאָווניִקעס וועלען פֿרעגען די כהנים אַ צײַכען און זײַ וועלען אָבהאַלטען מיִט זײַ בעראַטהונגען...

— און אויב מען וועט זיִך אונז געגענשטעלען ? — האָט טוטמאָזיִס געפֿרעגט —

— נאָר בונטאָווטשיִקעס פֿאָלגען ניִשט פּרעה׳ן — האָט ר׳עמסס געענטפֿערט.

— די בית־מקדש׳ס און דער לאַבּיִריִנט מוזען דעם צוואַנציִגסטען פֿאַאָפֿי אײַנגענומען ווערען דורך אונזער מיִליִטער — האָט פּרעה ווײַטער געזאָגט, ווענדענדיִג זיִך צום גרויסען שרײַבער — דער המון איִן מעמפֿיִס, ווי אויך איִן פּײַאום קען זיִך אָנהויבען צונויפֿקלויבען דעם 18־טען פֿאַאָפֿי, אָנפֿאַנגס איִן קלענערע גרופּען און דערנאָך איִן גרעסערע. אויב דעם צוואַנציִגסטען וואָלטען זיִך שוין אָנגעהויבען קלענערע אונרוהען, וואָלט מען זײַ ניִשט בעדאַרפֿט שטערען;

שטורמירען די בית־מקדש'ס דאַרף מען אָבער נישט פֿריהער, ווי דעם 22־טען. און ווען דאָס מיליטער וועט פֿערנעהמען די פּונקטען מוז אַלעס רוהיג זיין.

— וואָלט דען נישט בעסער געווען באַלד צו אַרעסטירען הרהור'ן און מפרים'ן? — האָט טוטמאָזיס געפֿרעגט.

— צו וואָס זאָל מען זיי באַלד אַרעסטירען?... איך מיין גאָר נישט זיי, נאָר די בית־מקדש'ס און דעם לאַבירינט וועלכע דאָס מיליטער מוז איינגעהמען, נאָר עס איז נאָך נישט פֿאָרבערייטעט דערצו... אויסערדעם וועט חירום צוריקקומען ערשט דעם צוואַנציגסטען... ער האָט בעקומען די בריעף, וואָס הרהור האָט געשיקט צו די אשורים... בכן וועלען מיר ערשט דעם 21-טען פּאָפּי האָבען אין דער האַנד בעוויז, אַז די כהנים־גדולים זענען פֿעררעטהער און מיר וועלען דאָס פֿערפֿענטליכען דעם פֿאָלק.

— בכן דאַרף איך געהן קיין פּיאום?... האָט קאַליפּאָס געפֿרעגט.

— אָ, ניין! דו און טוטמאָזיס וועט בלייבען ביי מיר מיט די בעסטע פּאָלקען — מען מוז דאָך האָבען ביי זיך מיליטער. וואָרום וואָס וואָלטען מיר געטהון, ווען די כהנים־גדולים וואָלטען אָבגעצויגען פֿון אונז אַ טהייל פֿון פֿאָלק?

— ציי האָסט דו, הערשער, נישט מורא פֿאַר קיין פֿעררעטהונג? — האָט טוטמאָזיס געפֿרעגט.

פּרעה האָט געשאָקעלט מיט דער האַנד.

— פֿעררעטהונג טריפֿט שטענדיג, ווי וואַסער פֿון אַ געפּלאַצט פֿאַס. די כהנים גדולים ווייסען אודאי, וואָס איך וויל טהון און איך ווייס, וואָס זיי ווילען טהון... נאָר

ווייל איך האָב פריהער פון זיי צונויפגעקליבען מיין מיליטער, וועלען זיי שוין מ״מילא זיין שוואַכער .. אין משך פון 10—15 טעג וועלען די פאַלקען צונויפגעשטעלט ווערען ...

— און כשיף? ... — האָט טוטמאָזיס געפרעגט.

— עס איז ניטט פערהאַנען קיין כשוף, וועלכע העק זאָלען ניטט קענען צוהאַקען! ... — האָט רעמסס געשריען, לאַכענדיג.

טוטמאָזיס האָט שוין געוואָלט דערצעהלען פרעה'ן, וואָס די כהנים-גדולים טהון מיט ליקאָנ'ען. ער האָט זיך אָבער מישב געווען, אז איצט וועט ער פערלירען די רוהע פון זיין גייסט, דורך וועלכער ער איז איצט אַזוי מעכטיג...

אַ אָנפיהרער פאַר אַ מלחמה טאָר ניטט קלערען פון קיין שום זאַך, אויסער פון דער מלחמה. וועגען ליקאָנ'ען וועט צייט זיין צו שמועסען, ווען די כהנים-גדולים וועלען זיין אין דער תפיסה.

אויף פרעה'ס בעפעהל איז טוטמאָזיס געבליבען ביי איהם אין צימער און די איבריגע דריי האָבען זיך געבוקט און זענען ארויסגעגאַנגען.

— ענדליך! — האָט געזיפצט דער גרויסער שרייבער, ווען ער איז צוזאמען מיט'ן שאַצמייסטער געווען אין פאָרהויז — ענדליך וועט זיך ענדיגען די ממשלה פון די געגאָלטע קעפ ...

— יאָ, עס איז שוין צייט דערצו — האָט דער שאַצמייסטער געזאָגט — אין די לעצטע צעהן יאָהר, איז דער קלענסטער נביא געווען וויכטיגער פון הויפטמאַן אין טעבי אָדער אין מעמפיס.

— איך מיין, אז הרהור פאַרבערייטעט זיך אין גע-

היים א שיפעל, אום ער זאל קענען ענטלויפען פאר'ן 23-טען פאאפי — האט זיך קאליפאס אנגערופען.

— וואס וועט איהם געשעהן? — האט דער שרייבער געזאגט — דער היילינער פרעה וועט איהם מוחל זיין, אויב ער וועט זיך נאר אונטערגעבען...

— אויב די מלכה ניקאטדים וועט בעטען פאר זיי וועט פרעה זיי איבערלאזען דאס פערמעגען אויך — האט דער שאצמייסטער צוגעגעבען — נאר יעדע פאלס וועט אין דער מלוכה ווערען א ארדנונג. ביז איצט איז דאך שוין ביי אונז קיין שום ארד ונג נישט געווען.

— מיר דאכט זיך אבער, אז דער היילינער פרעה מאכט צו גרויסע פארבערייטונגען — האט דער שרייבער געזאגט — איך וואלט אלעס פערענדיגט מיט די גריכישע פאלקען, נישט ריהרענדיג דעם המון.

— ער איז יונג ... האט ער ליעב בעוועגונג... נערויש ... האט דער שאצמייסטער איהם פערטיידיגט.

— מען דערקענט באלד, אז איהר זענט נישט קיין סאל-דאטען! — האט זיך קאליפאס אנגערופען — ווען עס האנדעלט זיך וועגען א מלחמה, מוז מען אלעס צונויפזאמ-לען, ווארום שטענדיג קען מען אנטרעפען אויף עפעס, אויף וועלכען מען האט זיך נישט געריכט.

— א ודאי וואלט שלעכט געווען, ווען מיר וואלטען נישט געהאט מיט זיך דעם המון — האט דער שרייבער געזאגט — אבער איצט, וואס קען דא שלעכט זיין?... די געטער וועלען נישט קומען שיצען דעם לאבירינט.

— דו זאגסט אזוי, וויל דו ביסט רוהיג — האט איהם קאליפאס געענטפערט — וויל דו ווייסט, אז דער

הויפט-אָנפיהרער בעמיהט זיך צו בעזאָרגען אַלעם פאָר-
אויס. ווען נישט דאָס, וואָלט די הויט אויף דיר געציטערט.

— איך זעה נישט, אז עפּעס אַ אוננערייבטע זאַך זאָל
אונז קענען פאָרקומען — האָט זיך געֶ'עקשנ'ט דער שרייבער —
אויסער ווען די כהנים-גדולים וואָלטען ווידער פונאַנדערגע-
לאָזט קלאַנגען, אַז פרעה איז משוגע געוואָרען...

— זיי ווילען פּרובען פערשידענע המצאות — האָט
זיך דער גרויסער שאַצמייסטער אָננערופען — זיי ווילען
אָבער נישט האָבען קיין קרעפטען דערצו... יעדענפאַלס
דאַנק איך די געטער דערפאַר, וואָס איך געהער צו פרעה'ן
און נישט צו די כהנים... נו, געהען מיר שלאָפען...

ווען די גרויסע לייט זענען אַרויס פון פרעה'ס צימער,
האָט טוטמאָזיס געעפענט אַ געהיימע טהיר אין אַ וואַנד און
אַריינגעלאָזט סמן-תו. פרעה האָט אויפגענומען דעם כהן-
גדול מיט שמחה. האָט איהם געגעבען די האַנד צו קושען
און איהם אַרומגענומען דעם קאָפּ.

— שלום! גוטער דיענער! — האָט פרעה געזאָגט —
וואָס פאַר נייעס ברענגסט דו?...

— איך בין געוועזען צוויי מאָל אין לאַבירינט — האָט
דער כהן געענטפערט.

— און שוין קענסט דו דעם וועג?...

— איך האָב דעם וועג געקענט שוין לאַנג. נאָר
איצט האָב איך איין זאַך ענטדעקט. דער אוצר קען זינקען,
הרג'ענען מענשען און אין גאַנצען פערניכטעט ווערען...

פרעה האָט צוזאַמענגעצויגען די ברעמען.

— דאַדורך מוזט דו, הייליגער פרעה, פאַרבערייטען
לערך צוואַנציג זיכערע מענשען. מיט זיי וועל איך אַריינ

געהן אין לאבירינט ביי נאכט פאר דעם שטורמירען און מיר וועלען פערנעהמען די צימערען ארום דעם אוצר...

— דו ווענסט זיי אריינפיהרען?

— יא. איך וועל פריהער נאך איין מאל געהן אליין אין לאבירינט און איך וועל גוט בעטראכטען, צי עס וועט מיר נישט געלינגען צו פערהיטען אלעם אהן דער הילף פון אנדערע מענשען. מענשען, אפילו די טרייעסטע, קען מען נישט אלעס אנטרויען און ביים אריינפיהרען, קענען די הינד, די אויפזעהער עפעס דערשפירען.

— קענסט דו דען זיכער זיין, אז זיי שפירען דיר נישט נאך שוין איצט!... — האט פרעה געפרעגט.

— גלויב מיר, מיין הערשער — האט דער כהן-גדול געענטפערט — לעגענדיג די האנד אויפ'ן הארץ — אז אום מיך צו דערשפירען, מוז מען קענען נסים ווייזען. זיי זענען אזוי פערבלענדט, ווי די קליינע קינדער. זיי שפירען עפעס, אז עס וויל זיך עמיץ אריינהאפען אין לאבירינט, דאדורך שטעלען זיי א וואך ביי די איינגאנגען, וועלכע יעדער זעהט. איך האב אבער אין משך פון איין חודש געפונען דריי געהיימע איינגאנגען, און וועלכע זיי האבען גאר פערגעסען, אדער זיי וויסען אפשר גאר נישט פון זיי.

אויסער ווען עפעס א מלאך וואלט זיי געזאגט, אז איך געה אין לאבירינט אדער וואלט זיי געוויזען, וואו איך געפין זיך, אין וועלכען פון די דריי טויזענד צימערען איך בין...

— אמת זאגט דער גרויסער סמן-תו — האט טוטמאזיס זיך אנגערופען — מיר זענען שוין צו פיעל פארזיכטיג פאר די געווידמעטעטער, די כהנים גדולים...

— דאס זאג נישט, אנפיהרער — האט דער כהן

גדול געזאָגט — זייערע קרעפּטען געגען די קרעפּטען פון הייליגען פרעה, זענען ווי א ביסעלע זאמד געגען א בית־מקדש, הרהור אין מפרים זענען אָבער זעהר קלוג!... און זיי וועלען זיך אוודאי בענוצען מיט אזא וואפען, אז מיר וועלען שטום ווערען פון בעוואונדערונג... אונזערע בית־מקדש׳ס זענען פול מיט סודות. וועלכע די גרעסטע חכמים בעוואונדערן. די סודות צורייבען אויף אש דעם גאנצען המון...

— דערצעהלט אונז עפּעס וועגען די סודות — האָט פרעה געזאָגט.

— פאַראוים זאָג איך, אז די סאָלדאַטען פון הייליגען פרעה וועלען אָנטרעפען וואונדער אין די בית־מקדש׳ס. די שטאָלקאצען וועלען זיי פערלאָשען ווערען, פלאמען פייער וועלען זיי ארומנעהמען, עפּעס משונה׳דיגע חיות וועלען זיי געגען לויפען... שפּעטער וועט זיך א מויער שטעלען פאר זיי, אָדער עס וועט זיך עפנען א גרוב פאר זיי... אין עטליכע קאָרידאָרען וועלען זיי בעגאָסען ווערען מיט וואַסער, אין אנדערע קאָרידאָרען וועלען עפּעס הענד וואַרפען אויף זיי שטיינער... און וואס פאר דונערען, וואָס פאר קולות וועלען זיי הערען ארום זיך!...

— אין יעדען בית־מקדש האָב איך יונגע כהנים, וועלכע האַלטען מיט מיר און אין לאַבירינט וועסט דו זיין — האָט פרעה געזאָגט.

— און אונזערע העק — האָט זיך טוטמאָזיס אָנגע־רופען — א געמיינער סאָלדאַט איז דער, וואָס רוקט זיך צוריק, ווען ער דערזעהט פלאמען אָדער עפּעס חיות, אָדער ער שרעקט זיך פאר דונערען און קולות...

— גוט זאָגסט דו, אנפיהרער! — האָט סמן־תו אויסגע־

שרײַען — ווען איהר וועט נאָר געהן דרײסט, וועלען די קולות אויפהערען און די פלאַמען וועלען נישט בריהען.

איצט, וועל איך נאָך עפּעס זאָגען, הערשער אונזערער! — האָט זיך סמן־תו געווענדעט צו רעמסס'ן — ווען איך וואָלט אומגעקומען...

— זאָג דאָס נישט!... — האָט איהם פּרעה איבערגעהאַקט די ווערטער.

— ווען איך וואָלט אומגעקומען — האָט סמן־תו געזאָגט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל — וועט קומען צו דיר, הייליגער פּרעה, אַ יונגער כהן פון גאָט שת און וועט דיר ווייזען מיין פינגערל. זאָל דאָס מיליטער פערנעהמען דעם לאַבירינט און אַרויסיאָגען די אויפזעהער, און זאָלען סאָלדאַטען שוין פון דאָרט נישט אַרויסגעהן, וואָרום דער יונגער כהן קען אין איין חודש, און אפשר נאָך פריהער געפינען דעם וועג צו די אוצרות דורך די סימנים, וואָס איך וועל איהם איבערלאָזען...

אָבער, הערשער!... — האָט ער געזאָגט קניענדיג — איך בעט דיך נאָר דאָס איינע: ווען דו וועסט מנצח זיין, זיי זיך נוקם פאַר מיר. זיי נישט מוחל הרהור'ן און מפרים'ן... דו ווייסט נישט, וואָס פאַר שונאים זיי זענען!... ווען זיי וואָלטען מנצח געווען, וואָלסט דו מיט דיין גאַנצער דינאַסטיע אומגעקומען...

— צו דאַרף דער מנצח נישט זיין הויכמוטהיג? — האָט פּרעה געפרעגט מיט טרויעריגקייט...

— קיין שום הויכמוטהיגקייט!... קיין שום חסד!... —האָט סמן־תו אויסגעשריען — ווי לאַנג זיי וועלען לעבען, וועסט דו און איך נישט זיכער זיין מיט'ן לעבען. אפילו

אונזערע קערפערס וועלען נאכ׳ן טויט זיין צו שאנד און צו שפאט!...

מען קען גלעטען א לייב, קויפען א פעניציאנער, צובינדען צו זיך א לובי אדער א כושי... מען קען זיך דערבעטען, וואס מען וויל ביי א כהן א כשדי, ווייל ער הויבט זיך הויך, ווי א לייב און ער איז זיכער, אז מען וועט איהם נישט דערשיסען...

אבער ביי א נביא פון מצרים, וועלכער האט פער-זוכט דעם טעם פון עשירות און מאכט, וועסט דו זיך נישט ערווערבען קיין ליעבע. און נאר זייער, אדער דיין טויט קען מאכען א סוף מיט דעם קאמפף...

— אמת זאגסט דו, סמן-תו — האט טוטמאזיס געזאגט — צום גליק וועט נישט דער היילינגער פרעה קעמפפען. נאר מיר, סאלדאטען וועלען געהן נעגען די כהנים...

## פיערצעהנטעס קאפיטעל.

דעם צוועלפטען פאאפי זענען זיך פונאנדערגעגאנגען שרעקליכע ידיעות אין די בית-המקדש׳ס פון מצרים.

אין די לעצטע עטליכע טעג האט זיך אומגעווארפען דער מזבח אין בית-המקדש פון חירות, אין בית-מקדש פון איזידא האט דאס בילד פון דער געטין געוויינט און אין בית-המקדש פון גאט עמון אין טעבי, ווי אויך ביי דעם קבר פון אזיריס׳ן אין דעודארי, האט מען געזעהן עפעס שרעקליכע צייכענס. די כהנים האבען אין דעם אלעם געזעהן, אז מצרים שטעהען פאר גרויסע אונגליקען נאך איידער דער חודש וועט זיך ענדיגען.

די כהנים-גדולים הרהור און מפרים, האָבען דאדורך געהייסען איינאָרדנען פּראָצעסיעס אַרום דעם בית-המקדש און יעדער זאָל ביי זיך אין דערהיים מקריב זיין קרבנות.

באר"ד צומאָרגענס, דעם 13-טען פּאַאָפי, איז אין מעמפיס פּאָרגעקומען אַ גרויסע פּראָצעסיע: דעם גאָט פּתח האָט מען ארויסגעטראָגען פון זיין בית-המקדש און די געמין איזידא — פון איהר בית-המקדש. ביידע זענען געטראָגען געוואָרען אין מיטען דער שטאָדט אין בעגלייטונג פון זעהר וועניג מענשען, פון וועלכע דער רוב איז בעשטאַנען פון פרויען. זיי האָבען זיך אָבער געמוזט צוריקרוקען: די שטאָדט-לייט, די מצרים האָבען געלאַכט פון די געטער און די אויסלענדער האָבען געוואָרפען שטיינער אויף זיי.

די פּאָליציע האָט זיך פערהאַלטען קאַלטבלוטיג און עטליכע פּאָליציאַנטען האָבען אַליין חוזק געמאַכט פון די געטער. נאָך מיטאָג האָבען אונבעוואוסטע מענשען דערצעהלט דעם המון, אַז די כהנים ערלויבען נישט, עס זאָלען געמאַכט ווערען הנחות פאַר ארבייטער און זיי ווילען איינאָרדנען אַ בונט געגען פּרעה'ן.

פאַר נאַכט האָבען זיך פערזאַמעלט אַרבייטער נעבען די בית-המקדש'ס און האָבען געשאָלטען די כהנים. גלייכצייטיג האָט מען געוואָרפען שטיינער אין די טהויערען און איינער האָט עפענטליך אָבגעהאַקט די נאָז פון דעם בילד פון גאָט חירות, וועלכעס איז געשטאַנען פאַר דעם בית-המקויש.

עטליכע שטונדען נאָכ'ן זונאונטערגאַנג האָבען זיך פערזאַמעלט די כהנים-גדולים מיט זייערע לייב-מענשען אין

דעם בית-המקדש פון פתח. עס זענען דארט געווען: הרהור, מפרים, מנטו-זופית, דריי הויפטמענער פון פראַווינצען און דער העכסטער שופט פון טעבי.

— שרעקליכע צייטען! — האט זיך אָנגערופען דער שופט — איך ווייס זיכער, אז פרעה וויל אונטערהיצען דעם המון, ער זאל אָנפאלען אויף בית-המקדש'ס.

— איך האָב געהערט — האט זיך אָנגערופען דער הויפטמאן פון דער פראָווינץ סעבעס — אז עס איז ארויס-געשיקט געוואָרען א בעפעהל צו ניטאָנגער'ן, ער זאל באלד קומען מיט נייע מיליטער, ווי דאָס מיליטער, וואָס געפינט זיך דאָ, וואלט נאָך צו ווייניג געווען!...

— די קאָמוניקאציע צווישען נידריגערן און העכערן מצרים איז פון נעכטען אָן איבערגעהאקט געוואָרען — האט דער הויפטמאן פון עי געזאָגט — אויף די וועגען שטעהט מיליטער און די גאלאָרען פון דעם הייליגען פרעה רעווידירען יעדע שיף, וואָס געהט אויפ'ן נילוס...

— רעמסס דער דרייצעהנטער איז נישט הייליג — האט זיך מפרים אָנגערופען — ער האט פון די געטער נישט בעקומען די קרוינען...

— דאָס אלעס וואלט געווען א קלייניגקייט — האט דער העכסטער שופט געזאָגט — די פערשטעהונג איז ערגער פון אלעם... איך האָב בעוויזן, אז פיעל פון די יונגערע כהנים האלטען מיט פרעה'ן און פון אלעם, וואָס עס טהוט זיך ביי אונז זענען זיי איהם מודיע...

— עס זענען אויך פערהאנען אזעלכע כהנים, וועלכע האבען זיך אונטערגענומען לייכט צו מאכען דעם

מילימער איינצונעהמען די בית־מקדש׳ם — האט הרהור צוגעגעבען.

— דאס מיליטער זאל אריין אין די בית־מקדש׳ם?...

— האט געשריען דער הויפטמאן פון סעבעס.

— אזא בעפעהל האט דאס מיליטער דערהאלטען אויף דעם 23־טען — האט הרהור געזאגט.

— און דו, גרויסער כהן, זאגסט דאס אזוי רוהיג?...

האט דער הויפטמאן פון אמענט געפרעגט.

הרהור האט געהייבען די פלייצעס און די הויפט־נער האבען גע־וקט איינער אויפ׳ן אנדערן.

— דאס פערשטעה איך שוין נישט!... — האט זיך אנגערופען מיט כעס דער הויפטמאן פון עי — די בית־מקדש׳ם האבען אין גאנצען עטליכע הונדערט סאלדאטען, די כהנים זענען פערדעמהער, פרעה האקט אונז אב פון טעבי און העצט דאס פאלק און דער גרויסער הרהור שמועסט זיך וועגען דעם, ווי ער וואלט אונז פערבעטען אויף א מאהלצייט... זאלען מיר זיך וועהרען, וויפיעל מיר קענען, אויב מיר קענען זיך נאר וועהרען, אדער...

— מיר זאלען זיך אפשר אונטערגעבען דעם הייליגען פרעה?... — האט מפרים געפרעגט מיט איראניע — צו דעם וועלען מיר שטענדיג האבען צייט!...

— מיר וואלטען אבער געוואלט וויסען, ווי אזוי מיר וועלען זיך קאנען שיצען!... — האט דער הויפטמאן פון סעבעס געזאגט.

— די געטער וועלען רעטען זייערע דינער — האט הרהור געענטפערט,

דער הויפטמאן פון עי האט זיך געבראכען די הענד.

— אויב איך זאָל שוין גאָר עפֿנען מײַן האַרץ, וואונ־דערט מיך אויך אײַער קאַלטבלוטיגקײַט — האָט זיך אָנגע־רופֿען דער העכסטער שופט — כמעט דער גאַנצער המון איז געגען אונז...

— דער המון נעהט מיט דעם ווינד, ווי געראַשטען אויף דעם פֿעלד — האָט הרהור געזאָגט.

— און דאָס מיליטער?...

— וועלכעס מיליטער וועט נישט פֿאַלען מיט די פּנים'ער אויף דער ערד פֿאַר אָזיריס'ן?

— איך ווײס — האָט דער הויפּטמאַן פֿון עי איבער־געהאַקט די ווערטער מיט אונגעדולד — איך זעה אָבער נישט אָזיריס'ן און נישט דעם ווינד. וואָס וועט אונז צוריק־ברענגען דעם המון. דערווײַל האָט פּרעה צו זיך צוגעבונ־דען דעם המון מיט זײַנע הבטחות און מאָרגען וועט ער איהם געבען הנחות...

— שרעק איז שטאַרקער פֿון הבטחות און מתנות!... האָט הרהור געענטפֿערט.

פֿאַרוואָס זאָלען זיי מורא האָבען?... פֿאַר די דרײַ־הונדערט סאָלדאַטען, וואָס מיר האָבען?

— זיי וועלען זיך שרעקען פֿאַר אָזיריס'ן—האָט הרהור געענטפֿערט.

— וואו איז אָזיריס?... — האָט דער הויפּטמאַן פֿון עי געפֿרעגט מיט כעס.

— איהר אַלע וועט איהם זעהען. און גליקליך וואָלט געווען דער, וועלכער וואָלט אויף דעם טאָג בלינד געוואָרען!...

די ווערטער האָט הרהור אַרויסגערעדט מיט אזא

רוהע, אז עס איז שטיל געווארען אין דער פערזאמלונג.

— דאך וואלט איך גערן געוואוסט, וואס מיר טהון געגען דעם אלעם?... — האט דער העכסטער שופט געפרעגט.

— פרעה וויל — האט הרהור געזאגט — אז דער המין זאל אנפאלען אויף די בית־מקדש'ם אין דעם 23־טען פאאפי, מוזען מיר מאכען, אז מען זאל אויף אונז אנפאלען דעם 20־טען.

— אייביג לעבענדע געטער! — האט אויסגעשריען דער הויפטמאן פון די אויפהויבענדיג די הענד אין דער הויך — צו וואס זאלען מיר אליין ציהען אויף זיך א אונגליק?... און דערצו נאך צוויי טאג איידער דאס אונגליק דארף אויף אונז צו קומען!...

— מען מוז הארכען הרהור'ן! — האט מפרים געזאגט — און מיר אלע מוזען זיך בעמיהען, אז דער אנפאל זאל געמאכט ווערען דעם 20־טען פאאפי אין דער פריה.

— און אויב זיי וועלען אונז טאקי צושלאגען?... — האט דער שופט געפרעגט.

— אויב די השבעות פון הרהור'ן וועלען נישט פועל זיין, וועל איך רופען די געטער צו הילף — האט מפרים געזאגט און אין זיינע אויגען האט געבלאנקט א פייער.

— הא! איהר כהנים גדולים האט אייערע סודות, וועלכע איהר טארט אונז נישט ענטדעקען — האט דער גרויסער שופט געזאגט — מיר וועלען טהון אזוי, ווי איהר הייסט און מיר וועלען ארויסרופען דעם אנפאל דעם 20־טען... געדענקט אבער, אז אונזער בלוט און דאס

בלוט פון אונזערע קינדער וועט פאלען אויף אייערע קעפ...

— זאל עס פאלען!...

— אזוי זאל זיין!... — האבען אויסגעשריען ביידע כהנים צוזאמען.

הרהור האט דערנאך ווייטער געזאגט:

— צעהן יאר פיהרען מיר די מלוכה און איהר האט פון אונז קיין שלעכטס נישט געהאט און יעדע הבטחה האבען מיר ערפילט. זייט אלזא געדולדיג און טריי נאך עטליכע טעג, אום איהר זאלט זעהען די מאכט פון די געטער און ערהאלטען פון זיי די בעלויהנונג.

באלד האבען די הויפטמענער זיך געזעגענט מיט די כהנים-גדולים, נישט פערבארגענדיג פון זיי זייער שווערע זארג. איבערגעבליבען זענען דארט נאר הרהור און מפרים.

נאך א לאנגען שטילשווייגען, האט זיך הרהור אנגערופען:

— ליקאן האט אונז גענוצט, ווי לאנג ער האט זיך געמאכט משוגע. צי וועט מען איהם אבער קענען פארשטעלען אלס רעמסס'ן?...

— אויב רעמסס'ענס מוטער האט נישט דערקענט, אז ער איז נישט רעמסס—האט מפרים געענטפערט — איז ער דאך אודאי זעהר ענהליך... און זיצען אויפ'ן טראן, זאגען עטליכע ווערטער צו די, וואס שטעהען ארום איהם, וועט ער אויך קענען. איבריגענס וועלען מיר דאך זיין נעבען איהם...

— ער איז אבער א גרויסער נאר!...— האט הרהור געזאגט, רייבענדיג זיך דעם שטערן.

— ער איז קלענער פון מיליאָנען אנדערע מענשען, ער האָט דאָך אַ דאָפּעלטע ראיה און דער מלוכה קען ער פיעל נוצען ...

— דו זאָגסט מיר שטענדיג וועגען דער דאָפּעלטער ראיה — האָט הרהור געענטפערט — זאָל איך אליין זיך איבערציינען וועגען דעם ...

— דו ווילסט ?...— האָט מפרים געפרעגט — קום מיט מיר ... דאָס, וואָס דו וועסט זעהען, דערמאָהן אָבער נישט אפילו פאַר'ן אייגענעם הארץ ..

זיי זענען ביידע געגאַנגען אין די קעהלערס פון דעם בית-מקדש פּתח און זיי זענען אריינגעקומען אין אַ גרויס צימער, וואָס איז געווען בעלייכט מיט אַ לאָמפּ. ביי דעם שוואַכען בלאַנק האָט הרהור דערזעהן אַ מענש, וועלכער האָט געהאַט אויף זיך אַ קאַפּטאַן פון פרעה'ס גוואַרדיע און ער איז געזעסען ביים טיש און האָט געגעסען.

— ליקאָן !—האָט מפרים געזאָגט — דער גרעסטער מאַן פון דער מלוכה וויל זיך איבערציינגען, אז די געטער האָבען דיך בעשענקט מיט פעהיגקייטען, וועלכע קיין אנ־דערער מענש פערמאָגט נישט ..

ליקאָן האָט אוועקגעשטופּט די שיסעל און געמורמעלט:

— פערשאָלטען זאָל ווערען דער טאָג, אין וועלכען מיין פוס האָט אָנגעהויבען טרעטען אויף אייער ערד !... איך וואָלט בעסער געוואָלט ארבייטען אין גראָבען און חאַפּען שטעקענס !...

— צו דעם וועסט דו שטענדיג האָבען צייט — האָט זיך הרהור אָנגערופען.

דער גרעק איז שטיל געבליבען און פלוצלונג האָט

ער אָנגעהויבען ציטערן דערזעהענדיג אין די הענד פון מפריםן א קויל פון קריסטאַל. ער איז בלאַס געוואָרען, זיינע בליקען האָט ער געוואָרפען אין אַלע זייטען און אויף זיין פּנים האָבען ארויסגעטרעטען טראָפּען שוויים. דערנאָך האָט ער לאַנג געקוקט אויף דער קויל פון קריסטאַל.

— ער שלאָפט שוין — האָט מפרים געזאָגט — איז דאָס נישט וואונדערליך?...

— אויב ער מאַכט זיך נישט שלאָפען...

— קנייפּ איהם... שטיק איהם... בריה איהם... — האָט מפרים געזאָגט.

הרהור האָט ארויסגענומען פון הינטער זיין מלבוש א שטילעט און האָט מיט איהם געמאַכט א בעוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט איהם ווארפען אויף ליקאָנ'ען צווישען די אויגען. ליקאָן האָט זיך נישט געריהרט. ער האָט אפילו מיט די ברעמען נישט קיין ריהר געגעבען...

— קוק דאָ! — האָט מפרים געזאָגט, צוגעהענדיג צו איהם מיט דעם קריסטאַל — זעהסט דו דעם, וואָס האָט דיר פערחאפּט קמאַ'ן?...

ליקאָן האָט זיך אויפגעחאפּט מיט צונויפגעדריקטע פויסטען און מיט שוים אין מויל.

— לאָזט מיך אָב!... — האָט ער געשריען מיט א הייזעריגע שטימע — לאָזט מיך, וועל איך זיך אָנטרינקען מיט זיין בלוט...

— וואו איז ער?... — האָט מפרים געפרעגט.

— אין דעם קליינעם פּאַלאַצעל, אין גאָרטען נעבען דעם טייך. א שעהנע פרוי איז נעבען איהם... — האָט ליקאָן געזאָגט.

— זי האסט חברון און איז טוטמאזיס'ענס ווייב — האט איהם הרהור אונטערגעזאגט .

— זיי מודה, מפרים—האט הרהור געזאגט, ווענדענדיג זיך צו זיין חבר—אז אום דאס צו וויסען , דארף מען נישט האבען א דאפעלטע ראיה ...

מפרים האט צוגעדריקט דאס מויל .

— אויב דאס האט דיך נאך נישט איבערצייגט—האט ער דערנאך געענטפערט — ליקאן , זאג איצט, ווער איז דער פערדעטהער,, וועלכער זוכט דעם וועג צום לאבי־רינט ...

דער גרעק האט שטארקער געקוקט אויף דעם קרים־טאל און נאך א ווײלע האט ער געזאגט :

— איך זעה איהם ... ער איז איינגעהילט אין א לײלעך פון א בעטלער .

— וואו איז ער ? ...

— ער ליעגט אויפ'ן הויף פון א שענק,פון דער לעצטער שענק פאר דעם לאבירינט ... אין דער פריה וועט ער דארט זיין ...

— ווי זעהט ער אויס ? ...

— ער האט א געלע בארד און געלע האר אויפ'ן קאפ ...— האט ליקאן געענטפערט .

— נו ? — האט מפרים געפרעגט הרהור'ן

— דו האסט א גוטע פאליציע—האט הרהור געזאגט.

— דערפאר זענען אבער די אויפזעהער פון לאבירינט נישט פעהיג צו זייער דיענסט ! — האט מפרים געזאגט מיט כעס—נאך היינט ביי נאכט וועל איך דארט הין פאה־רען מיט ליקאנ'ען , אום צו ווארנען די כהנים , וואס דאר־

פֿען היטען דעם לאַבּירינט... ווען עס וועט מיר געלונגען צו רעטען דעם אוצר פֿון די נעטער, וועסט דו מיר ערלויבען צו ווערען אַ אויפֿזעהער פֿון דעם לאַבּירינט...

— אויב דו ווילסט, פֿאַר וואָס זאָל איך דיר נישט ערלויבען? — האָט הרהור געזאָגט. אין האַרץ האָט ער זיך אָבּער געקלערט:

„דער פֿרומער מפרים הויבּט אָן ענדליך צו ווייזען זיינע צעהנער און זיינע נעגעל... ער אַליין וויל ווערען נאָר אַ אויפֿזעהער פֿון דעם לאַבּירינט און זיין ליקאָנ׳ען וויל ער מאַכען נאָר... פֿאַר אַ פּרעה!...

אום צו זעטיגען די תּאוות פֿון מיינע געהילפֿע, וואָלטען די געטער געמוזט בעשאַפֿען צעהן מצרים׳ס"...

ווען הרהור מיט מפרים׳ן זענען אַרוים פֿון דעם קעהלער, איז הרהור צו פֿוס צוריקגעגאַנגען אין דעם בית־מקדש פֿון איזידא. וואו ער האָט געהאַט זיין דירה און מפרים האָט געהייסען פֿאַרבערייטען צוויי וואָגענס. אין איין וואָגען האָבען יונגע כּהנים אַריינגעלעגט דעם שלאָפֿענדען ליקאָן, פֿערבּינדענדיג איהם דעם קאָפּ מיט אַ זאַק; אין ד׳ם צווייטען וואָגען האָט זיך געזעצט דער כּהן גדול מפרים אַליין, און זייענדיג אַרומגענומען מיט אַ ביסעל רייטער, איז ער גיך געפֿאָהרען קיין פּיאום.

בּיינאַכט פֿון 14-טען אויף דעם 15-טען פּאַאָפּי, איז סמן־תו אַריין אין לאַבּירינט מיט דעם קאָרידאָר, וועלכער איז איהם גוט בעוואוסט געווען. אין דער האַנד האָט ער געהאַלטען אַ פּעקעל מיט שטאָלקאַצען, פֿון וועלכע איינע האָט זיך געברענט און אויף די פּלייצעס האָט ער געהאַט אַ קליינעם קאָרב מיט כּלים.

סמן=תו איז זע־ר לייכט געגאנגען פון איין זאל אין אנדערן, פון איין קארידאר אין אנדערען, אבּרוקענדיג זעהר לייכט די טאוולען אין די זיילען, וואו עס זענען געווען געהיימע טהירען. טהיילמאל האט ער זיך געשטעלט א ווילע, געלעזען די געהיימע אויפשריפטען איף די וועגד און זיי פערגלייכט מיט די קרעל, וואס ער האט געהאט אויף דעם האלז.

נאך א האלבע שטונדע איז ער געווען נעבען דעם אוצר, וואו ער האט אבּגערוקט א טאוועל אין דער פאדלאגע און איז אריין אין א זאל, וואס איז געווען אונטען. דער זאל איז געווען נידריג, אבער ברייט און לאנג און דער סופית האט זיך געהאלטען אויף א מענגע זיילען.

סמן-תו האט אנידערגעשטעלט דעם קארב און אנ-צינדענדיג צוויי שטאלקאצען, האט ער געלעזען די אויפ-שריפטען אויף דער וואנד.

„טראץ דעם געמיינעם געשטאלט — האט ער געלעזען אויף איין אויפשריפט — בין איך דער אמת׳ר זוהן פון די געטער. ווארום מיין כעס איז שרעקליך.

אויפ׳ן הויף ווער איך פערוואנדעלט אין א פייערדיגען סלופ און איך מאך בליצען. ווען איך בין פערמאכט, בין איך א דונער און א פערדערבער און עס איז נישט פערהאנען קיין בנין, וואס זאל קענען זיך האלטען געגען מיין מאכט.

איך קען לינדערן נאר הייליג וואסער, וועלכעס ניהמט אב ביי מיר די מאכט. אבער מיין כעס ווערט געבוירען פון א פונק, פונקט ווי פון דעם גרעסטען פלאם. געגען מיר פאלט אלעס. איך בין ווי טיפאן, וועל-

בֿער וואַרפֿט אום די העכֿסטע בוימער און הויבט אויף שטיינער"...!

— יעדעס בית־מקדש האָט זיינע סודות, וועלכֿע זענען אין אנדערע בית־מקדש'ס נישט בעוואוסט!...—האָט סמן־תו געזאָגט צו זיך אליין.

ער האָט געעפֿענט איין זייל און אַרויסגענומען פֿון איהם אַ גרויסען טאָפּ, וועלכֿער האָט געהאַט אויף זיך אַ דעק, וואָס איז געווען פֿערקלעבט מיט וואַקס און אויך אַ לאָך איז געווען אין דעם טאָפּ, און אין דעם לאָך האָט געשטעקט אַ לאַנגע, דינע שנור, וועלכֿע האָט זיך געצויגען אין דער זייל און וואו זי האָט זיך געענדיגט, האָט מען נישט געקענט וויסען.

סמן־תו האָט אָבגעשניטען אַ שטיקעל שנור און בעריהרט דערמיט דעם פֿלאַם פֿון דער שטאָלקאַץ. די שנור האָט זיך לייכֿט געבֿרענט, אַרויסגעבענדיג ביים ברענען אַ פֿייפֿעריי.

מיט פֿאָרזיכֿטיגקייט האָט ער אַראָבגענומען די דעק און דערזעהען אין טאָפּ עפּעס ווי זאַנד און אַש־פֿאַרביגע שטיינדעלעך. ער האָט אַרויסגענומען עטליכֿע שטיינדעלעך און אַוועקגעהענדיג אין אַ זייט, האָט ער צו זיי צוגערוקט די שטאָלקאַץ. באַלד האָט אויסגעבראָכֿען אַ גרויסער פֿלאַם און די שטיינדלעך זענען פֿערשוואונדען געוואָרען איבער־לאָזענדיג אַ גרויסען, געדיכֿטען רויך און אַ שלעכֿטען ריח.

סמן־תו האָט דאַן אַרויסגענומען אביסעל זאַנד, אויס־געשיט עס אויף דער פּאָדלאָגע, אַריינגעלעגט דערין אַ שטיקעל שנור פֿון דער שנור, וואָס איז געווען נעבען דעם טאָפּ, און דאָס אלעס האָט ער פֿערדעקט מיט אַ שווע־

רען שטיין. דערנאך האט ער צוגערוקט די שטאלקאץ. די שנור האט זיך אנגעהויבען ברענען און באלד דערנאך איז דער שטיין צווישען פלאמען געשפרונגען אין דער הויך.

— איך האב שוין דעם זוהן פון די געטער!... — האט סמן־תי געזאגט צו זיך אליין מיט א שמייכעל — דער אוצר וועט נישט איינגעזונקען ווערען...

ער איז געגאנגען פון איין זייל צום אנדערען. עפנענדיג טאוולען און ארויסנעהמענדיג פון אינווענדיג טעפ. ביי יעדען טאפ איז געוועזען א שנור, וועלכע סמן־תי האט איבערגעהאקט און די טעפ האט ער געשטעלט אין א זייט...

— נו — האט דער כהן געזאגט — פרעה וואלט מיר געדארפט שענקען א העלפט פון די אוצרות און אמיועניגסטענס — מאכען מיין זוהן פאר א הויפטמאן פון א פראחינץ!... און ער וועט איהם זיכער מאכען פאר א הויפטמאן, ווארום ער איז דאך א גוטער, גנעדיגער הערשער... מיר קומט אמוועניגסטענס דאס בית־מקדש פון עמון׳ען אין טעבי...

פערזיכערנדיג אויף אזא אופן דעם אונטערשטען זאל, ער זאל נישט קענען ארויסגעזעצט ווערען אין דער לופט, איז סמן־תי צוריקגעגאנגען צו דעם אוצר און פון דארט איז ער אריין אין דעם אויבערשטען זאל. דארט זענען אויך געוועזען אויפשריפטען אויף די וועגד. פיעל זיילען און אין די זיילען זענען געוועזען טעפ מיט שנירען און שטיינער, וועלכע האבען אויפגעריסען, ווען ער האט זיי בעריהרט מיט פייער.

סמן־תי האט דורכגעשניטען די שנורען, ארויסגענו־
מען די טעפ פון די זיילען און אביסעל זאנד האט פערבונ־

דען אין אַ שמאַטע און מיטגענומען מיט זיך.

דערנאָך האָט ער זיך געשפּירט זעהר מיעד און זיך געזעצט. עס האָבען זיך איהם אויסגעבּרעיט זעקס שטאַל־קאַצען; די נאַכט האָט זיך שוין אודאי געזאָלט ענדיגען.

— איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבּט — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט — אַז די כּהנים פון דאנען פערמאָגען אַזאַ וואונדערבּאַרען מאַטעריאַל... אַלע פעסטונגען פון אשור וואָלט מען דאָך מיט איהם געקענט צושטערען?.. נו, מיר זאָגען אויך נישט אַלעם אונזערע שילער...

זוכענדיג, האָט ער זיך אָנגעהויבּען טראַכטען, וואָס ווייטער וועט זיין. איצט איז ער זיכער געווען, אַז ער וועט פאַרנעהמען די העכסטע שטעל אין דער מלוכה. ער וועט זיין נאָך מעכטיגער, ווי הרהור איז געווען בּיז איצט.

וואָס וועט ער דאַן טהון?.. אָ, זעהר פיעל וועט ער טהון. ער וועט זיינע קינדער און קינדס־קינדער פערזיכערן קלוגהייט און פערמעגען. ער וועט אַרויסבּעקומען די סודות פון אַלע בּית־מקדש'ס און זיין מאַכט וועט אונגעהויער שטאַרק ווערען און מצרים וועט ער פערזיכערן אַ איבּערמאַכט איבּער אַשור.

דער יונגער פּרעה לאַכט פון געטער, וועט איהם דאַדורך לייכטער זיין איינצופיהרען אין מצרים אַ אמונה פון איין גאָט, צום בּיישפּיעל, פון אָזיריס'ן און שליסען וועט ער פעניציאַנער, יודען, גריכען און לובים צוזאַמען מיט מצרים; אַלע וועלען זיין איין פאָלק, איין מלוכה...

ער וועט אויך צוטרעטען צו דער אַרבּייט בּיי דעם קאַנאַל, וועלכער וועט שליסען דעם רויטען ים מיט'ן מיטעללענדישען ים. ווען ער וועט בּויען פעסטונגען אין דער

לענג פון קאנאל און פערזאמלען וועט ער פיעל מיליטער, וועט דער גאנצער האנדעל מיט מזרח און מערב זיין אין די הענד פון מצרים.

מען וועט אויך מוזען האבען א אייגענעם פלאט און אייגענע מאטראזען... נאר פריהער פון אלעם דארף מען אונטערברענגען אשור, וועלכער ווערט יעדעס יאהר מעכטיגער... מען וועט מוזען זיך נעהמען צו די כהנים... זאלען זיי זיך זיין חכמים, זאלען זיי האבען פערמעגענס, אבער דער מלוכה דינען מוזען זיי און נישט אלעס פאר זיך נעהמען...

— נאך אין חודש התור — האט ער זיך געטראכט — וועל איך זיין א הערשער!... דער יונגער הערשער ליעבט פרויען און מיליטער; צום הערשען האט ער קיין צייט נישט... וועל איך הערשען... און אויב ער וועט קיין זוהן נישט האבען, וועט מיין זוהן...

ער האט זיך פלוצלונג איינגעחאפט. נאך איין שטאל־קאץ האט זיך אויסגעברענט און עס איז שוין צייט געוועזען ארויסצוגעהן פון דעם לאבירינט.

ער האט זיך אויפגעשטעלט, גענומען זיין קארב און איז ארויס פון זאל, וועלכער איז געוועזען איבער דעם אוצר.

— איך דארף נישט קיין געהילפען...— האט ער זיך געטראכט, שמייכלענדיג — איך האב אליין אלעס פערזיכערט... איך אליין... איך, כהן פון גאט שת, וועלכער איז ביי אלע פעראכטעט!...

ער איז דורכגעגאנגען עטליכע צעהנדלינגע צימערען און פלוצלונג האט ער זיך אבגעשטעלט... עס האט זיך איהם געדאכט, אז אויף דער פאדלאגע פון דעם זאל, אין

װעלכען ער איז אריינגעגאנגען, זעהט ער אַ דינעם שטריק פֿון ליכטיגקייט ...

אין איין מינוט האָט איהם דורכגענומען אזא שרעקליכע שרעקניש, אז ער האָט פֿערלאָשען זיין שטאָלקאַץ. דאַן איז אָבער דער שטריק מיט ליכטיגקייט אויף דער פֿאָרלאָגע אויך פֿערלאָשען געוואָרען ...

סמן-תו האָט זיך גוט איינגעהערט; ער האָט אָבער געהערט נאָר דאָס קלאַפּען פֿון דופק אין זיין אייגענעם קאָפּ.

— עס האָט זיך מיר נאָר געדאַכט! ... — האָט ער געזאָגט.

מיט ציטערנדע הענד האָט ער אַרויסגענומען פֿון קאַרב אַ קליין כלי, אין װעלכען עס האָט געצאַנקט אַ פֿייערשוואָם און ער האָט צוריק אָנגעצונדען די שוואָם.

— איך בין זעהר שלעפֿריג! ... — האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין זאַל און איז צוגעגאַנגען צום דער וואַנד, אין װעלכער עס איז געווען אַ געהיימע טהיר. ער האָט געדריקט אַ נאָגעל, און די טהיר האָט זיך נישט געעפֿענט. ער האָט געדריקט אַ צווייטען נאָגעל... אַ דריטען ... און — גאָרנישט ...

— וואָס איז דאָס? — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין מיט בעוואונדערונג.

ער האָט שוין פֿערגעסען אָן דעם שטריק פֿון ליכטיגקייט. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז איהם האָט פּאַסירט אַ נייער פֿאַרפֿאַל, אַזוי פֿיעל געהיימע טהירען האָט ער געעפֿענט אין לאַבירינט און איצט זאָלען די טהירען אין דעם זאַל זיך נישט װעלען עפֿנען! ...

עס האט איהם ווידער דורכגענומען א אימה. ער האט אנגעהויבען לויפען פון איין וואנד צו דער אנדערער און אומעטום האט ער געפרובט צו עפנען די טהירען. ענדליך האט זיך פאר איהם איין טהיר געעפענט. סמך־תו האט טיעף אפגעאטהעמט. ער איז געקומען אין א גרויסען זאל, וועלכער איז געווען פול מיט זיילען, זיין שטאלקאין האט בעלייכט נאר א קליינעם טהייל פון זאל און ווייטער איז געווען זעהר פינסטער.

אין זיין הארץ האט זיך ערוועקט א שטיקעל האפנונג. עס האט זיך איהם געדאכט, אז ווייל ער קען נישט דעם זאל, קען איהם קיין אנדער אויך נישט, בכן וועט איהם קיינער נישט געפינען.

ער האט זיך אביסעל בערוהיגט און דאן האט ער דערשפירט, אז זיינע פיס קענען זיך שוין נישט האלטען פון מידקייט. ער האט זיך אלזא נידערגעזעצט. נאר באלד האט ער זיך ווידער אויפגעכאפט און ארומגעקוקט אין אלע זייטען. ער האט געזוכט דאס ארט, פון וועלכען דאס אונגליק קען קומען.

— אויב איך וואלט באמת געזעהן עפעס א ליכטיגקייט און עמיץ וואלט פאר מיר פערמאכט די טהירען, וואלט איך... — וואס וואלט דאן געווארען מיט מיר?...

— דער טויט!... — האט איהם עפעס אין הארצען געזאגט.

א שוויים האט איהם דאס פנים בעדעקט און דער אטהעם איז איהם געהעמט געווארען. און פלוצלונג איז ער ווי משוגע געווארען פון אימה. ער איז געלאפען ארום

אין זאל און געהאקט מיט די פויסטען אָן די ווענד זוכענדיג א אויסגאנג.

ער האט אָבער דערשפירט אין זיך ווי צוויי נשמות ; איינע אַ משוגענע, די צווייטע — אַ קלוגע. די קלוגע נשמה האט איהם געזאָגט, אַז דאָס אַלעס דאכט זיך איהם נאָר, קיינער האָט איהם נישט ענטדעקט, קיינער זוכט איהם נישט. ער וועט פון דאנען ארויס, ווען ער וועט זיך נאָר אביסעל אָבקיהלען. די משוגע׳נע נשמה האט אָבער פון דעם אַלעם נישט געוואָלט וויסען, זי האט איהם נישט אויפגעהערט צו בעשרעקען מיט׳ן טויט, מיט יסורים

וואָלט ער זיך חאָטש געקאָנט דערהאַלטען אין אַזאַ זאַל!... דאַן וואָלט מען איהם געמעגט זוכען... ער וואָלט זיך דאָ רוהיג געשלאָפען, אויסגערוהט און דערנאָך זיך פריי ארויסגעגאנגען...

— וואָס קאָן מיר דאָ פּאַסירען? — האָט ער געזאָגט הויבענדיג די פּלייצעס — איך וואָלט זיך נאָר בערוהיגט, וואָלטען זיי מיך געקענט יאָגען אין גאַנצען לאַבירינט... אַלע וועגען האָבען זיי דאָך מיר נישט געקענט פערמאַכען. וואָרום דערצו דאַרף מען דאָך עטליכע טויזענדער מענשען!...

נו, אָבער ווען מען וואָלט מיך גאָר געחאַפּט... וואָס קען דאָ זיין?!... איך נעהם מיר אָט דאָס פלעשעלע, איך לעג עס מיר צו די ליפען און אין איין מינוט ענטלויף איך מיר אַזוי, אַז קיינער וואָלט מיך שוין נישט געקענט חאַפּען... אפילו די געטער וואָלטען מיך שוין נישט געחאַפּט...

און דאָך האָט סמן-תו ווידער אָנגעהויבען ציטערן און צום צווייטען מאָל האָט ער פערלאָשען זיין שטאָלקאַץ. קלאַפּענדיג מיט די צייהנער, האָט ער זיך געוואָרפען הינטער

א ווײַל און געלעגען שטיל.

— ווי האָב איך זיך אונטערגעשטעלט דאָ אַרײַנצו־גיין!... האָט ער צו זיך געזאָגט — צו האָב איך נישט געהאַט וואָס צו עסן, וואו דעם קאָפּ נידערצולעגן?... איצט ווער איך געכאַפּט... דער לאַבירינט האָט דאָך פֿיעל אויפֿזעהער, וועלכע שפּירען נאָך, ווי די הינד, און נאָר א קינד, אָדער א נאַר קען זיך פֿאַרשטעלען, אז ער וועט אַרײַן אין לאַבירינט און קײנער וועט איהם נישט זעהן!...

א פֿערמעגען... מאַכט!... וואו איז פֿערהאַנען אזא אוצר, פֿאַר וועלכען עס לוינט אָבצוגעבען דאָס לעבען?... און אָט איך, א מענש אין מיטעלע יאָהרען, האָב שוין אָבגעגעבען מײַן לעבען...

עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער האָט דערהערט א קלאַפּ. ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און ווײַט אין זאַל, האָט ער דערזעהן א בלאַנק...

יאָ: טאַקי א בלאַנק, עס דאַכט זיך איהם נישט... ווײַט אין דער וואַנד איז אָפֿען א טהיר און מיט פֿאָרזיכ־טיגקײַט קומען אַרײַן עטליכע בעוואָפֿענטע מענשען מיט שטאָלקאַצען.

דער כהן האָט דערשפּירט, אז עס ווערט איהם קאַלט אין די פֿיס, און אין האַרץ און אין קאָפּ... איצט איז ער שוין נישט געווען מסופּק, אז מען יאָגט איהם און אָט ווערט ער אַרומגענומען פֿון אלע זײַטען...

ווער האָט איהם אויסגעגעבען?... עס פֿערשטעהט זיך, אז נאָר אײַן מענש: דער יונגער כהן פֿין דעם נאָמשת, וועלכען ער האָט ענטדעקט זײַנע פּלאַנען. דער פֿער־רעטהער אלײַן וואָלט א חודש געמוזט זוכען דעם וועג אין

לאבירינט; אָבער ווען ער האָט זיך פערשטענדיגט מיט די אויפזעהער, קענען זיי איהם באַלד ענטדעקען...

פלוצלונג האָט אָבער סמן-תו אויפגעהערט מורא צו האָבען פאַר׳ן טויט... ער האָט זיך געשפּירט העכער פון די אַלע, וואָס לעבען... איין מינוט דערנאָך וועט ער שוין נישט ליידען... קיין שום סכנה וועט איהם שוין נישט פאָרשטעהן!...

פאַר זיינע אויגען האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט זיין גאַנץ לעבען: זיין אַרבייט, די סכנות, אין וועלכע ער האָט זיך געפונען אַזוי פיעל מאָל, זיינע האָפנונגען און—דאָס אַלעס האָט ביי איהם אויסגעזעהן אַזוי קליינליך. וואָרום וואָס וואָלט ער פון דעם געהאַט, ווען ער וואָלט אַפילו געוועזען אַ פּרעה, אָדער ווען ער וואָלט געהאַט אַלע אוצרות פון לאבירינט?

דאָס אַלעס איז גאָר נישט, שטויב און נאָך ערגער פון שטויב, גלאַט גאָר נישט. איינס איז נאָר זיכער און אמת׳דיג: דער טויט...

די מענשען מיט די שטאָלקאַצען האָבען געזוכט אין די ווינקעלעך. זיי זענען שוין צוגעקומען צו דער העלפט פון דעם ריזענדיגען זאַל. דער כהן האָט געזעהן זייערע בלאַנקענדע שפּיעזען און ער האָט דערקענט, אַז זיי האַלטען זיך עפּעס צוריק, אַז זיי געהען מיט שרעק און אונגערן. עטליכע טריט הינטער זיי איז געגאַנגען אַ אַנדערע גרופּע מענשען, וועלכע האָט זיך בעלייכט דעם וועג מיט איין שטאָלקאַץ.

סמן-תו האָט צו זיי נישט געשפּירט קיין שנאה; ער איז נאָר נייגיריג געוועזען צו וויסען, ווער זיי זענען. דאָס

האָט איהם אָבער אויך נישט פיעל אינטערעסירט; וויכטי־
גער איז איהם געווען די פראגע: פאַר וואָס מוז אַ מענש
שטאַרבען, און צו וואָס ווערט ער געבוירען?... וואָרום
אויב אַ מענש מוז שטאַרבען, האָט דאָך דאָס גאַנצע לעבען
קיין שום ווערט נישט...

— צו וואָס?.. צו וואָס ווערט אַ מענש געבוירען?...

עס האָט איהם אויפגעמונטערט די שטימע פון איין
בעוואָפענטען:

— עס איז קיינער נישט דאָ... קיינער קען נישט
דאָ זיין...

די בעוואָפענטע האָבען זיך געשטעלט. סמן־תי האָט
דערשפירט, אַז ער ליעבט די מענשען, וועלכע ווילען
נישט געהן ווייטער און דאָס הארץ האָט אין איהם געקלאַפּט.

עס איז אָנגעקומען די צווייטע גרופּע, אין וועלכע
מען האָט צווישען זיך געטענה'ט:

— ווי האָסט דו, גרויסער נביא, גאָר געקענט זיך
פאָרשטעלען, אַז דאָ איז אַ מענש אַריינגעקומען?... —
האָט געפרעגט אַ שטימע, וועלכע האָט געציטערט פון
כעס—אַלע איינגענג ווערען דאָך געהיטען, בפרט איצט און
ווען עס וואָלט זיך אפילו אַ מענש אַריינגע'גנב'עט, וואָלט
געווען וואָס?... וואָלט ער געשטאָרבען פון הונגער?...

— און דאָך זעה, גרויסער כהן, ווי ליקאָן פערהאַלט
זיך — האָט אַ צווייטע שטימע געזאָגט — ער זעהט אויס
ווי ער וואָלט געשפירט אַ שונא זעהר נאָהנט ניעבען זיך...

— ליקאָן?... — האָט זיך סמן־תי געקלערט —דער
גריעך, וועלכער זעהט אויס, ווי פרעה... וואָס זעה איך?...
מפריס האָט איהם דאָ געבראַכט...

דער שלאָפענדער גרעק האָט גענומען לויפען און ער האָט זיך געשטעלט פאַר דער זײַל, הינטער וועלכען סמן־תו האָט זיך בעהאַלטען. די בעוואָפענטע מענשען זענען געלאָפען נאָך איהם און דער בלאַנק פון זײער שטאָלקאָץ האָט בעלײַכט די שוואַרצע פיגור פון סמן־תו.

— ווער איז דאָ?...— האָט דער אָנפיהרער געשריען מיט אַ הײזעריגע שטימע.

סמן־תו האָט זיך אַרויסגערוקט. זײַן בעווײַזען זיך האָט געמאַכט אַזאַ שטאַרקען אײַנדרוק, אַז די מענשען מיט די שטאָלקאַצען האָבען זיך צוגערוקט. ער וואָלט געקאָנט דורך זײ דורכגעהן און קײנער וואָלט איהם נישט פערהאַלטען; אַזוי דערשראָקען זענען זײ געוועזען. סמן־תו האָט אָבער שוין נישט געקלערט צו ענטלויפען

— נו, האָט מײַן ליקאָן געהאַט אַ טעות?... — האָט מפרים געשריען, אויסציהענדיג די הענד — אָט איז דער פעררעטהער!...

סמן־תו איז צו איהם צוגעגאַנגען מיט אַ שמײכעל און האָט געזאָגט:

— איך האָב דיך דערקענט, מפרים, אָן דײַן געשרײַ, אַ בעטריגער ביזט דו און אַ נאַר...

אַלע זענען געבליבען ווי פערשטײנערט; סמן־תו האָט געזאָגט רוהיג מיט איראָניע:

— אַ בעטריגער ביזט דו, ווײַל דו רעדסט אײַן די אויפזעהער פון לאַבירינט, אַז דער מערדער האָט אַ דאָפעלטע ראיה. און אַ נאַר ביסט דו, ווײַל דו מײנסט, אַז מען וועט דיר גלויבען. זאָג בעסער דעם אמת, אַז אין דעם בית מקדש פתח געפינען זיך פלאַנען פון לאַבירינט...

— דאָס איז ליגענד! ... האָט מפרים געשריען.

— פרעג די מענשען: ווען זיי גלויבען, דיר צו מיר? איך בין דאָ, ווייל איך האָב געפונען די פלאַנען אין בית-מקדש פון שת, דו ביזט דאָ אהער געקומען, ווייל דו האָסט די פלאַנען געפונען אין בית-מקדש פון פתח — האָט סמן-תו געענדיגט זיינע ווערטער, לאַכענדיג.

— בינדט דעם פערדעטהער און ליגנער! ... האָט מפרים געשריען.

סמן-תו איז צוריקגעשפרונגען עטליכע טריט. גיך האָט ער אַרויסגענומען פון הינטער די קליידער אַ פלעשע-לע און אויפהויבענדיג עס צו דעם מויל, האָט ער געזאָגט:

— מפרים, ביז צום טויט ווערסט דו בלייבען אַ נאַר... דו ביזט קלוג נאָר ווען עס האַנדעלט זיך אום גאָלד...

ער האָט בעריהרט דאָס פלעשעלע מיט זיינע ליפען און איז געפאַלען אויף דער ערד.

די בעוואָפענטע האָבען איהם געחאַפט; ער האָט אָבער שוין נישט געלעבט.

— זאָל ער דאָ בלייבען, ווי אַנדערע... — האָט דער אויפזעהער פון לאַבירינט געזאָגט.

די גאַנצע מחנה איז אַרויס פון זאַל און גוט פער-מאַכט די טהיר. נאָך אַ ווייל זענען זיי אַרויס פון דעם לאַבירינט.

ווען דער גרויסער מפרים איז געוועזען אויפ'ן הויף, האָט ער געהייסען זיינע כהנים איהם פאַרבערייטען די צווייי וועגען און צוזאַמען מיט ליקאָנען איז ער גיך גע-פאָהרען קיין מעמפיס.

די אויפזעהער פון לאַבירינט, זייענדיג בערוישט פון

די אונגעוועהנליכע פארפאלען, האבען געקוקט איינער אויפ'ן אנדרען און אויף דער מחנה פון מפריס'ן, וועלכע איז גיך געריטען אין וואלקען פון שטויב.

— איך קען מיר נישט צוגלויבען — האט דער הויפט-אויפזעהער פון לאבירינט געזאגט — אז אין היינטיגע צייטען האט זיך געזאלט געפינען א מענש, וועלכער האט זיך אונטערגעשטעלט ארייננצוגעהן אין לאבירינט.

— דו פערגעסט גאר, גרויסער כהן, אז היינט זע־נען דריי אריינגעגאנגען אין לאבירינט—האט געזאגט איינער פון די יונגסטע כהנים.

— א... יא!... טאקי!... — האט דער כהן-גדול געענטפערט — צי האבען זיי די געטער אוועקגענומען דעם פערשטאנד? — האט ער צוגעגעבען, רייבענדיג זיך דעם שטערן און דריקענדיג די קמיע, וואס ער האט געהאט אויף דער ברוסט.

— און צוויי זענען ענטלאפען — האט געזאגט דער יונגסטער כהן — דער קאמענדיאנט ליקאן און דער הייליגער מפרים.

— פארוואס האסט דו מיר נישט געזאגט, דארט, אין לאבירינט?... — האט דער כהן-גדול זיך געבייזערט.

— איך האב נישט געוואוסט, אז אזוי וועט גע־שעהן...

— וועה איז צו מיין קאפ!..— האט דער כהן גדול געשריען — נישט קיין הויפט-אויפזעהער דארף איך זיין, נאר א וועכטער פון דעם לאבירינט... מען האט אונז גע־ווארענט, אז מען פערגנב'עט זיך אין לאבירינט און איך האב דערגעגען גארנישט געטהון... און איצט האב איך

ווידער אַרויסגעלאָזט די צוויי געפּעהרליכסטע, וועלכע וועלען דאָ ברענגען, ווענען זיי וועלען נאָר האָבען חשק אַריינצוברענגען ... אוי, ווערה!...

— דו האָסט נישט וואָס צו קלאָגען! — האָט זיך אַ אַנדערער כהן אָנגערופען — אונזער רעבּע ווייזט אונז בפירוש, וואָס מיר האָבען צו טהון ... שיק אַרויס קיין מעמפיס פיער אָדער זעקס אונזערע מענשען און גיב זיי מיט אַ פּסק ... דאָס איבריגע וועט שוין זיין אָבהענגיג פון זיי ...

— איך האָב דעם שכל פערלוירען! ... האָט דער כהן גדול זיך בעקלאָגט.

— וואָס עס איז געשעהן, איז פערפאַלען — האָט איהם דער יונגסטער כהן איבערגעהאַקט די ווערטער — איינס איז זיכער: מענשען, וואָס זענען אַריינגעקומען אין לאַבירינט, טאָרען נישט לעבען ...

— בעשטימט אַלזאָ זעקס מענשען פון אונזער מיליציע ...

— עס פערשטעהט זיך!... מען מוז אַ מאָל מיט דעם אַ סוף מאַכען!...— האָבען די כהנים געזאָגט.

— ווער ווייס, צי מפרים האָט נישט געווירקט, פערשטענדיגענדיג זיך מיט דעם גרויסען הרהור? — האָט איינער געזאָגט.

— גענוג שוין! — האָט אויסגעשריען דער כהן גדול — ווען מיר וועלען חאַפּען הרהור'ן אין דעם לאַבירינט, וועלען מיר זיך אויך פיהרען לויט געזעץ. חושד זיין טאָר מען אָבער קיינעם נישט ... זאָלען די שרייבער אָבשרייבען די פּסקים מפרים'ן און ליקאָנ'ען. די געוועהלטע

זאלען באלד פאהרען צו זיי און די מיליציע זאלען בעסער היטען, פערשטארקען די וואך ... מען דארף אויך פארשען, זוכען און ענטדעקען דאס ארט, וואו סמן־תו איז אריינגעגאנגען ... חאטש איך בין זיכער, אז נישט גיך וועט זיך געפינען א מענש, וואס וועט וועלען דארט אריינגעהן ...

עטליכע שטונדען דערנאך, זענען זעקס מענשען ארויסגעפאהרען פון דארט קיין מעמפיס.

## פינפצעהנטעס קאפיטעל.

דעם 18־טען פאאפי האט אין מצרים געהערשט א מהומה. די קאמוניקאציע צווישען דעם העכערן און נידריגען מצרים איז איבערגעהאקט געווארען, דער האנדעל האט אויפגעהערט, אויפ'ן נילוס האט מען נישט געזעהען קיין שום שיף, אויסער די שיפען פון דעם סטראזש, די וועגען אויף דער יבשה זענען געווען פערנומען מיט מיליטער, וועלכעס איז געגאנגען אין די שטעדט, וואס האבען די בעריהמטסטע בית מקדש'ס.

אויף די פעלדער האבען געארבייט נאר די פויערען פון די כהנים. אין די גיטער פון אדעללייט, הויפטמענער פון פראווינצען און בפרט אין די גיטער, וואס האבען געהערט צו פרעה'ן, איז דער פלאקס נישט אויסגעריסען געווארען, דאס היי איז נישט געווארען געריהרט, די וויינטרויבען האט קיינער נישט געהאט אבצורייסען, די פויערען האבען גאר נישט געטהון. זיי האבען זיך ארומגעשלעפט באנדעסווייז, זיי האבען געזונגען, געגעסען, געטרונקען און געשריען, אז זיי וועלען א סוף מאכען מיט די כהנים און מיט די פעניציאנער ...

אין די שטעדט זענען די קראמען פערמאכט געווען און די בעלי-מלאכות, וואס האבען נישט געהאט קיין ארבייט האבען גאנצע טעג געפיהרט בעראטהונגען וועגען דער מלוכה. די ערשיינונג איז קיין נייעס נישט געווען אין מצרים, איצט איז עס אבער זעהר שטארק געווען. עס איז געקומען דערצו, אז די, וואס האבען איינגעמאהנט דעם מס און די שופטים האבען זיך בעהאלטען פאר'ן המון. די פאליציע האט אלעס צוגעקוקט גלייכגילטיג...

נאך איין זאך איז ווערטה געווען צו בעמערקען — זעהר פיעל עסענווארג און וויין האט דער המון געהאט. אין די שענקען און רעסטאראנען, אין מעמפיס, ווי אויך אויף דער פראווינץ, האט יעדער געקענט עסען און טרינקען, וויפיעל ער האט געוואלט און קיינער האט פון איהם קיין געלד נישט פערלאנגט.

מען האט געזאגט, אז דער הייליגער פרעה מאכט דאס אזא מאהלצייט פאר זיין פאלק און דאס מאהלצייט וועט זיך ציהען א גאנצען חודש.

ווייל די קאמוניקאציע איז בעשווערט געווען און אויף פיעל ערטער איז זי אין גאנצען איבערגעריסען געווארען, האט מען נישט געוואוסט אין איין שטאדט וואס עס טהוט זיך אין דער צווייטער שטאדט. נאר פרעה און נאך מעהר, די כהנים, האבען פערשטאנען די אלגעמיינע לאגע פון לאנד.

די לאגע האט זיך פארגעשטעלט אזוי: אין העכערן מצרים האט די פארטיי פון די כהנים געהאט די אויבערהאנד, אין נידריגערן מצרים האט די אייבערהאנד געהאט די פארטיי פון פרעה'ן. אין טעבי האט מען געזאגט, אז רעמסס דער

דרײַצעהנטער איז משוגע געװאָרען און ער װיל פערקױפען מצרים די פעניציאַנער; אין מעמפיס האָט מען געשמועסט, אז די כהנים װילען סמ'ען פרעה'ן און ברענגען אין לאַנד אַרײַן די אשורים.

דאָס פראָסטע פאָלק, אויף צפון-זײַט און אויף דרום-זײַט, האָט אינסטינקטיװ געליעבט רעמסס'ן. דאָס פאָלק איז אָבער א מאַכט, נאָר װען עס װערט געפיהרט דורך אנדערע, גרױסע און עס לאָזט זיך פיהרען פון אלע. װען עס האָט געערעדט א רעגירונגס-אַניטאַטאָר, זענען די פױערען בערײַט געװעזען אָנצופאַלען אויף די בית-מקדש'ס און שלאָגען די כהנים; װען עס איז אָבער אַרױסגעטרעטען א פראָצעסיע, זענען זײ געפאַלען אויף די פנים'ער און האָבען געציטערט, הערענדיג די נבואות, אז עס װעלען אָנקומען גרױסע אונ-גליקען אויף מצרים.

די אדעללײַט און די הױפטמענער זענען געקומען קײַן מעמפיס און האָבען געבעטען פרעה'ן, ער זאָל זײ ראַטעװען פון די פױערען, װעלכע האָבען זיך געבונטעװעט, און װײַל רעמסס דער דרײַצעהנטער האָט זײ געזאָגט, זײ זאָלען גע-דולדיג זײַן און ער האָט דעם המון נישט בערוהיגט, האָבען זיך די אדעללײַט מיט די הױפטמענער געװענדעט צו די כהנים.

הרהור האָט אָבער געשװיגען, אָדער אויך זײ געזאָגט, װי פרעה. אז זײ זאָלען געדולדיג זײַן; אנדערע כהנים גדולים האָבען אָבער דערצעהלט, אז רעמסס איז משוגע און עפּעס נעגעבען אָנצוהערעניש. אז מען דאַרף איהם אָפּרוקען פון דער מאַכט.

אין מעמפיס אליין זענען געווען צווי פארטייען. עס זענען געווען אונפרומע, וועלכע האבען געשכור'ט, געריישט און מיט בלאטע בעווארפען די מויערען פון די בית־מקדש'ס און די בילדער פון די געטער און אויך פרומע לייט, אממעהרסטען אלטע לייט און פרויען, וועלכע האבען מתפלל געווען אויף די גאסען צו די געטער, זיי זאלען ראטעווען מצרים פון די אונגליקען, וועלכע קומען אן אויף מצרים. די אונפרומע האבען יעדען טאג געמאכט נייע פערברעכען און צווישען די פרומע איז יעדען טאג א קראנקער אדער א קאלעקע געהיילט געווארען.

צו בעוואונדערען איז אבער געווען דאס, וואס דיביידע פארטייען האבען זיך קיין עולה נישט געטהון. אן דעם האט מען געקענט דערקענען, אז די ביידע פארטייען ווערען אנגעפיהרט פון איינע און די זעלבע העכערע ספערען.

פרעה, וועלכער האט נאך נישט געהאט צונויפגענומען דאס גאנצע מיליטער און אלע דאקומענטען געגען די כהנים, האט זיך נישט געאיילט מיט'ן ארויסגעבען א געהיים־בעפעהל אנצופאלען אויף די בית־מקדש'ס; די כהנים האבען אויך אויף עפעס געווארט. דאס האט מען אבער געזעהען, אז היינט שפירען זיי זיך שוין נישט אזוי שוואך, ווי פריהער, ווען די דעלעגאטען האבען זיך צונויפגעקליבען. רעמסס דער דרייצעהנטער איז דערגענען אביסעל שוואך געווארען ביי זיך. ווען מען האט איהם מודיע געווען פון אלע זייטען, אז די פויערען פון די כהנים מישען זיך גאר נישט אין די אונרוהען און זיי ארבייטען רוהיג.

וואס זאל דאס בעדייטען? — האט פרעה זיך אליין

געפֿרעגט — צו מײנען די ראזירטע קעפּ, אַז איך װעל ניִשט דרײסט זײַן אָנצופֿאַלען אויף די בית-מקדש׳ם? צי האָבען זײ עפּעס געהײמע שוץ-מיטלען?"

דעם 19-טען פּאַאָפּי האָט די פּאָליציע מודיע געװען פרעה׳ן, אַז דאָס פֿאָלק האָט בײ נאַכט אָנגעהויבען צו פֿערדאַרבען די מויערן, װעלכע נעהמען אַרום דאָס בית מקדש פֿון חירות.

— איהר האָט דאָס געהײסען?... — האָט פּרעה געפֿרעגט.

— נײן. דאָס פֿאָלק אַלײן האָט דאָס געטהון פֿון זײַן אײגענעם װילען.

— האָלט אַביסעלע אײַן דאָס פֿאָלק... געלאָסען האַלט אײַן... — האָט פּרעה געזאָגט — אין עטליכע טעג אַרום װעלען זײ מעגען טהון, װאָס זײ װילען. אָבער איצט זאָלען זײ נאָך ניִשט אַרויסטרעטען צו געװאַלדיג...

רעמסס דער דרײַצעהנטער, אַלס אָנפֿיהרער פֿון מיליטער, האָט גוט געװאוסט, אַז װען דער המון טרעט אַ מאָל אַרויס צו אַ אָנפֿאַל, קען מען איהם שוין ניִשט אײַנהאַלטען: ער מוז צושלאָגען אָדער אַלײן צושלאָגען װערען. װען די בית מקדש׳ם װאָלטען זיך ניִשט געװעהרט, װאָלט זיך דער המון אַ עצה געגעבען געגען זײ, אָבער װען די כהנים װעלען זיך װעהרען!...

אויב די כהנים װעלען זיך װעהרען, װעט דער המון ענטלויפען, און אָנשטאָט דעם פֿאָלק, װעט מען דאַרפֿען מיליטער, װעלכעס ער האָט געהאַט פֿיעל, אָבער ניִשט אַזוי פֿיעל װי ער האָט געװאָלט האָבען.

אויסער דעם איז חירום נאָך ניִשט צוריקגעקומען פֿון

פי-בושת מיט די בריעף, וועלכע דערווייזען, אז הרהור און מפריס זענען פארערטהער און נאך ערגער איז דאס, וואס די כהנים, וועלכע האלטען מיט פרעה'ן האבען פער־שפראכען צו געבען הילף פרעה'ס מיליטער ערשט דעם 13-טען פאאפי. אבשמועסען זיך נאך אמאל מיט די כהנים און צו ענדערען דעם טערמין איז שוין געווען איצט צו שפעט. מען האט אויך געמוזט פארזיכטיג זיין און צו פיעל זיך נישט אבגעבען מיט זיי.

רעמסס דער דרייצעהנטער האט אלזא נישט געוואלט, אז די אנפאלען אויף די בית-מקדש'ס זאלען פארקומען פאר דעם 13-טען פאאפי.

אבער טראץ פרעה'ס רצון, זענען די אונרוהען גע־וואקסען. נעבען דעם בית-מקדש פון איזידא'ן, האט דער המון דערהרג'עט עטליכע פרומע לייט, וועלכע האבען גע־זאגט, אז אויף פרעה'ן וועלען קומען אונגליקען, און אויך די, וועלכע זענען דורך נסים געזונד געווארען. נעבען דעם בית-מקדש פתח, איז דער המון אנגעפאלען אויף א פרא־צעסיע, האט געשלאגען די כהנים און צוהאקט דאס שיפעל, אין וועלכען דער גאט איז געטראגען געווארען. גלייכצייי־טיג זענען אנגעקומען שטאפעטען פון די שטעדט סיחון און ענו און זיי האבען געבראכט א ידיעה, אז דאס פאלק איז אריין אין די בית-מקדש'ס; אין חירו איז דאס פאלק אריין אויך אין קודש-קדשים און האט פערשוועכט די געטער.

פאר נאכט איז אין געהיים אנגעקומען אין פאלאץ אריין א דעפוטאציע פון כהנים, וועלכע זענען געפאלען פרעה'ן צו די פיס און וויינענדיק האבען זיי געבעטען פרעה'ן, ער זאל זיי און די געטער שיצען.

דאָס האַרץ פֿון רעמסס'ן איז פֿול געוואָרען מיט שמחה און מיט גאוה. ער האָט געהייסען די כהנים אויפֿשטעהן און זיי געענטפֿערט, אז זיינע פֿאָלקען זענען שטענדיג בערייט צו שיצען די בית-מקדש'ס, אויב זיי וועלען נאָר אריינגעפֿיהרט ווערען אין זיי.

— איך בין גאָר נישט מסופק — האָט ער געזאָגט — אז די אָנפֿאַלער וועלען אליין צוריקגעהן, ווען זיי וועלען דערזעהען, אז דאָס מיליטער פֿערנעהמט די בית-מקדש'ס...

די דעלעגאַטען האָבען אין אָנפֿאַנג נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפֿערן. דערנאָך איז אַרויסגעטראָטען דער עלטסטער כהן און האָט געזאָגט:

— דו, הייליגער פרעה, ווייסט גוט, אז דאָס מיליטער טאָר נישט אַריינגעהן אפילו אין הויף פֿון בית-מקדש... מיר מוזען דאדורך פֿרעגען די כהנים גדולים, צו זיי וועלען ערלויבען אריינצופֿיהרען דאָס מיליטער אין בית מקדש אריין.

— אדרבה, האַלט אָב אַ בעראַטהונג — האָט רעמסס געזאָגט, איך קען קיין נסים נישט מאַכען און זייענדיג אין מיין פּאַלאַץ מיט מיין מיליטער צוזאַמען, ווייל איך די בית-מקדש'ם נישט קענען שיצען.

די דעלעגאַטען זענען טרויעריג אַרויסגעגאַנגען פֿון פּרעה'ן, וועלכער האָט באַלד צונויפֿגערופֿען אַ בעראַטהונג. ער איז געווען איבערצייגט, אז די כהנים וועלען זיך אונטערגעבען און עס איז איהם אפילו אויף די געדאַנקען נישט געקימען, אז די דעלעגאַציע איז איהם געקומען נארען, ער זאָל מיינען, אז הרהור און מפרים האָבען טאַקי זעהר מורא פֿאַר איהם און זיי זוכען ביי איהם שוץ

ווען עס האָבען זיך פערזאַמעלט בײַ פרעה'ן די גרויסע ציוויל און מיליטערס לײַט, האָט רעמסס געזאָגט מיט גאוה:

— איך האָב געוואָלט פערנעהמען די בית־מקדש'ם פון מעמפיס ערשט אין דעם 23־טען פאַאָפי... איך רעכען אָבער, אַז מאָרגען וועט בעסער זײַן דאָס צו טהון...

— אונזער מיליטער האָט זיך נישט פערזאַמעלט...

— האָט זיך טוטמאָזיס אָנגערופען.

— און מיר האָבען נישט די בריעף, וואָס הרהור האָט געשיקט קײן אשור — האָט דער גרויסער שרײַבער צוגעגעבען.

— איך דאַרף דאָס אַלעס נישט — האָט פרעה געענטפערט — זאָל דאָס פאָלק מאָרגען זיך דערוויסען, אַז הרהור און מפרים זענען פעררעטהער און די הויפטמענער פון די פראָווינצען און די כהנים וועלען מיר ווײַזען די דאָקומענטען עטליכע טעג שפעטער, ווען חירום וועט צוריקקומען פון פי בושת.

— דאָס נײַע בעפעהל, וואָס דו, הײַליגער פרעה, גיסט אַרויס, ענדערט פיעל דעם ערשטען פלאַן — האָט טוטמאָזיס געזאָגט — מאָרגען וועלען מיר דעם לאַבירינט נישט פערנעהמען... און ווען איך אין מעמפיס וועט מען זיך אונז געגען שטעלען אין די בית־מקדש'ם, וועלען מיר אפילו נישט האָבען מיט וואָס אויסצוהאַקען די טהיערען...

— טוטמאָזיס — האָט פרעה געענטפערט — איך וואָלט געקענט נישט ערקלערען, פאַר וואָס איך הײַס מאָרגען פערנעהמען די בית־מקדש'ם... איך וויל אײַך אָבער איבערצײַגען, אַז מײַן הארץ פערשטעהט טיעפער, וואָס עס טהוט זיך..

— אויב דאָס פֿאָלק — האָט ער ווייטער געזאָגט — פֿאָלט שוין אָן אויף די בית-מקדש'ס, וועט עס מאָרגען וועלען זיך אַריינרייסען אין זיי. אויב מיר וועלען דאָס פֿאָלק נישט שטיצען, וועלען די כהנים דאָס פֿאָלק פֿערטרייבען און אין דריי טעג אַרום, וועט עס שוין נישט וועלען דרייסט אַרויסטרעטען.

און אויב די כהנים שיקען שוין היינט צו מיר א דעלעגאַציע, זענען זיי דאָך זיכער זעהר שוואַך. אָבער אין משך פֿון עטליכע טעג, קען דאָך זייער צד ווערען שטאַרקער צווישען דעם פֿאָלק..

אויב דאָס פֿאָלק איז איצט בערייט צום אָנפֿאַל און די כהנים זענען שוואַך, וואָס האָבען מיר צו וואַרטען?...

— שפּייז האָבען מיר זעהר וועניג—האָט דער שאַצמייסטער געזאָגט—דריי טעג מוז דער המון צוריק צו דער אַרבייט, וואָרום מיר וועלען נישט האָבען מיט וואָס צו שפּייזען אזא גרויסע מחנה.

— זעהסט דו!—האָט פרעה געזאָגט צו טוטמאָזיס'ן—איך אַליין האָב געהייסען דעם הויפּטמאַן פֿון דער פּאָליציע, ער זאָל צוריקהאַלטען דעם המון. אָבער ווען מען קען נישט צוריקהאַלטען דעם המון, מוזען מען זיך בענוצען מיט דער בעוועגונג. א ערפֿאַהרענער שיפֿס-מאַן קעמפֿט נישט געגען דעם שטראָם און אויך נישט געגען דעם ווינד, נאָר ער ערלויבט צו טראָגען די שיף, וואו דער שטראָם אָדער ווינד געהט...

עס איז אָנגעקומען א שליח מיט א ידיעה, אז דאָס פֿאָלק איז אָנגעפֿאַלען אויף די אויסלענדער. עס איז אָנגעפֿאַלען אויף די גריבען, אשורים און אמעהרסטען די פֿעניציאַנער ...

פיעל קראַמען זענען בערויבט געוואָרען און עטליכע מענשען האָט דער המון געהרג'עט.

— דאָ האָט איהר אַ בעווייז — האָט פּרעה אויסגעשריען מיט כעס — אַז דעם המון קען מען נישט אָראָבפיהרען פון דעם וועג, וואָס האָט זיך אַמאָל אָנגענומען!... מאָרגען זאָל דאָס מיליטער זיין נעבען די בית-מקדש'ס!.. און ווען נאָר דאָס פאָלק וועט וועלען דאָרט זיך אַריינרייסען, זאָל דאָס מיליטער באַלד אַריין, אָדער... אָדער ווען דאָס פאָלק וואָלט אָנגעהויבען זיך צוריקרוקען... ווען די כהנים וואָלטען זיך געוועהרט... ניין... יעדענפאַלס מוז דאָס מיליטער איינגעהמען די בית-מקדש'ס...

מאָרגען מוזען הרהור און מפרים אַרעסטירט ווערען און דאָ אַהער, אין פּאַלאַץ מוזען זיי ווערען געבראַכט. מיט דעם לאַבירינט וועלייז מיר "נדיגיי" נ"ד עטליכע טעג...

די מיטגלידער פון דעם ראַטה האָבען אָנערקענט, אַז פרעה'ס בעשלוס קען זיין גוט און זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, בעוואונדערנדיג זיין חכמה. אפילו די גענעראַלען האָבען געזאָגט, אַז בעסער וועט זיין, אויב מען וועט זיך באַלד בענוצען מיט דער געלעגענהייט, איידער צו וואַרטען ביז מען וועט צונויפקלויבען מיליטער און די בעוועגונג וועט שוין שלעכט זיין.

עס איז שוין געווען נאַכט. עס איז אָנגעקומען אַ צווייטער שליח פון מעמפיס און ער האָט געבראַכט אַ ידיעה, אַז דער פּאָליציע האָט געלונגען צו שיצען די אויסלענדער. דאָס פאָלק איז אָבער זעהר אויפגערעגט און מען קען נישט וויסען, וואָס עס וועט מאָרגען טהון...

פון דאמאלס אן זענען אנגעקומען שליחים, איינער נאכ'ן אנדערן. איינער האט דערצעהלט, אז א גרויסע מענגע פויערן, וועלכע זענען בעוואפענט מיט העק און שטעקענס, קומט אן קיין מעמפיס פון אלע זייטען. פון אנדערע, פער-שידענע ערטער, זענען געבראכט געווארען ידיעות, אז פויערן לויפען אין די פעלדער ארײן, שרייענדיג, אז מארגען וועט זיין א סוף מיט דער וועלט. א אנדערער שליח האט געבראכט א בריעף פון חירום'ען, אז ער קומט אן. נאך א אנדערער שליח האט ערצעהלט, אז די פאלקען פון די בית-המקדש'ס זענען ארײן אין דער שטאדט מעמפיס און פון העכערען מצרים קומען אן גרויסע מענגעס מענשען און מיליטער. וועלכע האסען די פעניציאנער און אויך פרעה'ן ליעבען זיי נישט...

— איידער זיי וועלען אנקומען — האט זיך פרעה געקלערט, וועל איך שוין האבען ביי זיך די כהנים גדולים, און אויך ניטאגער'ס פאלקען... זיי האבען זיך אבימעל פערשפעטיגט... אבער קומען וועלען זיי דאך...

מען האט ענדליך געבראכט א ידיעה, אז אויף די וועגען זענען געחאפט געווארען עטליכע פערשטעלטע כהנים, וועלכע האבען זיך געוואלט ארײנחאפען אין דעם פאלאץ פון הייליגען פרעה, וועלענדיג איהם א ודאי הרג'ענען...

— זאל מען זיי צו מיר ברענגען — האט פרעה געענטפערט מיט א שמייכעל, איך וויל זעהן די מענשען, וואס ווילען מיך הרג'ענען!...

אין האלבע נאכט איז אנגעקומען די מלכה ניקאט-

רים און האט דורכאויס פערלאנגט זיך צו זעהן מיט פרעה'ן.

די מלכה איז געווען בלאס און אלע איהרע גלידער האבען געציטערט. זי האט געהייסען די אפיצירען ארויס־געהן פון צימער, און בלייבענדיג איינע אליין מיט פרעה'ן, האט זי געזאגט וויינענדיג:

— זוהן מיינער, איך ברענג דיר שלעכטע ידיעות...

— דו האסט עפעס ידיעות וועגען מיינע געגנער...

— ניין, אנדערע ידיעות האב איך... היינט אבענד האט זיך דאס בילד פון דער געטליכער איזידא אין מיין תפלה־צימער אומגעדרעהט מיט'ן פנים צו דער וואנד און דאס וואסער אין דער מקוה איז רויט געווארען ווי בלוט...

— דאס דערוויזט — האט פרעה געענטפערט — אז אין דעם פאלאץ האבען מיר פערררעטהער. זיי זענען אבער נישט זעהר געפעהרליך, אויב זיי קענען מעהר נישט, ווי וואסער פערשמוציגען און בילדער אומדרעהען.

— אונזער גאנצע דיענסטשאפט — האט די מלכה ווייטער געזאגט — דאס גאנצע פאלק איז איבערצייגט, אז ווען דיין מיליטער וועט אריין אין די בית־מקדש'ס, וועט אויף מצרים א גרויס אונגליק...

— א גרעסער אונגליק איז פאר מצרים די העזה פון די כהנים—האט פרעה געענטפערט—מיין איביג לעבענדער פאטער האט זיי ארייגעלאזט אין פאלאץ און איצט מיינען זיי, אז זיי זענען די בעלי־בתים... און וואס וועל איך זיין, אויב זיי וועלען אומעטום הערשען?... צו טאר איך נישט נעהמען מיינע קעניגליכע רעכטע?...

— אמוויניגסטענס, אמוועניגסטענס—האט די מלכה

געיאגט—זיי א בעל־רחמנות... יא, דיינע רעכטע מוזט דו בעקומען. ערלויב אבער נישט דיינע סאלדאטען צו טהון עולות די כהנים און די געטער... געדענק, אז די גנעדיגע געטער שיקען אראב גליק אויף מצרים און די כהנים, חאטש זיי האבען גרויסע פעהלער, ברענגען פיעל גליק דעם לאנד... ווען דו וואלסט פונאנדערגעיאגט די כהנים, וואלט אומגעקומען די קלוגשאפט, וועלכע דערהעכערט אונזער מלוכה איבער אלע פעלקער.

פרעה האט אנגענומען זיין מוטער ביי די האנד, האט זי געקושט און, לאבענדיג, האט ער איהר געענטפערט:

—דו רעדסט צו מיר, ווי איך וואלט געווען א אנפיה־רער פון ווילדע היקסאסען און נישט א פרעה. וויל איך דען די כהנים א עולה טהון?... צי איך האב פיינד זייער קלוגשאפט, אפילו די שטערנזעהעריי, דאס פארשען די שטערן, וועלכע געהען זיך רוהיג אויפ'ן הימעל אהן אונ־זער פארשען און אהן אונזער הילף און זיי ברייננעז אונז קיין שום נוצען נישט.

מיך רייצט נישט זייער פערשטאנד, נישט זייער פרומ־קייט, נאר די עלענדקייט פון מצרים, וועלכער ווערט איני־ווענדיג אויסגעדארט פון הונגער און אויסוועגדיג ציטערט עס פון הונגער. און די כהנים, חאטש זיי זענען אזוי קלוג, דאך ווילען זיי מיר נישט העלפען, ווען איך וויל מצרים ראטעווען, פערקעהרט, זיי שטעלען זיך מיר געגען מיט גרויס העזה.

ערלויב מיר אלזא, מוטער, איך זאל זיי איבערצייגען, אז נישט זיי, נאר איך בין דער הערר פון מצרים. איך וואלט זיך נישט געקאנט נוקם זיין אן מענשען, וואס געבען

זיך אונטער, אָבער אויף דעם קארק פון די מחוצפים מוז איך טרעטען.

זיי ווייסען דאָס. נאָר זיי גלויבען זיך נישט צו און — ווען עס פעהלט זיי ווירקליכע קראַפט — ווילען זיי מיך אָבּ האַלטען מיט נביאות׳ן ווענען עפּעס אונגליקען. דאָס איז זייער איינציג געוועהר... ווען זיי וועלען אָבער זעהן, אַז איך שרעק זיך נישט פאַר זייערע נאַרישע נביאות׳ן, וועלען זיי זיך אונטערגעבען, וועט זיי קיין האָר פון קאָפּ נישט אראָבּ פאַלען, קיין איין שטיין פון זייערע בית-מקדש׳ם וועט נישט פאַלען, קיין איין פינגערל פון זייערע אוצרות וועט נישט גענומען ווער׳ן.

איך קען זיי!... היינט מאַכען זיי זיך גרויס, ווייל איך בין ווייט פון זיי. ווען איך וועל אָבער אויסציהען צו זיי מיין אייזערנע האַנד, וועלען זיי פאַלען אויף די פנים׳ער און — די גאַנצע מחלוקת וועט זיך ענדיגען, שלום וועט זיין אין לאַנד, גליקליך וועלען אַלע זיין.

די מלכה האָט אַרומגענומען דעם פוס פון פרעה׳ן און זי איז פון איהם אַרויס א געהיילטע. דאָך האָט זי בע- שוואָרען רעמסס׳ן, ער זאָל שוינען די געטער און רחמנות זאָל ער האָבען אויף זייערע דינער.

ווען די מוטער איז אוועקגעגאַנגען, האָט פרעה גע- רופען צו זיך טוטמאָזיס׳ן:

— מאָרגען — האָט פרעה געזאָגט — זאָל מיין מיליטער איינעהמען די בית מקדש׳ם. זאָג אָבער די פאָלקאָווניקעס, אַז מיין רצון איז, מען זאָל נישט ריהרען די הייליגע בית- מקדש׳ם און קיינער זאָל נישט אויפהויבען די האַנד אויף די כהנים.

— אויף הרהור׳ן און מפרים׳ן אויך נישט ?...— האָט טוטמאָזיס געפרעגט.

— אויף זיי אויך נישט—האָט פרעה געענטפערט— זיי וועלען נענוג שטראָף האָבען, ווען זיי וועלען פערלירען זייערע היינטיגע שטעלונגען. זיי וועלען זיך מוזען זיצען אין די בית־מקדש׳ם צווישען די געלעהרטע און דאָרט וועלען זיי אָהן שום שטערונג מתפלל זיין און פאָרשען די חכמה.

— אזוי ווערט געשעהן!... האָטש...

רעמסס האָט אויפגעהויבען א פינגער אין דער הויך, אלס צייכען, אז ער וויל נישט הערען, וואס טוטמאָזיס וויל ווייטער זאָגען. דערנאָך, אום דאס געשפרעך זאָל איבערגעהן אויף א אנדערן געגענשטאנד, האָט ער געזאָגט מיט א שמייכעל:

— געדענקסט דו, טוטמאָזיס, די מאנעווירען נעבען פי־בעלות?... עס זענען שוין פון דאמאָלס אָן פאָראיבער צוויי יאָהר!... בשעת איך האָב זיך דאמאָלס געכעס׳ט אויף דער חוצפה פון די כהנים, האָסטו זיך פאָרגעשטעלט, אז איך וועל זיך אזוי גיך מיט זיי אָברעכנען?...

און די אָרמע שרה... און מיין קליינער זוהן... ווי שען איז ער געוועזען!...

טרערען האָבען זיך געגאָסען אויף דעם פנים פון פרעה׳ן.

— יאָ— האָט ער געזאָגט — ווען איך וואָלט נישט געוועזען א זוהן פון די געטער, וועלכע זענען בארמהערציג און גנעדיג, וואָלטען מיינע שונאים געהאט מארגען א זעהר

שלעכטען טאָג... ווי האָבען זיי מיך ערנידריגט... וויפיעל מאָל האָב איך געמוזט וויינען איבער זיי!...

## זעכצעהנטעס קאַפּיטעל.

דער צוואַנציגסטער פּאָפּי האָט אויסגעזעהן, ווי אין אַ יום-טוב. אַלע בעשעפטיגונגען האָבען אויפגעהערט, אפילו טרעגער האָבען קיין משאות נישט געטראָגען. דאָס גאַנצע פאָלק איז אַרוים אויף די פּלעצער און אויף די גאַסען, פיעל מענשען האָבען זיך פערזאַמעלט אַרום די בית-מקדש'ם און אַטמעהרסטען אַרום דעם בית-מקדש פּתח, וועלכער איז געווען אַממעהרסטען בעפעסטיגט. דאָרט האָבען זיך פערזאַמעלט די גרויסע לייט פון די כהנים און אויך הויכאָנגעשטעלטע אין דער מלוכה, וועלכע האָבען אָבגעהאַלטען צווישען זיך אַ בעראַטונג אונטער דעם פאָרזיץ פון הרהור'ן און מפרים'ן.

נעבען די בית-מקדש'ם איז געשטאַנען מיליטער און די סאָלדאַטען האָבען זיך געשמועסט מיט'ן המון.

צווישען דעם המון און דעם מיליטער זענען אַרומגעגאַנגען פיעל הענדלער מיט קאָרבען ברויט, מיט קרוגען און לעדערנע זעק מיט ווייןָ. זיי האָבען דעם המון געגעבען אַלעס אומזיסט. ווען מען האָט זיי געפרעגט: פאַרוואָס זיי פערלאַנגען נישט, מען זאָל זיי בעצאָהלען? — האָבען עטליכע געענטפערט, אַז דער היילינגער פּרעה צאָהלט פאַר אַלעם, וואָס מען גיט זיינע אונטערטהענער.

די הענדלער זענען געווען אָבגעשיקט פון די כהנים.

אַגענטען האָבען זיך דאָרט אַרומגעדרעהט זעהר פיעל.

עטליכע האָבען דערצעהלט, אַז די כהנים בונטעווען זיך געגען פּרעה'ן און זיי ווילען איהם סם'ען, ווייל ער האָט פערשפּראָכען דעם פאָלק צו געבען רוהע יעדען זיעבענטען טאָג. אַנדערע האָבען דערצעהלט, אַז פּרעה איז משוגע געוואָרען און ער האָט געמאַכט אַ פערשווערונג מיט די אויסלענדער, וועלכע ווילען חרוב מאַכען די בית־מקדש'ס און מצרים. עטליכע אַנטענטען האָבען דאָס פאָלק אונטער־געהעצט, עס זאָל אָנפאַלען אויף די בית־מקדש'ס, וואו די כהנים מיט די הויפּטמענער פון די פּראָווינצען האַלטען אָב בעראַטונגען וועגען דעם, ווי זיי זאָלען דריקען די פּויערען און בעלי־מלאכות. אַנדערע האָבען אויסגעדריקט זייער מורא, אַז ווען מען וואָלט אָנגעפאַלען אויף די בית־מקדש'ס, וואָלט געווען אַ גרויס אונגליק...

קיינער האָט אָבער נישט געוואוסט, פון וואַנען עס האָבען זיך גענומען ביי די מויערען פון בית־מקדש פּתח שטאַרקע בעלקעס און באַרגער שטיינער.

די סוחרים פון מעמפיס, וועלכע האָבען זיך שפּאַצירט צווישען דעם המון, זענען גאָרנישט מסופּק געווען, אַז די מהומה צווישען פאָלק איז קינסטליך ארויסגערופען געוואָ־רען. שרייבערס, פּאָליציאַנטען, אָפיצירען פון אַרבייטער און פערשטעלטע הויפּטמענער פון מיליטער, האָבען זיך גאָרנישט געהיטען דערמיט, אַז זיי ווילען דאָס פאָלק העצען געגען די כהנים. בעטלערס, דיענער פון די בית־מקדש'ס און נידריגערע כהנים, האָבען אויך געמאַכט דעם פאָלק אַ השק אָנצופאַלען אויף די כהנים און די בית־מקדש'ס!...

די קלענערע איינוואָהנער האָבען בעוואונדערט די אויפפיהרונג פון דעם צד פון די כהנים און דאָס פאָלק איז

אָבגעקיהלט געוואָרען פון דעם נעכטיגען התלהבות. די געבוירענע מצריים האָבען נישט געקאָנט פערשטעהן, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און ווער עס האָט אַרויסגערופען די אונרוהען. די מהומה איז נאָך גרעסער געוואָרען דורך דעם, וואָס נאַקעטע מענשען זענען ארומגעלאָפען אין די גאַסען, האָבען זיך געשטאָכען מיט מעסערס, ביז עס האָט זיך פון זיי געגאָסען בלוט און זיי האָבען געשריען:

— וויֵה איז מצרים!... די מאָס פון זינד איז שוין פול און באַלד וועלען די רשעים געמשפט ווערען!... די געטער וועלען וויַיזען זייער מאַכט!...

דאָס מיליטער האָט זיך פערהאַלטען רוהיג, וואַרטענדיג ביז דאָס פאָלק וועט זיך אַריַינרייַסען אין די בית-מקדש'ס. אזא בעפעהל האָט דאָס מיליטער פון דעם קעניגליכען פאלאַץ, און אויסער דעם האָבען די אָפיצירען מורא געהאַט, אז אין די בית מקדש'ס איז זיי אונטערגעשטעלט געוואָרען עפּעס געהיימעס און דאַדורך האָבען זיי בעסער געוואָלט, אז דער המון זאָל פריהר אָנפאַלען.

דער המון האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטען, האָטש די אַגיטאַטאָרען האָבען געשריען און מען האָט יעדען אומזיסט געגעבען וויַין. די פויערען האָבען געקוקט אויף די בעלי-מלאָכות, די בעלי-מלאָכות—אויף די פויערען און אלע צוזאַמען האָבען אויף עפּעס געוואַרט.

פלוצלונג, מיטאָגצייַט, איז פון די זייטען-גאַסען אָנגעקומען צו דעם בית מקדש פתח א שכור'ע באַנדע, וועלכע איז געוועזען בעוואָפענט מיט העק און דרענגער. די באַנדע איז בעשטאַנען פון פישער, גריכישע מאַטראָזען, לובים און אויך אַרעסטאַנטען פון די גראָבען. אָן דער

שפּיץ פֿון דער באַנדע איז געגאַנגען אַ ריזיזענדיגער אַרבײ־טער מיט אַ שטאָלקאָץ אין דער האַנד. ער האָט זיך גע־שטעלט פֿאַר דעם טהויער פֿון בית מקדש און מיט אַ הויכע שטימע האָט ער געשריען צום פֿאָלק:

— צו ווייסט איהר, פֿרומע לייט, וועגען וואָס די כהנים גדולים און די הויפּטמענער פֿון די פּראָווינצען פֿיה־רען בעראַטהונגען? ... אָט, זיי ווילען נויטהען דעם הייליגען פּרעה, ער זאָל די אַרבײטער געבען יעדען טאָג אַ גערשטען־פּלעצעל וועניגער און די פּויערען זאָל ער בעלעסטיגען מיט אַ נײעם אָבצאָהלונג, אַ דראַכמע פֿון יעדען קאָפּ...

דאַרורך זאָג איך אייך, אַז איהר טהוט אַ גרויס נאַרישקייט און אַ נידערטרעכטיגקייט, אויב איהר שטעהט דאָ מיט פֿערלעגטע הענד! ... מען מוז דאָך אמה'ל אויס־חאַפּען די מייז פֿון די בית מקדש'ם און זיי אָבגעבען אין די הענד פֿון פּרעה'ן, וועלכע די רשעים ווילען הרג'ענען!... וואָרום ווען אונזער הערשער וואָלט זיך געמוזט אונטערגעבען דער ראַטהה פֿון די כהנים, ווער וועט זיך אָננעהמען פֿאַר דעם אָרימען פֿאָלק?..

— אמת זאָגט ער!... — האָט מען זיך אָנגערופען צווישען דעם המון.

— אונזער הערשער הייסט אונז געבען רוהע יעדען זיבענטען טאָג...

— און ער וועט אונז געבען...

— ער האָט אַלע מאָל געהאַט אַ רחמנות'דיג האַרץ!.. געדענקט איהר, ווי ער האָט פֿאַר צוויי יאָהר בעפֿרייט די פּויערען, וועלכע זענען אָבגעגעבען געוואָרען אין געריכט,

ווײַל זײ זענען אָנגעפֿאַלען דאָס גוט פֿון דער יודענע?...

— איך אַלײן האָב געזעהען, ווי ער האָט פֿאַר צוויי יאָהר געשלאָגען אַ שרײַבער, וועלכער האָט געוואָלט נעהמען פֿון די פֿויערען אַ אָבצאָהלונג, וואָס איז איהם נישט געקומען...

— אײַביג זאָל לעבען אונזער הערשער, רעמסס דער דרײַצעהנטער, דער שיצער פֿון די בעדריקטע!...

— זעהט נאָר! — האָט זיך אָנגערופֿען אַ שטימע פֿון ווײַטענס — די בהמות געהען אַלײן צוריק פֿון פֿעלד, ווי עס וואָלט געווען פֿאַרנאַכט...

— וואָס האָט איהר צו קוקען אויף די בהמות!... צו די כהנים נעהמט זיך!...

— איהר!... — האָט געשריען דער, וואָס איז געשטאַנען נעבען דעם טהויער פֿון בית מקדש — עפֿענט אונז די טהויערען מיט גוטען, אום מיר זאָלען זיך איבערצײַגען, וועגען וואָס די כהנים מיט די הויפּטמענער בעראַטהען זיך...

— עפֿענט!... וואָרום מיר וועלען דאָס טהויער אויסהאַקען!...

— וואונדערליך! — האָט מען געזאָגט פֿון ווײַטענס — די פֿויגעל לענען זיך שלאָפֿען און איך האָב נאָך נישט אָבגעריסען קײן שאָטען אויף מיטאָג!...

— עס איז דאָך ערשט מיטאָג און עס ווערט שוין פֿינסטער!...

— עפּעס נישט גוטעס געשיעהט אין דער לופֿט!...

די בעמערקונגען זענען בעטויבט געוואָרען דורך דעם געוויש פֿון דער שכיר'ער באַנדע און דאָס קלאַפּען פֿון די בעלקעס אין די קופּערנע טהויערען.

ווען דער המון וואָלט וועניגער געווען פֿערנומען מיט דעם אָנפֿאַל אויף דעם בית מקדש, וואָלט ער דערזעהן, אַז עס טהוט זיך עפּעס אונגעוועהנליכעס. די זון האָט געשיינט, אויפֿ'ן הימעל איז נישט קיין שום וואָלקען און דאָך איז די ליכטיגקייט וואָס אַמאָל קלענער געוואָרען און די לופֿט האָט זיך אָבגעקיהלט.

— נאָך אַ בּיַלקע גיט אַהער!...— האָבען די אָנפֿאַלער געשריען — די טהויערען ברעכען זיך!...

— שטאַרקער! ... נאָך אַמאָל!...

פֿון דעם גרויסען המון, וואָס האָט זיך צוגעקוקט, האָבען זיך אָבגעריסען עטליכע גרופּען און זיך געשלאָסען מיט די אָנפֿאַלער. דערנאָך איז דער גאַנצער המון צוגעשטאַנען צו די בית־מקדש'ס.

עס האָט אָנגעהויבען וואָס אַמאָל טונקערער צו ווערען, אויף דעם הויף פֿון בית מקדש פּתח, האָבען די העהער געקרייעט. דער המון איז אָבער געווען אַזוי אויפֿגערעגט אַז נאָר זעלטען ווער האָט דערזעהען, אַז עס ווערט טונקעל.

— זעהט!...— האָט געשריען עפּעס אַ בעטלער — דער טאָג פֿון משפּט קומט אָן!... געטער!...

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס אויסשרייען. עס האָט איהם אָבער איינער געשלאָגען עטליכע מאָל מיט אַ שטעקען איבער'ן קאָפּ און ער איז געפֿאַלען אויף דער ערד.

אויף די מויערען פֿון דעם בית־מקדש האָבען אַרויפֿגעקלעטערט נאַקעטע, בעוואָפֿענטע מענשען. די אָפֿיצירען האָבען נעהייסען די סאָלדאַטען, זיי זאָלען נעהמען אין די הענד זייער געוועהר, זייענדיג זיכער, אַז באַלד וועלען זיי

מוזען צוריקהאלטען דעם המון פון אנפאל.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — האבען די סאל־דאטען געזאגט, איינקוקענדיג זיך אין הימעל — עס איז אויפ'ן הימעל קיין וואלקען ניט דא און דאך זעהט אויס די וועלט, ווי בעת א געוויטער...

— שלאג!... ברעך!... — האט מען געשריען הינטער דעם בית-מקדש.

די קלאפעריייען פון בעלקעס האבען זיך געהערט וואס אמאל מעהר.

אויפ'ן דאך איבער דאס טהויער, האט זיך געשטעלט הרהור, זייענדיג ארומגענומען מיט א מחנה כהנים און אנדערע גרויסע לייט. ער האט געהאט אויף זיך א גאלדענע הילע און אויפ'ן קאפ — דעם הוט פון אמון-חנף, וועלכער איז געווען ארומגענומען מיט א שלאנג — סימבאל פון הערשונג.

הרהור האט געקוקט אויף דער גרויסער מעננע מענשען און אראב בייגענדיג זיך צו דער שטורמירענדער באנדע, האט ער געזאגט:

— ווער איהר זייט, גלויביגע, אדער אונגלויביגע, רוף איך אייך אין נאמען פון די געטער, איהר זאלט דעם בית מקדש לאזען צורוה...

דער המון איז פלוצלונג שטיל געווארען. מען האט נאר געהערט דאס קלאפען פון די בעלקעס אין די טהויערען. אביסעל שפעטער האט מען שוין די בעלקעס אויך ניט געהערט.

— עפענט דאס טהויער! — האט דער ריעז גע־שריען — מיר ווילען זיך איבערצייגען, צו איהר מאכט

נישט קיין פערשווערונג געגען אונזער העדר...

— זהן מיינער! — האט הרהור געענטפערט—פאל אויף דיין פנים און בעט די געטער, זיי זאלען דיר מוחל זיין דיינע זינד...

— בעט צו די געטער, זיי זאלען דיך שיצען!...— האט געשריען דער אנפיהרער פון דער באנדע, און נעהמענדיג א שטיין, האט ער איהם געווארפען אין דער הויך צו דעם כהן-גדול.

גלייכצייטיג איז ארויס פון דעם פענסטער פון טהורם א דינער שטראם ווי וואסער, אויפ'ן פנים פון דעם ריעזער באנדיט האט זיך געשאקעלט, געדרעהט. געווארפען מיט די הענד און געפאלען אויף דער ערד.

די וואס זענען געשטאנען נעבען איהם, האבען געשריען פון שרעק און די וויטערע רייהען, נישט וויסענדיג, וואס עס איז פארגעקומען, האבען געלאכט און געשאלטען.

— ברעכט אוים דאס טהויער! — האט מען געשריען און א האגעל מיט שטיינער האט זיך געשיט אין דער זייט פון הרהור'ן און זיין מחנה.

הרהור האט אויפגעהויבען ביידע הענד אין דער הויך. ווען דער המון איז ווידער שטיל געבליבען, האט דער כהן-גדול געשריען הויך:

— געטער! אונטער אייער שוץ געב איך איבער די הייליגע בית-מקדש'ס, געגען וועלכע לעסטערער און פעררעטהער טרעטען ארויס...

א ווייליע דערנאך האט זיך געהערט פון דער הויך עפעס א אונמענשליכע שטימע:

— איך ווענד אַוועק מײַן פּנים פֿון דעם פֿערשאָלטענעם פֿאָלק און אויף דערע זאָל פֿאַלען אַפֿינסטערניש.

און עפּעס שרעקליכעס איז געשעהן: בעת די שטי־מע האָט זיך געהערט, האָט די זון פֿערלוירען איהר בלאַנק!... און ווען דאָס לעצטע וואָרט איז געהערט געוואָרען, איז געוואָרען פֿינסטער, ווי בײַ נאַכט. אויפֿ'ן הימעל האָבען געפֿינקעלט די שטערען און אנשטאָט דער זון, איז געשטאַנען אויפֿ'ן הימעל אַ שוואַרצער טעלער, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ פֿלאַמענדע רייף...

הונדערטער טויזענדער מענשען האָבען מיט איין מאָל שרעקליך אויסגעשריען. די וואָס האָבען שטורמירט דאָס טהויער, האָבען געוואָרפֿען זייערע בעלקעס, די פֿויערען זענען געפֿאַלען מיט די פּנים'מער אויף דער ערד.

— עס איז אָנגעקומען דער טאָג פֿון משפּט און טויט!... — האָט געזיפֿצט איינער, וואָס איז געשטאַנען אין עק פֿון דער גאַס.

— געטער! רחמנות!... הײַליגער נביא, דערווײַטער פֿון אונז דאָס אונגליק!... — האָט דער המון געשריען.

— וועה דעם מיליטער, וואָס ערפֿילט דאָס בעפֿעהל פֿון די רשעים, וועלכע זענען זייערע אָנפֿיהרער!... — האָט אַ הויכע אונמענשליכע שטימע געשריען פֿון דעם בית־מקדש.

דער גאַנצער המון איז געפֿאַלען אויף די פּנים'ער און אין צוויי פֿאָלקען, וועלכע זענען געשטאַנען נעבען דעם בית־מקדש, איז געוואָרען אַ מהומה. די רייהען האָבען

זיך געבראָכען, די סאָלדאטען האָבען אָנגעהויבען צו ווארפען דאָס געוועהר און זיי זענען געלאָפען צו דעם טייך. א טהייל פון די סאָלדאטען זענען געלאָפען, ווי בלינדע און אין דער פינסטערניש האָבען זיי זיך צוקלאפט די קעפ אָן די ווענד פון די הייזער; אנדערע זענען געפאַלען אויף דער גאס און זענען צום טויט צוטרעטען געוואָרען דורך זייערע חברים. אין עטליכע מינוטען, זענען אַנשטאָט מיליטער, געלעגען אויפ'ן פלאַץ שפיזען און העק, און ביי די איינגאַנגען אין די גאסען, זענען געלעגען באַרגער פערוואונדעטע און טויטע.

— געטער!... געטער!...—האָט דער המון געזיפצט און געוויינט — דערבארמט זיך אויף אונשולדיגע...

— אָזירים!...—האָט הרהור געשריען, שטעהענדיג אויפ'ן דאך — דערבארם זיך און ווייז דיין פנים דעם אונגליקליכען פאָלק...

— צום לעצטען מאָל דערהער איך די תפלות פון מיינע כהנים, ווייל איך בין ננעדיג...—האָט די אונמענשליכע שטימע געענטפערט פוי דעם בית-מקדש.

און באלד איז פערשוואונדען געוואָרען די פינסטערניש און די זון האָט צוריק בעקומען איהר בלאַנק.

א נייע געשריי, א נייע געוויין, נייע תפלות האָבען זיך געהערט. דער המון. וועלכער איז ווי פערשכור'ט געוואָרען פון שמחה, האָט בעגריסט די זון, וועלכע האָט צוריק אויפגעלעבט, אונבעקאַנטע מענשען האָבען זיך געהאַלזט, עטליכע מענשען זענען געשטאָרבען פון בעראשונג און אַלע זענען געפאַלען אויף די קניען און צוגעקראָכען

צו דעם בית־מקדש, אום די מויערען צו קושען

אויף דעם דאך איז געשטאנען דער גרויסער הרהור און געקוקט אין הימעל ארײן, צװײ כהנים האבען אונ־טערגעהאלטען זײנע הענד, מיט װעלכע ער האט פונאנ־דערגעיאגט די פינסטערניש און געראטעװעט דאס פאלק פון טויט.

אזעלכע סצענעס זענען אויך פארגעקומען אין נידרי־גערן מצרים. אין יעדער שטאדט האט זיך דער המון פערזאמעלט באלד אין דער פריה, אין צװאנציגסטען פאפי, בײ די בית־מקדש'ס און מיטאגצײט האט אומע־טום עפעס א באנדע שטורמירט די טהויערען פון די בית־מקדש'ס. און אומעטום האט זיך געשטעלט אויפ'ן דאך א כהן־גדול מיט א מחנה כהנים און ער האט געשאלטען די רשעים און געבראכט די פינסטערניש צוליעב די זינד פון די אונגלויבער. און װען דער המון איז ענטלאפען אין דער מהומה, אדער ער איז געפאלען אויף די פנים'ער, האבען די כהנים גדולים מתפלל געװען צו אזירים'ן, ער זאל װײזען זײן פנים און — די ליכטיגקײט איז צוריקגע־קומען אויף דער ערד.

אויף אזא אופן האבען די כהנים אונטערגעגראבען אונטער פרעה'ס מאכט, דורך דער לקוי־חמה, אויך אין נידריגען מצרים. אין עטליכע מינוט איז די מאכט פון פרעה'ן געפאלען און די כהנים האבען בעהערשט דאס גאנצע לאנד. פרעה האט געקאנט געראטעװעט װערען, נאר װען ער װאלט געװאוסט, װאס עס טהוט זיך. ער האט אבער דאס אלעס נישט געװאוסט.

דעם 20־טען פאאפי איז פרעה אויפגעשטאנען גלײך

מיט דעם זונענאויפגאנג און אום צו זיין נעהנטער פון דעם אָרט, וואו די ווירקונג זיינע האָט געזאָלט פאָרקומען, האָט ער זיך איבערגעטראָגען פון דעם הויפט-בנין פון זיין פאלאץ אין א ווילע, וועלכע איז געווען נאָר איין שטונדע רייזע צו פוס פון מעמפיס. אין איין זייט פון דער ווילע זענען גע-שטאַנען די קאַזארמען פון די אזיאַטישע פאָלקען, אין דער צווייטער זייט — דאָס קליינע פאַלאַצעל פון טוטמאָזיסען און זיין ווייב, די שענע חברון. צוזאַמען מיט פרעה'ן זע-נען דאָרט אהינגעקומען די גרויסע לייט, וועלכע זענען גע-בליבען טריי רעמסס'ן און דער ערשטער פאָלק פון דער גוואַרדיע, וועלכען פרעה האָט זעהר פיעל געטרויעט.

רעמסס דער דרייצעהנטער איז געווען ביים בעסטען הומאָר. ער האָט זיך געבאָדען, געגעסען פריהשטיק מיט אפעטיט און ער האָט אָנגעהויבען אויסהערען, וואָס עס האָבען דערצעהלט די שטאַפעטען, וועלכע זענען יעדעם פיערטעל שטונדע אָנגעקומען פון מעמפיס.

די ראַפּאָרטען פון די שטאַפעטען זענען געווען גלייך איינער צום אַנדערען. די כהנים גדולים און עטליכע הויפט-מענער פון די פראָווינצען, אונטער דער לייטונג פון הרהור'ן און מפרים'ן, האָבען זיך פערמאַכט אין דעם בית-מקדש פתח. דאָס מיליטער איז פיל מיט מוט און דאָס פאָלק איז אויפגערעגט. אַלע בענשען פרעה'ן און וואַרטען אויף א בעפעהל צום אַטאַקירען.

9 א זייגער אין דערפריה האָט דער פיערטער שטאַ-פעט איבערגע'חזר'ט די זעלבע ווערטער. פרעה'ן איז דאָס שוין לאַנגווייליג געוואָ-ען.

— אויף וואָס וואַרטען זיי?...— האָט ער געפרעגט—

זאָלען זיי באלד אטאקירען.

דער שטאפּעט האָט גענטפערט, אז עס איז נאָך נישט אָנגעקומען די הויפּטבאנדע, וועלכע דארף אָנפאלען אויף דעם בית-מקדש און צוברעכען די קופּערנע טהויערען.

די ערקלערונג איז פרעה'ן נישט געפעלען געוואָרען. ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ארויסגעשיקט קיין מעמפיס א אָפיציר, אום ער זאָל צואיילען דעם אטאק.

— פארוואָס האלטען זיי זיך צוריק?... — האָט ער געפרעגט — איך האָב געמיינט, אז מיין מיליטער וועט מיך אויפוועקען מיט דער בשורה, אז די בית-מקדש'ס זענען גענומען געוואָרען... און אזעלכע פארפאלען איז שטענדיג דער עיקר צו מאכען אלעס גיך...

דער אָפיציר איז גיך געריטען קיין מעמפיס און נעבען דעם בית-מקדש פּתח האָט זיך פארט גארנישט געענדערט. דער המון האָט אויף עפּעס געווארט און די הויפּט-באנדע איז נאָך נישט אָנגעקומען.

10 א וייגער אין דערפריה איז צו פרעה'ן אָנגעקומען זיין מוטער, די מלכּה ניקאָטריס. זי איז מיט גוואלד אריין אין פרעה'ס צימער און מיט געוויין איז זי איהם געפאלען צו די פיס.

— וואָס ווילסטו, מוטער? — האָט רעמסס געזאָגט, בעמיהענדיג זיך צו פערבארגען זיין אונגעדולד — צי האָסטו פערגעסען, אז אין א מחנה פון מיליטער איז קיין אָרט נישט פארהאן פאר פרויען?...

— היינט וועל איך זיך נישט ריהרען פון דאנען. איך וועל דיך איין מינוט נישט אָבלאָזען!... — האָט זי אויסגעשריען — דו ביזט טאקי א זוהן פון איזידא און זי

שטיצט דיך... דאָך וואָלט איך געשטאָרבען פון שרעק, ווען איך וואָלט ביי דיר נישט געווען.

— וואָס פאַר א אונגליק שטעהט מיר פאָר? — האָט פרעה געפרעגט, הויבענדיג די פּלייצעס.

— דער כהן, וועלכער פאָרשט די שטערען — האָט די מלכה געזאָגט מיט געוויין — האָט ערצעהלט איינע פון די דינסטיינס, אז אויב היינט... אויב דער היינטיגער טאָג וועט דיר פאַראיבערגעהן רוהיג, וועסטו לעבען און הערשען הונדערט יאָהר.

— וואו איז דער, וואָס קאָן זיך אזוי גוט אויף מיין גורל?...

— ער איז ענטלאָפען קיין מעמפיס... — האָט די מלכה געענטפערט.

פרעה האָט זיך פערטראַכט, דערנאָך האָט ער געזאָגט, לאַכענדיג:

— ווי די לובים האָבען א מאָל אויף אונז געשאָסען, אזוי שיסען היינט די כהנים צו אונז, נישט מיט שטיינער, נאָר מיט ווערטער... זיי רוהיג, מוטער! די פלווידעריי וועט וועניגער געפעהרליך פון דעם שיסעריי און פון די שטיינער...

פון מעמפיס איז אָנגעקומען א נייער שליח מיט א ידיעה, אז אלעס איז אין אָרדנונג, נאָר די הויפּטבאַנדע קומט עפּעס נישט אָן.

אויף פרעה'ס פּנים האָט זיך געוויזען א כעס. וועלענדיג דעם הערשער בערוהיגען, האָט זיך טוטמאָזיס אָנגערופען:

— דער המון איז נישט קיין מיליטער. א המון קען זיך נישט פערזאַמלען אין א בעשטימטע שטונדע; געהעני-

דיג, פערהאלט ער זיך, ווי בלאטע און הערט נישט קיין קאמאנדע. ווען מען וואלט די פאלקען געהייסען נעהמען די בית־מקדש׳ם, וואלטען זיי שוין דארט געווען לאנג...

— וואס זאגסטו, טוטמאזים? ... — האט די מלכה אויסגעשריען — וואו איז נאך דערהערט געווארען, אז מיליטער פון מצרים...

— דו האסט פערגעסען — האט איהר רעמסס איבער־געהאקט די ווערטער — אז לויט מיין בעפעהל, האט נישט דאס מיליטער געזאלט אנפאלען, נאר פערקעהרט, ווערהרען די בית־מקדש׳ם פון דעם המון...

— דאדורך פערשפעטיגען מיר זיך דאך אין אונזער ווירקונג — האט טוטמאזים געענטפערט מיט אונגעדולד.

— דאס זענען די יועצים פון פרעה׳ן! — האט די מלכה געשריען מיט כעס — פרעה טהוט גוט, ארויסטרע־טענדיג אלס שיצער פון די געטער און איהר, יועצים אנשטאט איינהאלטען זיין כעס, מאכט איהר איהם נאך א חשק אנצופאלען... אין טוטמאזים׳ן האט דאס בלוט גע־קאכט. צום גליק האט איהם זיין אדיוטאנט ארויסגערופען פון צימער, דערצעהלענדיג איהם, אז אין טהויער איז פערהאלטען געווארען איינער א אלטער, וועלכער וויל רע־דען מיט פרעה׳ן.

— ביי אונז — האט דער אדיוטאנט געמורמעלט — וויל יעדער זיך זעהען מיט פרעה׳ן; ווי פרעה וואלט געווען א קרעטשמער.

טוטמאזים האט זיך געקלערט, אז אין די צייטען פון רעמסס דעם צוועלפטען, וואלט דאך קיינער נישט געהאט די העזה אזוי זיך אויסצודריקען וועגען פרעה׳ן... ער האט

זיך אָבער נישט געמאַכט בעמערקען די ווערטער פון אַדיוטאַנט.

דער אַלטער מאַן, וועלכען מען האָט פערהאַלטען ביים טהויער, איז געוועזען חירום, וועלכער האָט געהאַט אויף זיך אַ מאַנטעל פון אַ סאָלדאַט. ער איז געוועזען זעהר פערג מאַטערט און דערצירנט.

טוטמאָזיס האָט איהם געהייסען אריינלאָזען און ווען ביידע זענען געוועזען אין גאָרטען, האָט ער איהם געזאָגט:

— איך רעכען, אַז דו, גרויסער חירום, וועסט זיך באָדען און ענדערן דיינע מלבושים איידער דו וועסט אריינגעהן צו פרעה'ן.

חירום האָט פערקרימט דאָס פנים און אויסגעגלאָצט די אויגען.

— נאָך דעם, וואָס איך האָב געזעהען — האָט ער געענטפערט — האָב איך אַ ברירה גאָר נישט צו בעטען, מען זאָל מיר אריינלאָזען צו פרעה'ן...

— דו האָסט דאָך די בריעף פון די כהנים גדולים וועלכע זענען געשיקט געוואָרען קיין אשור!...

— צו וואָס טויגען מיר די בריעף, ווען איהר האָט שלום געשלאָסען מיט די כהנים?...

— וואָס רעדסט דו?... — האָט זיך טוטמאָזיס געבייזערט.

איך ווייס, וואָס איך זאָג!... — האָט חירום געענטפערט — איהר האָט גענומען פון די פעניציאַנער צעהנדליגע טויזענדער טאַלענטען, כלומר'שט אום צו בעפרייען מצרים פון די כהנים'ס מאַכט, און היינט בערויבט איהר אונז און מאָרדעט אונז פאַר דעם געלד, וואָס מיר האָבען

אײַך געגעבען ... זעה, וואָס עס טהוט זיך אין גאַנצען לאַנד: אימעטום יאָגט דער המון די פעניציאַנער, ווי די הינד, וואָרום אַזוי האָבען די כּהנים געהייסען ...

— דו ביזט משוגע געוואָרען? ... אונזער המון נעהמט דאָך איצט דאָס בית־מקדש פּתח אין מעמפיס! ...

חירום האָט געשאָקעלט מיט דער האַנד.

— איהר וועט נישט נעהמען דאָס בית־המקדש! ... — האָט ער געזאָגט — איהר נאַרט אונז, אָדער איהר אַליין זענט גענאַרט ... איהר האָט דאָך קודם כּל געזאָלט אײַנעהמען דעם לאַבירינט און זײַן אוצר און דאָס אַלעס האָט דאָך געזאָלט געשעהן נישט היינט, נאָר ערשט אין 23־טען פּאַאָפי ... דערווײַל פערשווענדעט איהר היינט אײַערע כּחות נעבען בית־המקדש פּתח און דעם לאַבירינט וועט איהר שוין דערנאָך נישט קענען נעהמען ...

וואָס טהוט זיך דאָ בײַ אײַך? ... — האָט חירום ווײַטער געשריען מיט כּעס — וואו איז אײַער פערשטאַנד? ... צו וואָס טויג אײַך דאָס שטורמען בײַ די לערע בנינים? ... איהר פאַלט אָן די לערע בנינים, אַודאי נאָר, אום די כּהנים זאָלען פערשטאַרקען די אויפזיכט בײַם לאַבירינט? ...

— דעם לאַבירינט וועלען מיר אויך נעהמען — האָט טוטמאַזיס געזאָגט.

— איהר וועט גאָר נישט נעהמען, גאָר נישט! ... דעם לאַבירינט האָט געקענט נעהמען נאָר איין מענש ... איהר שטערט דאָך איהם אָבער אין זײַן אַרבײַט מיט אײַערע נאַרישע אויפפיהרונגען אין מעמפיס ...

— וואָס ווילסט דו? — האָט איהם טוטמאַזיס ענדליך געפרעגט מיט כּעס.

— וואָס איך וויל? דער אונאָרדנונג, וואָס הערשט בײַ אײַך, איז אַ אונגליק פֿאַר אײַך און פֿאַר אונז... איהר זענט שוין נישט קיין רעגירונג, נאָר אַביסעל אָפּיצירען און הויכאָנגעשטעלטע לײַט, וועלכע די כהנים יאָגען, וואוהין זײַ ווילען און ווען זײַ ווילען... שוין דרײַ טעג הערשט אין מצרים אַזאַ מהומה!... דער המון רויבט און מאָרדעט אונז, פֿעניציאַנער, אײַערע טרײַסטע קנעכט... און פֿאַר וואָס איז אַזוי?... ווײַל איהר האָט פֿערלוירען די מאַכט און די כהנים האָבען זי איבערגענומען...

— דו זאָגסט אַזוי, ווײַל דו קענסט נישט די לאַגע — האָט איהם טוטמאָזיס נעענטפֿערט — דאָס איז אמת, אַז אויף דעם בעפֿעהל פֿון די כהנים פֿאַלט אָן דער המון אויף די פֿעניציאַנער. די מאַכט איז אָבער דאָך אין דער האַנד פֿון פרעה'ן. די אַלגעמײַנע געשעהענישען ווערען אָבער דאָך געפֿיהרט לויט דעם בעפֿעהל פֿון פרעה'ן.

— און דער הײַנטיגער אָנפֿאַל אויף דעם בית־מקדש פתח, איז אויך געמאַכט געוואָרען לויט אײַער פּלאַן? — האָט חירום געפֿרעגט.

— יאָ. איך אַליין בין געוועזען אויף אַ געהײַמע בעראַטהונג, ווען פרעה האָט געהײַסען אײַננעהמען די בית־המקדש'ס הײַנט, אַנשטאָט דעם 23־טען פּאַאָפֿי...

— נו — האָט איהם חירום איבערגעהאַקט די ווערטער — איך זאָג, דער הויפּטמאַן פֿון דער גוואַרדיע, אַז איהר זענט שוין פֿערפֿאַלען... וואָרום איך ווײס זיכער, אַז די הײַנטיגע אָנפֿאַלען זענען בעשלאָסען געוואָרען אויף אַ זיצונג פֿון די כהנים־גדולים מיט די הויפּטמענער פֿון די פּראָווינצען, וועלכע איז איבערגעהאַלטען געוואָרען אין

בית־המקדש פתח דעם 13־טען פאָפּי.

— צו וואָס וואָלטען זיי בעשלאָסען איינצואָרדנען אַ אָנפאַל אויף זיך אַליין ? — האָט טוטמאָזיס געפרעגט מיט ליצנות.

— געוויס האָבען זיי אין דעם עפּעס אַ אינטערעס. און אַז זיי פיהרען בעסער זייערע אינטערעסען פון אייך, האָב איך זיך שוין לאַנג איבערצייגט.

— אָבער!... אָבער!... האָט חירום צוגעגעבען — אייערע סאָלדאַטען האָבען פערהאַלטען אויפ׳ן וועג דעם כהן פענטועך, וועלכער האָט איבערצוגעבען פרעה׳ן אַ וויכטיגע זאַך.

טוטמאָזיס האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ און באַלד האָט ער געשיקט אָפיצירען, זיי זאָלען אָבזוכען פענטועך׳ן. דערנאָך איז ער געלאָפען צו פרעה׳ן און נאָך אַ ווײַלע איז ער צוריקגעקומען און האָט געהייסען חירום׳ען אַריינגעהן מיט איהם צו רעמסס׳ן.

ווען חירום איז אַריינגעקומען אין פרעה׳ס צימער, זענען דאָרט געווען: די מלכה ניקאָטריס, דער גרויסער שאַצמייסטער, דער גרויסער שרייבער און עטליכע גענע־ראַלען. רעמסס דער דרייצעהנטער איז געווען אין כעס און איז גיך געגאַנגען אויף און אָב אין צימער.

— אָט, דאָס איז דאָס אונגליק פון פרעה׳ן און פון מצרים! — האָט די מלכה אויסגעשריען, ווייזענדיג מיט דער האַנד אויף חירום׳ען.

— פערגעטערטע מלכה! — האָט חירום געענטפערט רוהיג, בוקענדיג זיך — די צייט וועט ווייזען, ווער עס איז

געווען טריי און ווער עס האט שלעכט גערידענט דעם היי־
ליגען פרעה...

רעמסס דער דריי־צעהנטער האט זיך פלוצלונג גע־
שטעלט פאר חירום'ען.

— דו האסט די בריעף פון הרהור'ן, וועלכע ער
האט געשיקט קיין אשור?... האט ער געפרעגט.

חירום האט ארויסגענומען פון הינטער זיינע מלבושים
א פעקעל און שוויינענדיג האט ער עס איבערגעגעבען
פרעה'ן.

— דאס האב איך בעדארפט! — האט ער אויסגע־
שריען מיט טריאומף — באלד מוז מען פערעפענטליכען
דעם פאלק, אז די כהנים־גדולים האבען פערראטהען די
מלוכה...

— זוהן מיינער — האט די מלכה זיך געבעטען —
איך בעשווער דיך ביים שאטען פון דיין פאטער... ביי
אונזערע געטער: ווארט אב עטליכע טעג... מיט די מתנות,
וועלכע מען בעקומט פון די פעניציאנער, מוז מען פאר־
זיכטיג זיין...

— הייליגער פרעה! — האט זיך חירום אנגערופען.
דו קענסט אפילו פערברענען די בריעף. מיר זענען זיי
נישט נויטהיג...

פרעה האט א ווייל געטראכט און דערנאך האט ער
בעהאלטען דאס פעקעל הינטער דעם קאפטאן.

— וואס האסט דו געהערט אין נידריגערן מצרים? —
האט ער געפרעגט.

— אומעטום שלאגט מען די פעניציאנער — האט חירום
געענטפערט — אינזערע הייזער ווערען רואינירט, אונזער

הויזווירטשאפט ווערט געריבט און אפשר הונדערט מענשען זענען שוין געהרגעט געוואָרען.

— איך האָב געהערט!... דאָס איז די כהנים'ס מלאכה — האָט פרעה געזאָגט.

— זאָג בעסער, מיין זוהן, אַז דאָס אַלעס איז אַ רעזולטאַט פון דער אונפרומקייט און רשעות פון די פעניציאַנער — האָט זיך די מלכה אָנגערופען.

חירום האָט זיך אומגעדרעהט מיט'ן רוקען צו דער מלכה און געענטפערט:

— שוין דריי טעג זיצט אין מעמפיס דער הויפטמאַן פון דער פּאָליציע אין פי-בושת מיט צוויי געהילפען און זיי וויסען שוין, וואו עס געפינט זיך דער רוצח ליקאָן...

— ליקאָן, וועלכער איז ערצויגען געוואָרען אין בית-מקדש פון די פעניציאַנער — האָט די מלכה ניקאָטריס אויסגעשריען.

— ... ליקאָן — האָט חירום ווייטער געזאָגט — וועלכען דער כהן-גדול מפרים האָט אָבגענומען דער פּאָליציע און דעם געריכט... ליקאָן, וועלכער איז אין טעבי ארומגעלאָפען אין די גערטנער, אלס היילינער פרעה און זיך געמאַכט משוגע...

— וואָס זאָגסטו? — האָט פרעה געשריען.

— פרעג, היילינער פרעה, די פערגעטערטע מלכה, זי האָט איהם געזעהען... — האָט חירום געענטפערט.

רעמסס איז מבולבל געוואָרען און געקוקט אויף דער מוטער.

— יאָ — האָט די מלכה געענטפערט — איך האָב געזעהן, נאָר דיר האָב איך גאָר נישט געזאָגט, אום דיר קיין

עגמת נפש נישט צו מאכען... איך מוז דיר אָבער ערקלערען, אז קיינער האָט נישט קיין בעוויז דערויף, אז ליקאָן איז אונטערגעשטעלט געוואָרען דורך די כהנים גדולים... עס איז דאָך מעגליך, אז די פעניציאנער האָבען דאָס געמאַכט...

הירום האָט געשמייכעלט.

— מוטער!... מוטער!... — האָט זיך פרעה אָנגערופען מיט פערדרוס — צי מיינסט דו טאַקי, אז די כהנים זענען בעסער פון מיר אויך?...

— דו ביסט מיין זוהן און מיין טהייערסטער הערשער — האָט די מלכה געזאָגט מיט התלהבות — איך קען אָבער נישט ליידען, אז א פרעמדער, א געצענדיענער... זאָל אויסטראַכטען בלבולים אויף דעם הייליגען כהנים־שטאַנד, פון וועלכען מיר ביידע שטאַמען..

— אָ, רעמסס!...— האָט זי אויסגעשריען, פלאַמענדיג אויף איהר פנים — פעריאָג די שלעכטע יועצים, וועלכען געבען דיר עצות, דו זאָלסט פערשוואַכען די בית־המקדש׳ם, דו זאָלסט אויפהויבען די האַנד געגען דעם פערטרעטער פון דיין זיידען אמון־חטף!... עס איז נאָך צייט... נאָך צייט צו שלום... צו ראַטעווען מצרים...

פלוצלונג איז אריין אין צימער פענטוער איי צוריסענע מלבושים

— נו, וואָס דערצעהלסט דו? — האָט פרעה רוהיג געפרעגט.

—הייגט, אפשר באַלד, וועט זיין א לקוי חמה...— האָט דער כהן געענטפערט.

פרעה האָט זיך צוריקגערוקט מיט בעוואונדערונג.

— וואָס אינטערעסירט מיך אַ לקוי חמה ?...

— הערשער— האָט פענטוער געענטפערט — איך האָב אויך אַזוי געמיינט אײדער איך האָב געלעזען אין די אַלטע בעשרייבונגען, וואָס עס האָט זיך געטהון בײַ יעדער לקוי־חמה ... די ערשײַנונג בעשרעקט אַזוי, אַז עס איז זעהר נויטווענדיג פאָראויס מודיע צו זײַן דעם פאָלק, אַז עס וועט זײַן אַ לקוי חמה, אום עס זאָל זיך דערנאָך נישט שרעקען

— אַט איז דאָס אונגליק פערטיג !...— האָט חירום געזאָגט.

— פאַרוואָס האָסט דו דאָס נישט פריהער צווויסען געטהון ?...— האָט טוטמאָזיס געפרעגט דעם כהן

— צוויי טעג האָבען מיר די סאָלדאַטען געהאַלטען אַרעסטירט . . . דאָס פאָלק וועלען מיר שוין נישט קענען וואָרנען, עס זאָל זיך נישט שרעקען, נאָר אַמווענינגסטענס זײַט מודיע דאָס מיליטער, וועלכעס שטעהט נעבען דעם פאַלאַץ, אום עס זאָל צווישען די סאָלדאַטען נישט ווערען אַ מהומה ...

— שלעכט, שלעכט !... — האָט פרעה געזאָגט — אָבער וואָס וועט דאָס זײַן און ווען וועט דאָס פאָרקומען ?...

— בײַטאָג וועט פינסטער ווערען, ווי בײַנאַכט ..— האָט דער כהן געענטפערט— די פינסטעריש וועט דויערען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מען געהט אָב 50 טריט, אָנהויבען וועט זי זיך מיטאָג ... אַזוי האָט מיר געזאָגט מענעס...

— מענעס ? — האָט פרעה געזאָגט — איך קען דאָך דעם נאָמען, נאָר ...

— ער האָט וועגען דעם געשריבען אַ בריעף צו׳ם

הייליגען פרעה ... זייט אָבער באלד מודיע דעם מיליטער !.

באלד האָבען זיך געהערט טראָמפּעטען . די גוואַרדיע און די אזיאַטען האָבען זיך אויסשטעלט אין רייהען מיט זייער געוועהר און פרעה אליין מיט זיין שטאַב האָבען מודיע געווען דעם מיליטער , אז באלד וועט פינסטער ווערען . דערביי האָבען זיי אויך געוואָרענט די סאָלדאַטען , זיי זאָלען נישט מורא האָבען, וואָרום די פינסטערניש וועט באלד דורכגעהן און ער, פרעה אליין , בלייבט דאָ מיט זיי ...

— אייביג זאָלסט דו לעבען !... האָבען די סאָלדאַטען אויסגעשריען .

גלייכצייטיג זענען ארויסגעשיקט געוואָרען עטליכע קלוגע רייטער קיין מעמפיס .

די גענעראַלען זענען געשטאַנען אַן דער שפּיצע פון די רייהען , פרעה האָט זיך ארומגעדרעהט א פערטראַכטער אין הויף , די גרויסע לייט האָבען שטיל זיך געס׳ד׳עט מיט חירום׳ען און די מלכּה ניקאָטריס , בלייבענדיג אליין אין צימער , איז געפאַלען אויפ׳ן פּנים פאר דעם ביל' פון אָזיריס׳ן .

עס איז שוין דאַמאָלס געווען נאָך איינס א זייגער ביי טאָג און די ליכטיגקייט פון דער זון האָט אָנגעהויבען קלענער צו ווערען .

— עס וועט טאַקי באלד פינסטער ווערען ? — האָט פרעה געפרעגט פענטוער׳ן .

— עס וועט ווערען נאַכט , אָבער נישט לאַנג וועט זי דויערען .

— וואו וועט די ליכטיגקייט זיך הינטהון ?

— די זון וועט זיך בעהאַלטען אונטער דער לבנה !

— איך מוז צוריק גנעדיג ווערען צו אונזערע חכמים, וועלכע פארשען די שטערען !... — האט פרעה געזאגט צו זיך אליין.

די פינסטערניש איז וואס אמאל גרעסער געווארען. די פערד פון די איזאטען זענען אונרוהיג געווארען, א מחנה פייגעל זענען אנגעקומען און זיך געזעצט אויף אלע בוימער פון גארטען...

— רופט זיך אן !.. האט קאליפאס געשריען צו זיינע גריכען.

די גריכען האבען געפויקט, געשפיעלט אויף פלעטען און געזונגען זייער ליעד, וועגען דער טאכטער פון דעם כהן, וועלכע האט אזוי מורא געהאט פאר שדים, אז זי האט געמוזט שלאפען אין די קאזארמען.

אינדעם איז אויף די בארגער פון לוב געפאלען א שווארצער שאטען, וועלכער האט באלד בעדעקט גאנץ מעמפיס, דעם נילום און די גערטנער פון פאלאץ. די נאכט האט ארומגענומען די ערד און אויפ'ן הימעל האט זיך בעוויזען א שווארצע קויל, וועלכע איז געווען ארומגענומען מיט א פלאמען-קראנץ.

א שרעקליך געראויש האט פערטויבט דאס ליעד פון דעם גריכישען פאלק. די איזאטען האבען דאס געשריען און געשאסען אין הימעל ארויף, אום צו פעריאגען דעם שלעכטען שד, וועלכער וויל אויפפרעסען די זון.

— דו זאגסט, אז די שווארצע קויל איז די לבנה ? — האט פרעה געפרעגט פענטוער'ן.

— אזוי זאגט מענעס.

— ער איז א גרויסער חכם ! ... און די פינסטערניש וועט באלד דורכגעהן ? ...

— יא, באלד

— און ווען די לבנה וואלט זיך אבגעריסען פון הימעל און זי וואלט געפאלען אויף דער ערד ? ...

— דאס קען נישט זיין . . . אט, איז צוריק דא די זון ! ...— האט פענטוער אויסגעשריען מיט שמחה.

אלע פאלקען האבען אויסגעשריען לכבוד פרעה'ן.

רעמסס האט געהאלזט פענטיער'ן.

— מיר האבען אין אמת'ן געזעהען א וואונדערבארע ערשיינונג — האט פרעה געזאגט — איך וואלט דאס אבער שוין נאך אמאל נישט געוואלט זעהען ... איך שפיר, אז ווען איך וואלט נישט געווען קיין סאלדאט, וואלט א שרעקעניש בעהערשט מיין הארץ.

חירום איז צוגעגאנגען צו טוטמאזיסס'ן און געזאגט :

— שיק ארויס באלד שלוחים קיין מעמפיס, ווארום איך האב מורא, אז די כהנים-גדולים האבען איינך עפעס שלעכטעס געטהון ...

— אזוי מיינסט דו ? ...

חירום האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— זיי וואלטען נישט אזוי לאנג געהערשט איבער דער מלוכה — האט ער געזאגט — זיי וואלטען נישט בעגראבען אכצעהן דינאסטיעס, ווען זיי וואלטען זיך נישט געקענט בענוצען מיט אזעלכע פארפאלען ! ...

דאנקענדיג דעם מיליטער פאר דער גוטער האלטונג ביי דער אונגעוועהנליכער ערשיינונג, איז פרעה צוריק אין זיין ווילע. ער איז געווען פערטראכט, ער האט גערעדט

רוהיג, נאָר אויף זיין פּנים האָט מען דערקענט, אַז ער איז ביי זיך נישט זיכער.

אין פּרעה׳ס הארץ איז געפיהרט געוואָרען אַ קאַמפּף. ער האָט אָנגעהויבען פערשטעהן, אַז די כּהנים האָבען אין דער האַנד אַ געוועהר, מיט וועלכען ער האָט זיך נישט געדעכענט און ער האָט אפילו דערפון נישט געוואָלט וויסען.

די כּהנים, וועלכע פאַרשען די שטערען, זענען אין עטליכע מינוט גרויס געוואָרען אין די אויגען פון פּרעה׳ן. און ער האָט זיך געקלערט, אַז מען דארף דאָך דערקע־ ־ען די קלוגהייט, וועלכע ברענגט אַזאַ שרעקניש אויף דער וועלט.

איין שליח נאָכ׳ן אַנדערען זענען אַרויסגעלאָפען פון דעם פּאַלאַץ קיין מעמפיס, אום געוואָהר צו ווערען, וואָס דאָרט איז געשעהן בעת דער לקוי־חמה. די שלוחים זענען אָבער נישט צוריקגעקומען און די אומזיכערהייט אין פּאַלאַץ איז גרעסער געוואָרען. קיינער איז שוין מסופק געווען אין דעם, אַז נעבען דעם בית מקדש פּתח איז געשעהען עפּעס שלעכטעס. נאָר וואָס דאָרט איז געשעהן, האָט קיינער נישט געקענט וויסען.

די מלכּה ניקאָטרים האָט זיך געזעצט נעבען פּרעה׳ן און איהם איינגערוימט:

— ערלויב מיר ווירקען, רעמסס... נישט איין מאָל האָבען שוין פרויען געראַטעוועט אונזער מלוכה... מיר האָבען אויך פערשטאַנד און ענערגיע... מיר פרויען, קענען פיעל מאָל מעהר ווירקען פון אייך מענער... אויב דאָס בית מקדש פּתח איז נישט גענומען געוואָרען דורכ׳ן מיליי־

טער, וועל איך שלום מאכן צווישן דיר און הרהור'ן... דו ווערסט חתונה האבן מיט הרהור'ס טאכטער און דיין ממשלה וועט זיין פול מיט ליבע... געדענק, אז דיין זיידע אמן-חטף איז אויך געווען א כהן גדול און א שני-למלך, און דו אליין וואלסט היינט נישט געהערשט, ווען די היי-ליגע כהנים וואלטן נישט געשטרעבט צו האבן א פרעה, וועלכער שטאמט פון דעם 'הייליגען כהנים-שטאנד... דו ביסט זיי אונדאנקבאר..

פרעה האט אויסגעהערט איהרע ווערטער. ער האט זיך געקלערט, אז די קלוגהייט פון די כהנים איז פארט א גרויסע קראפט און קעמפפען מיט זיי איז שווער.

ערשט דריי א זייגער נאך מיטאג איז אנגעקומען דער ערשטער שליח פון מעמפיס, דער אדיוטאנט פון דעם פאלק, וואס איז געשטאנען נעבן דעם בית מקדש פתח. ער האט דערצעהלט פרעה'ן, אז דאס בית מקדש איז נישט גענומען געווארען צוליעב דעם כעס פון די געטער; דער המון איז זיך פונאנדערגעלאפען און די כהנים טריאומפירען. צווישען דעם מיליטער האט אויך געהערשט א שרעקליכע מהומה בעת די קורצע נאכט.

דערנאך האט דער אדיוטאנט אנגענומען טוטמאזיס'ן ביי דער האנד און אוועקפיהרענדיג אין א זייט, האט ער איהם פראסט ערצעהלט, אז דאס מיליטער האט שוין קיין שום מוטה נישט, און אין דער מהומה זענען אומגעקומען און פערוואונדעט געווארען אזוי פיעל סאלדאטען, ווי אין א שלאכט.

— וואס טהוט זיך איצט מיט'ן מיליטער? — האט טוטמאזיס געפרעגט מיט שרעק.

— עס האט אונז נאטירליך געלונגען — האט דער אדיוטאנט געענטפערט — צו פערזאמלען און איינצוארדנען דאס מיליטער. אבער זיך בענוצען מיט די סאלדאטען געגען די בית־מקדש׳ם, איז קיין שום מעגליכקייט נישט... בפרט איצט, ווען די כהנים האבען זיך בעשעפטיגט מיט הייליגע די פערוואונדעטע... איצט, ווען א סאלדאט דערזעהט א גאלען קאפ און א פעל פון א חיה, איז ער בערייט צו פאלען מיט׳ן פנים אויף דער ערד און א לאנגע צייט וועט פאראיבערגעהן איידער ער ווערט זיך אונטערשטעהן צו טרעטען אויף דער שוועל פון טהויער און דייך מויער, וואס איז ארום דעם בית מקדש.

— און די כהנים וואס טהון?...

— די כהנים בענשען די סאלדאטען, שפייזען זיי, זאגען, אז די סאלדאטען זענען נישט שולדיג אין דעם אנפאל אויף די בית מקדש׳ם, נאר די פעניציאנער זענען שולדיג...

— און איהר ערלויבט אזוי צו דעמאראליזירען די פאלקען?... — האט טוטמאזיס אויסגעשריגען.

— דער היילינער פרעה האט דאך אונז ארויסגעגעבען א בעפעהל, מיר זאלען שיצען די כהנים געגען דעם אנפאל פון המון... — האט דער אדיוטאנט געענטפערט — ווען מען וואלט אונז ערלויבט איינצונעהמען די בית מקדש׳ם, וואלטען מיר אין זיי געווען פון 10 א זייגער אין דער פריה און די כהנים גדולים וואלטען געזעסען אין די קעהלערם.

פלוצלינג האט א אפיציר ווידער מודיע געווען טוטמאזיס׳ן, אז נאך עפעס א כהן איז געקומען פון מעמפיס און ער וויל זיך זעהן מיט דעם היילינען פרעה.

טוטמאָזיס האָט בעטראַכט דעם אָנקומענדען. ער איז געוועזען זעהר יונג און שעהן. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען צו פרעה'ן פון סמן-תו, וועלכער האָט איהם געשיקט.

רעמעס האָט באלד אָנגענומען דעם כהן, וועלכער איז געפאַלען אויפ'ן פנים און האָט דערלאַנגט דעם הערשער א רינג.

פרעה איז בלאַס געוואָרען.

— וואָס איז דאָס?... — האָט ער געפרעגט.

— סמן-תו לעבט שוין ניט... — האָט דער כהן געענטפערט.

עמסס איז געבליבען א ווײַלע ווי פערשטײנערט, דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— ווען?... וואו איז ער געשטאָרבען?...

— מיר דוכט זיך — האָט דער כהן געענטפערט — אז סמן-תו איז ענטדעקט געוואָרען אין אײנעם פון די זאַלען אין לאַבירינט און ער האָט זיך אַלײן גע'סמ'ט, אום ער זאָל קײן יסורים נישט לײַדען... ווי עס דאַכט זיך, האָט איהם ענטדעקט מפרים מיט דער הילף פון עפּעס א גרעק, וועלכער זאָל זײַן זעהר עהנליך צום הײליגען פרעה...

— ווידער מפרים און ליקאָן! — האָט טוטמאָזיס אויסגעשריען מיט כעס — הײליגער פרעה — האָט ער זיך געווענדעט צום הערשער — צי וועסט דו זיך קײנמאָל נישט בעפרײַען פון די פעררעטהער?...

עמסס האָט ווידער צונויפגערופען א בעראַטהונג אין זײַן צימער. צו דער בעראַטהונג האָט ער גערופע'

הירום'ען זיין דעם כּהן, וואָס גיז געקומען מיט דער
רינג פֿון סמן־תּו. פּענטוער האָט נישט געוואָלט נעהמען
קיין אנטהייל אין דער בעראטהונג און די מלכּה ניקאָטריס
איז אליין געקומען.

— איך זעה — האָט חירום גיינגערוימט שוטכי...
ליס'ן — אז ווען די כּהנים וועלען פֿערטריבען ווערען,
וועלען פֿרויען הערשען איבער מצרים!...

ווען אלע האָבען זיך צונויפֿגעקליבען, האָט פּרעה
געגעבען די שטימע דעם שליח פֿון סמן־תּו. דער יונגער
כּהן האָט גאָר נישט געוואָלט זאָגען וועגען לאַבירינט.
דערגעגען האָט ער זעהר פֿיעל גערעדט וועגען דעם בית־
מקדש פּתח. ער האָט דערצעהלט, אז דאָס בית־מקדש
האָט גאָר נישט קיינעם, וואָס זאָל עס שיצען און עס איז
נעגוג עטליכע צעהנדליגע סאָלדאטען, אום צו פֿערנעהמען
אַלע, וואָס זענען דאָרט.

— ער איז א פֿעררעטהער!... — האָט די מלכּה
אויסגעשריען — א כּהן איז ער און ער אליין רעדט...
... איהר זאָלט אָנפֿאַלען די כּהנים...

דער יונגער כּהן איז אָבער געבליבען פֿעסט ביי...
... זיינע אויגען זענען רוהיג געבליבען, ווי פֿריהער

— הייליגע מלכּה! — האָט ער געזאָגט — אז מפּריט...
געהרגעט מיין שיצער און מיין לעהרער סמן־תּו...
וואָלט איך דאָך געווען א הונד, ווען איך וואָלט נישט...
נייזעבט א מיטעל זיך נוקם צו זיין!...

— דער יונגער כּהן געפֿעלט מיר!... — האָט ...
...בטיל געזאָגט.

אין דער פֿערזאַמלונג איז קיינער א ביסעל ...

געוואָרען. די גענעראַלען האָבען זיך אויסגעגלייכט, די ציוויל־גרויסע לייט האָבען געקוקט אויף דעם יונגען כהן מיט נייגיריגקייט און אפילו פרעה איז לעבעדיגער געוואָרען...

— האָרך איהם ניֹשט, מיין זוהן!... — האָט זיך די מלכה געבעטען.

— ווי מיינסט דו? — האָט זיך פרעה אָנגערופען צו דעם יונגען כהן — וואָס וואָלט איצט געטהון דער היילי־גער סמן־תו, ווען ער וואָלט געלעבט?...

— איך בין זיכער — האָט דער כהן געענטפערט — אז סמן־תו וואָלט אריינגעגאַנגען אין בית־מקדש פתח, די געטער וואָלט ער מקריב געוועזען קטורת און די פערדעט־הער און רוצחים וואָלט ער בעשטראָפט...

— זון איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז דער כהן איז אַ פערדעטהער!... — האָט די מלכה אויסגעשריען.

— איך טהו דאָס, וואָס איך בין מחויב צו טהון — האָט דער כהן רוהיג געענטפערט.

— דער כהן איז טאַקי אַ תלמיד פון כמן־תו!... — האָט זיך חירום אָנגערופען — ער איינער ווייס, וואָס מען האָט צו טהון...

אלע פערזאַמעלטע האָבען אַנערקענט, אַז חירום האָט רעכט און דער גרויסער שרייבער האָט געזאָגט:

— אז מיר האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען אַ קאַמפף געגען די כהנים, מוזען מיר דעם קאַמפף ענדיגען, נאָך דערצו היינט, ווען מיר האָבען אין דער האַנד די בריעף פון הרהור'ן, וועלכע בעווייזען, אַז הרהור האָט געשלאָסען אַ אָבמאַך מיט אשור, דאָס הייסט. ער האָט פערראַטהען

די מלוכה.

— ער פיהרט די פאליטיק פון רעמסס דעם צוועלפטען — האט זיך די מלכה אנגערופען.

— איך בין דאך אבער רעמסס דער דרייצעהנטער!...

— האט פרעה געענטפערט מיט אונגעדולד.

טוטמאזיס האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל.

— הערשער מיינער!... — האט ער געזאגט — ערלויב מיר צו ווירקען. עס איז זעהר געפעהרליך צו דערלאזען, אז דער אונזיכערער צושטאנד זאל זיך לאנג ציהען און זעהר נאריש וואלט דאס געווען פון אונזער זייט, ווען מיר וואלטען מיט דער געלעגענהייט זיך נישט בענוצט. אויב דער כהן זאגט, אז דאס בית-מקדש פתח ווערט פון קיינעם נישט געשיצט, ערלויב מיר דארט אריין צו געהן מיט אביסעל סאלדאטען, וועלכע איך אליין וועל מיר וועהלען...

— איך וועל מיט דיר געהן — האט זיך קאליפאס אנגערופען — איך וויים גוט, אז דער שונא, וואס טריאומפירט, איז דער שוואכסטער. בכן אויב מיר וועלען באלד אריין אין דעם בית-מקדש פתח...

— איהר דארפט גאר נישט אנצופאלען, נאר אריינצוגעהן אויף דעם בעפעהל פון פרעה'ן, וועלכער הייסט ארעסטירען די פעררעטהער — האט זיך אנגערופען דער גרויסער שרייבער — צו דעם דארף מען גאר קיין קראפט נישט... וויפיעל מאל זעהט מען, אז איין פאליציאנט פאלט אן אויף א גאנצע מחנה גנבים און חאפט, וויפיעל ער וויל...

— זוהן מיינער! — האט די מלכה זיך געבעטען — פערוועהר זיי אריינצוגעהן...

— הא! אויב אזוי—האָט דער יונגער כהן געזאָגט—וועל איך דעם הייליגען פרעה נאָך עפּעס זאָגען...

ער האָט עטליכע מאָל טיעף אָבגעטעמט און דער־נאָד האָט ער געזאָגט מיט אַ געשטיקטער שטימע:

— אויף די גאַסען פון מעמפיס דערצעהלט דער צד פון די כהנים, אז...

— אַז וואָס?... זאָג דרייסט!... האָט פרעה געשריען.

— אַז דו, הייליגער פרעה, ביזט משוגע, אַז דו ביזט נישט געהייליגט געוואָרען אלס כהן־גדול און אויך נישט אַלס פרעה און... מען מעג דיך אראָבוואַרפען פון דיין טראָן...

— טאַקע פאַר דעם האָב איך מורא געהאַט—האָט די מלכה געזאָגט.

פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שטוהל.

— טומטמאָזים!—האָט ער אויסגעשריען מיט שרעק־ליכען כעס—נעהם מיט זיך מיליטער, וויפיעל דו ווילסט, געה אין בית־מקדש און ברענג מיר דאָ אַהער די כהנים־גדולים הרהור און מפרים. וועלכע זענען גרויסע פערברע־כער און פעררעטהער. אויב זיי וועלען דערוויזען, אַז זיי זענען אונשולדיג, וועל איך צו זיי זיין גנעדיג; אויב נישט...

— האָסט דו זיך גוט איבערגעלעגט?... — האָט איהם די מלכה איבערגעהאַקט די ווערטער.

דאָס מאָל האָט איהר פרעה גאָר נישט געענטפערט נאָר די גרויסע לייט האָבען געשריען:

— אַ טויט די פעררעטהער!... פאַר וואָס זאָל פרעה אָפּפערן זיינע טרייע קנעכט, אום זיך אויסצואַרבייטען האַלז די נידערטרעכטיגע!...

רעמסס האָט געגעבען טוטמאָזיס'ן דאָס פּעקעל מיט בריעף, וועלכעס ער האָט בעקומען פון חירום'ען, און ער האָט געזאָגט:

— ביז דער בונט פון די כהנים וועט איינגעשטילט ווערען, זאָלסט דו, טוטמאָזיס, דער הויפּטמאַן פון דער גוואַרדיע, האָבען מיין מאַכט. איצט זאָלען אַלע דיך פאָלגען און דו, הייליגע מוטער, וועגד זיך צו איהם מיט דיינע בעמערקונגען!...

— קלוג און רעכטשאַפען טהוט דער הערשער!...— האָט דער גרויסער שרייבער געזאָגט — עס פּאַסט נישט פאַר פּרעה'ן, ער זאָל זיך שטעלען געגען דעם בונט און אָהן אַ ענערגישע מאַכט, וועלען מיר אַלע פערפאַלען ווערען...

אַלע האָבען זיך געבוקט פאַר טוטמאָזיס'ן און די מלכה ניקאָטריס איז געפאַלען איהר זוהן צו די פיס.

טוטמאָזיס איז צוזאַמען מיט די כהנים אַרויסגעגאַנגען אין הויף. ער האָט געהייסען דעם ערשטען פאָלק פון דער גוואַרדיע זיך אויסשטעלען גלייך און געזאָגט

— איך דאַרף עטליכע צעהנדליגער מענשען, וועלכע זענען בערייט אומצוקומען פאַר דעם הייליגען פּרעה, אונזער הערשער...

פון דער רייהע האָבען אַרויסגעטרעטען סאָלדאַטען און אָפיצירען מעהר, ווי ער האָט געדאַרפט, אַן דער שפּיץ האָט זיך געשטעלט עינן.

— צי זענט איהר אַלע בערייט צום טויט?...— האָט טוטמאָזיס געפרעגט.

— מיר ווילען שטאַרבען צוזאַמען מיט דיר פאַר'ן הייליגען פּרעה'ס כבוד וועגען!...— האָט עינן אויסגע-

בדרגען.

— איהר וועט נישט שטארבען, נאר איהר וועט בנצח זיין די נידערטרעכטיגע מערדערס — האט טוטמאַזיס געענטפערט — די סאלדאטען, וועלכע וועלען איצט געהן מיט מיר, וועלען ווערען אָפיצירען און די אָפיצירען וועלען העכערע אמטען בעקומען... אזוי זאָגט אייך טוטמאַזיס, דער אויבעראנפיהרער פון דער ארמעע...

— אייביג זאָלסט דו לעבען!...

טוטמאַזיס האָט געהייסען איינשפאנען פינף און צוואנציג צוויי-ראָדיגע וועגען פון דער שווערער ארמעע און טרויפועצען אויף די די סאלדאטען מיט די אָפיצירען, וועלכע האָבען איינגעווילינגט צו געהן מיט איהם. ער און קאַליפּאָס האָבען זיך געזעצט אויף פערד און די גאנצע מחנה איז געפאָהרען גיך קיין מעמפיס.

זעהענדיג דאָס דורכ'ן פענסטער פון פרעה'ס ווילע, האָט חירום זיך איינגעבויגען צו פרעה'ן און איהם איינגערוימט:

— ערשט איצט האָב איך זיך איבערצייגט, אז דו, הייליגער פרעה, האָסט נישט געמאכט קיין פערשווערונג מיט די כהנים גדולים...

— דו ביסט משוגע געוואָרען?... — האָט פרעה געשריען מיט כעס.

— זיי מיר מוחל, הערשער. אבער וויסען זאָלסט דו, אז דער היינטיגער אנפאַל אויף דעם בית-מקדש איז געמאכט געוואָרען דורך די כהנים-גדולים. ווי אזוי האָבען זיי צו דעם אנפאַל צוגעצויגען אויך דיך, הייליגער פרעה?... דאָס קען איך שוין נישט פערשטעהן...

דעמאלס איז שוין געווען בינף אזייגער נאָכמיטאָג.

# זיעבענציעהנטעס קאפיטעל.

דער כהן, וועלכער האט געהאלטען די וואך אויף דעם טהורם פון דעם בית מקדש פתח, האט אין דער זעלבער צייט מודיע געוועזען די כהנים גדולים און די הויפטמענער פון די פראווינצען, וועלכע האבען אבגעהאלטען בערא־טהונגען אין זאל פון בית־מקדש, אז -- פון פרעה'ס פא־לאץ זיינען געגעבען עפעס צייכענס.

— עס דאכט זיך, אז דער הייליגער פרעה וויל בעטען, מען זאל מיט איהם שלום שליסען — האט איינער פון די הויפטמענער געזאגט, לאכענדיג.

— איך בין מסופק!... — האט מפרים געזאגט:

דער הור איז ארויסגעגאנגען אויף דעם טהורם; צו איהם האט מען דאס געגעבען די סיגנאלען אין פאלאץ, באלד איז ער צוריקגעקומען און געזאגט צו די פער־זאמעלטע:

— אונזער יונגער כהן האט זעהר גוט די וואך דורכ־געפיהרט... איצט רייט זיך טוטמאזיס מיט עטליכע צעהן־טויזענד פרייוויליגע אום זיינע צו צרעסטירען, אדער הרג'ענען...

— און דו האסט נאך די דרייסיג טויזענד צו העלפען שיקען?... — האט מפרים געשריען.

— איך מוז איהם וועהרען און וועל איהם וועהרען; ווארום איך האב דאס צו געשווארען דער מלכה ניקאטריס... ווען נישט די פערעהרטע מאכטער פון דעם הייליגען אמן־ראטף, וואלט אונזער צושטאנד נישט געוועזען אזוי, ווי ער איז איצט...

— נו, אָבּער איך האָב דאָך נישט געשוואָרען ! ...— האָט מפרים געענטפערט און איז ארוים פון דעם פער־זאמלונג־זאל .

— וואָס וויל ער טהון ? — האָט געפרעגט איינער פון די הויפּטמענער.

— אויף דער עלטער איז ער געוואָרען נאריש ווי א קינד ! ... — האָט הרהור געענטפערט, הויבענדיג די פּלייצעס .

זעקס א ווייגער אָווענד איז די אָבטהיילונג פון דער גוואַרדיע אָנגעקומען צו דעם בית־המקדש פתח , און דער אָנפיהרער , טוטמאָזיס , האָט אָנגעקלאַפּט ביים טהויער . חעלכעס איז באַלד געעפענט געוואָרען .

ווען טוטמאָזיס איז אריין אין הויף פון בית־מקדש , האָט ער זיך געוואונדערט, דערהערענדיג , אז געגען איהם טרעט ארוים הרהור אין דעם הוט פון אמון־חטף , זייענדיג ארומגענומען מיט כהנים־גדולים .

— וואָס פערלאַנגסט דו , מיין זוהן ? — האָט דער כהן־גדול געפרעגט טוטמאָזיסען , וועלכער איז מבולבל גע־וואָרען , זעהענדיג די זיכערהייט פון הרהור'ן .

טוטמאָזיס האָט זיך גיך בעהערשט און געענטפערט :

— הרהור , כהן־גדול פון עמון אין טעבי ! אויף דעם גרונד פון די בריעף , וועלכע דו האָסט געשריבען צו סרגו־נ'ען , דעם זאטראַפּ פון אשור , און איצט האָב איך די בריעף ביי זיך , ווערסט דו בעשולדיגט אין פעררעטהונג און דו מוזט זיך פערטהיידיגען פאר פרעה'ן ...

— אויב דער יונגער הערר — האָט הרהור רוהיג געענטפערט — וויל אָבער געוואָהר ווערען , וואָס פאר א

צוועק עס האָט געהאַט די פּאָליטיק פון דעם אייביג לע־פּענדען רעמסס דעם צוועלפטען, זאָל ער קומען צו אונזער העכסטער ראַטה און די ערקלערונגען וועלען איהם געגעבען ווערען ...

— איך הייס, אַז דו זאָלסט באַלד געהן מיט מיר, אויב דו ווילסט נישט, אַז איך זאָל דיך מיט געוואַלד נעה־מען מיט זיך,—האָט טוטמאָזיס געשריען.

— זהן מיינער, איך בעט די געטער, זיי זאָלען דיך שיצען פון דעם געוואַלד און פון דער שטראָף, אויף וועלכער דו פערדיענסט ...

— געהסט דו? — האָט טוטמאָזיס געפרעגט

— איך וואַרט אויף רעמסס'ן — האָט הרהור גע־ענטפערט.

— אַלזאָ בלייב דאָ, גנב!... — האָט טוטמאָזיס אויסגעשריען.

ער האָט אַרויסגעצויגען די שווערט פון איהר שייד און איז צוגעלאָפען צו הרהור'ן. עינן, וועלכער איז גע־שטאַנען הינטער דעם אָנפיהרער, האָט גלייכצייטיג אויפ־געהויבען זיין האַק און מיט'ן גאַנצען כח האָט ער איהם אָבגעהאַקט דעם קאָפּ.

עטליכע סאָלדאַטען זענען מיט זייערע שפּיעזען צו געשפּרונגען צו עינג'ען, אַנדערע סאָלדאַטען זענען אָבער אָנגעפאַלען אויף זיי און זיי געהרג'עט. צווישען די סאָל־דאַטען, וואָס זענען געגאַנגען מיט טוטמאָזיס'ען, זענען דר פיערטעל געווען איבערגעקויפט דורך די כהנים.

— עס זאָל לעבען דער הייליגער הרהור, אונזער הערר!... — האָט עינן געשריען, אויפהויבענדיג אין דייך הויך זיין פערבלוטיגטע האַק

— אײַבּיג לעבּען זאָל ער !... — האָבּען נאָך איהם געשריִען די סאָלדאַטען און די כּהנים און אַלע זענען געפאַלען מיט די פּנים׳ער אויף דער ערד.

דער גרויסער הרהור האָט אויפגעהויבּען די הענד און זיך געבּענשט.

מפרים, אַרויסגעהענדיג פון דעם בּית־מקדש, איז געגאַנגען אין קעהלער אַרײַן, וואו ליקאָן איז געווען. דער כּהן גדול האָט אַרויסגענומען פון בּוזעם אַ קרישטאַלנע קויל.

דערזעהענדיג די קויל, האָט דעם גרעק בּעהערשט אַ שרעקליכער כּעס.

— זאָל אײַך די ערד אײַנשלינגען! ... — האָט ער געשריִען — זאָלען אײַערע קערפּערס נאָך זײַער טויט קיין מנוחה נישט האָבּען !...

זײַן קול איז וואָס אַ מאָל שטילער געוואָרען און ענדליך איז ער ענטשלאָפען געוואָרען.

— נעהם דעם שטילעט — האָט מפרים געזאָגט, דערלאַנגענדיג דעם גרעק אַ לאַנג שמאָל מעסער — נעהם דעם שטילעט און געה אין דעם גאָרטען פון דעם פּאַלאַץ ... דאָרט זאָלסט דו זיך שטעלען אין דעם קלאָמב פון פײַגענבּוימער און וואַרטען אויף דעם, וואָס האָט בּײַ דיר צוגענומען קמאַ׳ן . . .

ליקאָן האָט געקריצט מיט די צעהנער פון שרעקליכען כּעס.

— און ווען דו וועסט איהם דערזעהן, זאָלסט דו זיך אויפוועקען . . . — האָט מפרים געענדיגט.

דערנאָך האָט ער אַרויפגעוואָרפען אויף׳ן גרעק אַ

אָפּיצירישען מאַנטעל מיט אַ קאַפּטאַר, אין אויער האָט ער איהם עפּעס איינגערוימט און דורך אַ געהיים טהירעל, האָט ער איהם אַרויסגעפיהרט אויף דער גאַס.

נאָכדעם איז מפרים גיך אַרויפגעלאָפען אויפ'ן שפּיץ פון טהורם און נעהמענדיג אין די הענד אַריין עטליכע פערשיעדענפאַרביגע פעהנדליך, האָט ער געוויזען עפּעס צייכענס צו דעם פּאַלאַץ פון פרעה'ן. דאָרט האָט מען זיינע צייכענס דערזעהן און מען האָט איהם צוריק געוויזען עפּעס צייכענס.

אויף דעם פּנים פון מפרים האָט זיך געוויזען עפּעס אַ מיאוס'ער שמייכעל און ער האָט צוריק בעהאַלטען די פעהנדליך. דערנאָך איז ער צוריק אַראָבגעגאַנגען פון טהורם. ווען ער איז געוועזען אויפ'ן ערשטען שטאָק, האָבען איהם אַרומגענומען עטליכע מענשען אין ברוינע מאַנטלען מיט ברוינע קאַפּטאַרען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך בעדעקט זייערע קאַפּטאַנעס אין שוואַרצע און ווייסע שטרייפען.

— אָט איז דער גרויסער מפרים — האָט איינער פון זיי געזאָגט.

און אַלע דריי האָבען נידערגעקניעט פאַר מפרים'ן, וועלכער האָט אויפגעהויבען די הענד אין דער הויך, ווי ער וואָלט זיי געוואָלט בענשען. פּלוצלונג האָט ער אַבער אַראָבגעלאָזט די הענד און געפרעגט:

— ווער זענט איהר?

— אויפזעהער פון לאַבירינט.

— וואָס פערשטעלט איהר מיר דעם ווענ? — האָט ער געפרעגט און גלייכצייטיג האָבען איהם אָנגעהויבען אַ

ציטערן די הענד און די פיס.

— מיר דארפען דיר נישט צו דערמאהנען, הייליגער מאן — האט איינער פון די אויפזעהער געזאגט, נישט אויפהערענדיג צו קניען — אז פאר עטליכע טעג ביסט דו געוועזן אין לאבירינט, וואו דו קענסט דעם וועג, ווי מיר, חאטש דו האסט נישט דאס רעכט צו וויסען די סודו.: פון לאבירינט... און דו ביסט דאך א גרויסער חכם, און דו ווייסט דאך אודאי, וואס מיר הארפען צו טהון מיט דיר...

— וואס רעדט איהר? — האט מפרים הויך אויסגעשריען—איהר זענט רוצחים, אונטערגעשיקטע פון הר...

ער האט זיינע ווערטער נישט געענדיגט. איינער פון די אויפזעהער האט איהם אנגעחאפט ביי די הענד, דער צווייטער האט איהם ארויפגעווארפען א טוך אויפ'ן קאפ און דער דריטער האט איהם בעשפריצט דאס פנים מיט עפעס א פליסיגקייט. מפרים איז באלד געפאלען אויף דער ערד און האט געצאפעלט מיט די הענד און מיט די פיס. ער איז נאך א מאל בענאסען געווארען און ווען ער איז שוין געוועזן טויט, האבען איהם די אויפזעהער אריינגעלעגט אין דער האנר א פאפירוס און זיי זענען נעלם געווארען.

אנדערע דריי מענשען, וועלכע זענען געוועזן נעקלייזדעט, ווי זיי, זענען נאכגעלאפען ליקאנען, זייט ער איארויסגעלאזט געווארען פון דעם בית־מקדש דורך מפרים'ן און ער איז געוועזן אויף דער גאס.

די מענשען האבען זיך פערבארגען נעבען דעם נעהייטען טהירעל, דורך וועלכען דער גרעק איז ארוים און זיי האבען איהם פריי דורכגעלאזען.

ליקאן האט, שלאפענדיג, דערשפירט, אז מען יאגט

איהם און ער איז באלד אריין אין א גאס, וואו עס זענען געווען פיעל מענשען, דערנאך איז ער געלאפען אויף א פלאץ, וועלכער איז אויך געווען פול מיט מענשען, פון דעם פלאץ איז ער געלאפען אויף דער פישער-גאס און פון דארט צום נילוס, דארט האט ער געחאפט א שיפעל און זעהר גיך איז ער אריבערגעפאהרען אויף דער צווייטער זייט פון נילוס.

ער איז שוין געווען עטליכע הונדערט טריט ווייט פון ברעג און פלוצלונג האט איהם אנגעהויבען יאגען א שיפעל מיט איין שיפס-פיהרער און דריי רייזענדער. באלד נאך זיי האט זיך געוויזען נאך א שיפעל מיט צוויי שיפספיהרער און אויך דריי רייזענדער

ביידע שיפלעך האבען געיאגט ליקאנ'ען

אין דעם שיפעל מיט איין שיפספיהרער זענען געזעסען די אויפזעהער פון לאבירינט, וועלכע האבען פלייסיג געקוקט אויף דעם צווייטען שיפעל, וויפיעל זיי האבען נאר געקענט ביי דער פינסטערניש, וואס איז גיך אנגעקומען.

— ווער זענען דאס די דריי? — האבען צווישען זיך שטיל געשמועסט די אויפזעהער פון לאבירינט — פון פאר-גיסטערן אן, זענען זיי געגאנגען נעבען דעם בית-מקדש און היינט יאגען זיי איהם... צי ווילען זיי איהם שיצען גע-גען אונז?...

דאס קליינע שיפעל פון ליקאנ'ען איז צוגעקומען צום ברעג. דער שלאפענדער גרעק איז ארויסגעשפרונגען פון שיפעל און איז גיך געגאנגען אין דער זייט פון די גערטנער ארום דעם פאלאץ. צייטענווייז האט ער זיך אבגעשטעלט און זיך אנגעחאפט ביים קאפ; נאך א ווילע איז ער ווידער

גענאנגען גיך, ווי א אונבעגרייפליכע קראפט וואלט איהם געיאגט.

די אויפזועהער פון לאבירינט זענען אויך ארויס אויפ'ן ברעג, פאר זיי זענען אבער שוין דארט געווען די מענשען פון צווייטען שיפעל.

און עס האט זיך אנגעהויבען א זעלטען געלויף: ליי קאן איז געלאפען צום קעניגליכען פאלאץ, גיך, ווי א פויגעל פליהט, נאך איהם זענען געלאפען די דריי אונבעקאנטע מענשען, און נאך זיי — די דריי אויפזועהער פון לאבירינט.

עטליכע הונדערט טריט ווייט פון גארטען, האבען זיך צונויף געטראפען די צוויי לויפענדע גרופען. עס איז שוין געווען נאכט, נאר העל איז די נאכט געווען.

— ווער זענט איהר? — האט געפרעגט איינער פון די אויפזועהער פון לאבירינט די אונבעקאנטע מענשען.

— איך בין דער הויפטמאן פון דער פאליציע אין פי־בושת און מיט מיינע צוויי מענשען יאג איך א שרעקליכען רוצח...

— און מיר זענען אויפזועהער פון לאבירינט און מיר יאגען אויך דעם רוצח...

ביידע גרופעס האבען זיך געקוקט איינע אויף די אנדערע מיט די הענד אויף די שווערטען

— וואס ווילט איהר טהון מיט דעם רוצח? — האט ענדליך געפרעגט דער הויפטמאן פון דער פאליציע

— מיר האבען א פסק געגען איהם...

— און דעם טויטען קערפער וועט איהר איבערלאזען?

— מיר וועלען איהם איבערלאזען מיט אלעם, וואס ער האט אויף זיך...

די פּאָליציאַנטען האָבען צווישען זיך עפּעס געשמועסט.

— אייב איהר זאָגט אמת — האָט דער הויפּטמאַן פון דער פּאָליציע געזאָגט—ווילען מיר אייך נישט שטערען. אדרבה, נעהמט זיך איהם אויף אַ מינוט, ווען ער וועט אַריינפּאַלען אין אייערע הענד...

— איהר שווערט?

— מיר שווערען..

— נו, קענען מיר צוזאַמען געהן...

זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען, נאָר דער גרעק איז זיי פערשוואונדען געוואָרען פון די אויגען.

— פערשאָלטען זאָל ער זיין!... — האָט אויסגע-שריען דער הויפּטמאַן פון דער פּאָליציע, ער איז ווידער פער-שוואונדען געוואָרען...

— מיר ווילען איהם געפינען! — האָט געענטפערט דער אויפזעהער פון דעם לאַבירינט — און אפשר וועט ער גאָר מיט דעם וועג צוריקגעהן...

— צו וואָס זאָל ער איצט געהן אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ? — האָט געפרעגט דער הויפּטמאַן פון דער פּאָליציע.

— די כהנים-גדולים בענוצען זיך מיט איהם צו זייערע אינטערעסען. ער וועט אָבער צוריק געהן אין בית-המקדש אַריין, ער וועט צוריק געהן!... — האָט דער אויפזעהער געזאָגט.

זיי האָבען בעשלאָסען צו וואַרטען און צו ווירקען צו-זאַמען.

— די דריטע נאַכט וואַרטען מיר שוין אויף איהם! — האָט איינער פון די פּאָליציאַנטען געזאָגט, געגעצענדיג.

זיי האָבען זיך איינגעהילט אין זייערע מאַנטלען און

יך געלעגט אויפ'ן גראז

באלד ווען טוטמאזיס איז ארויס פון פאלאץ, איז די מלכה ניקאטריס מיט בעם ארויסגעלאפען פון איהר זוהנס צימער. ווען רעמסס האט זי געוואלט בערוהיגען, האט זי איהם איבערגעהאקט די ווערטער.

— בלייב געזונד! — האט זי שטרענג געזאגט — איך בעט די געטער, זיי זאלען מיר ערלויבען דיך צו זעהען מארגען אלס פרעה.

— דו ביסט נישט זיכער, אז איך וועל מארגען אויך זיין א פרעה!

— ווענען א מענש, וואס הארכט די עצות פון משוגעים און פערדעטהער קען מען גאר נישט זיכער זיין!..

ביידע זענען זיך פונאנדערגעגאנגען מיט כעס.

באלד דערנאך האט זיך פרעה בערוהיגט און לוסטיג האט ער זיך געשמועסט מיט זיינע הויפאנגעשטעלטע לייט. נאר זעקס א זייגער פאר נאכט האט איהם ווידער די אונרוה אנגעהויבען בעהערשען.

— טוטמאזיס דארף אונז שיקען א שליח!... — האט ער געזאגט — איך בין זיכער, אז די זאך איז שוין געענדיגט...

— דאס ווייס איך נישט — האט געענטפערט דער גרויסער שאצמייסטער — זיי האבען זיך גענקענט פערהאלטען ביי'ם ברעג פון נילוס, נישט געפינענדיג גרייט קיין שיפען... אין בית-מקדש האט מען זיך געקענט איהם געגענשטעלען...

— און וואו איז דער יונגער כהן?... — האט חירום פלוצלונג געפרעגט.

— דער כהן?... דער שליח פון דעם פערשטארבענעם

סמן־תי ?...—האָבּען די גרויסע לײַט געפרעגט מיט שרעק—יאָ... וואו איז ער ?

מען האָט פונאַנדערגעשיקט סאָלדאַטען, זײ זאָלען דורכזוכען דעם גאָרטען. די סאָלדאַטען האָען דורכגעזוכט דעם גאַנצן גאָרטען און דעם כהן האָבען זײ נישט געפונען.
אַלע גרויסע לײַט זענען געזעסען שטיל, טרויעריג, פערטראַכט.

ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען איז אַרײַנגעקומען דער קאַמערדינער פון פרעה'ן און האָט איהם געזאָגט, אַז חברון איז קראַנק געוואָרען און זי בעט פרעה'ן, ער זאָל זי בעזוכען.
די גרויסע לײַט, וויסענדיג די בעציהונגען צווישען פרעה'ן און דער שעהנער חברון, האָבען געקוקט אײנער אויפ'ן אַנדערען. ווען פרעה האָט זײ געזאָגט, אַז ער וויל אַרויסגעהן אין גאָרטען, האָבען זײ נישט פראָטעסטירט. דער גאָרטען איז געווען גוט בעוואָרענט מיט אַ וואַך און פרעה האָט אין איהם געקענט אַזוי זיכער זײַן, ווי אין פּאַלאַץ. קײנער האָט אויך נישט געהאַלטען פאַר נויטהיג צו היטען פרעה'ן חאָטש פון ווײַטענס, וויסענדיג, אַז פרעה וויל נישט, מען זאָל זיך מיט איהם בעשעפטיגען

ווען פרעה איז אַרויס אין קאָרידאָר, האָט דער גרויסער שרײַבער געזאָגט צו דעם שאַצמײַסטער:

— די צײַט שלעפט זיך, ווי אַ וואָגען אין דער מדבר. אפשר האָט חברון עפּעס אַ ידיעה וועגען טוטמא־זיס'ן ?...

— איצט קומט מיר אויס, אַז צו גיהן אין דעם

בית־מקדש פּתח מיט עטליכע צעהנדליגע מענשען, איז א גרויסער שגעון ...

— און פּרעה האָט קליגער געטהון, ווען ער איז די גאַנצע נאַכט נאָכגעלאָפען תחנה'ן אין דער מדבר?...—האָט חירום געזאָגט—דרייסטקייט איז מעהר ווערט פון מיליטער...

— און דער יונגער כהן?...— האָט דער שאַצמייסטער געפרעגט.

— ער איז געקומען אָהן אונזער וויסען און איז אוועקגעגאַנגען, נישט פרעגענדיג קיינעם — האָט חירום געזאָגט — יעדער פיהרט זיך אויף, ווי א פערדרעטהער

דער שאַצמייסטער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

רעמסס איז גיך צוגעלאָפען צו דעם פּאַלאַצעל, וועל־כעם ער האָט געגעבען טוטמאָזיס'ן. ווען ער איז אריין אין צימער, איז חברון מיט געוויין ארויפגעפאַלען אויף זיין האַלז.

— איך שטאַרב פון שרעק!... — האָט זי אויסגע־שריען.

— דו האָסט מורא, אז טוטמאָזיס זאָל דאָרט נישט אומקומען?

— וואָס אינטערעסירט מיך טוטמאָזיס?—האָט חברון געענטפערט, פערקרימענדיג דאָס מויל — דו איינער אינ־טערעסירסט מיך ... וועגען דיר טראַכט איך ... מורא האָב איך נאָר ...

— דו האָסט מורא, אז מיר זאָל נישט עפּעס של'עכטס געשעהן?...— האָט פּרעה געזאָגט, לאַכענדיג— געבענשט זאָל זיין דיין שרעק, וועלכע האָט מיך בעפרייעט פון לאַנגווייליגקייט ... געטער!... ווי אשרעקליכעז טאָג

האָב איך !... ווען דו וואָלסט געהערט אונזערע בעראַטהונ־גען, ווען דו וואָלסט געזעהן די פּנים'ער פון מיינע יועצים !.. און דערצו איז נאָך די הייליגע מלכּה געקומען צו די היי־מיגע בעראַטהונגען ... איך האָב קיינמאָל מיר נישט פאָר־געשטעלט, אַז איך, אַלס פּרעה, זאָל מוזען אַזוי פיעל ליידען ...

— זאָג דאָס נישט אַזוי הויך — האָט איהם חברון געוואָרענט — וואָס ועסט דו טהון, ווען טוטמאָוס'ן וועט נישט געלונגען צו בעהערשען דאָס בית־מקדש ?

— איך וועל דאַן אָבנעהמען ביי איהם זיין אַמט, איך וועל בעהאַלטען אין אַ קאַסטען מיין קרוין און אַ אָפיציר־הוטעל וועל איך מיר אָנטהון !— האָט רעמסס געזאָגט — איך בין זיכער, אַז ווען איך וועל אַליין אַרויסטרעטען אָן דער שפּיץ פון מיליטער, וועט דער בונט פאַלען ...

— וועלכער בונט ?...— האָט חברון געפרעגט.

— אַך, איך האָב גאָר פערגעסען, אַז מיר האָבען צוויי בונטען !.. האָט רעמסס געזאָגט — דער המון געגען די כּהנים, די כּהנים געגען מיר ...

ער האָט געחאַפּט חברונ'ען אין זיינע אַרמען און זי צוגעפיהרט צו אַ קאַנאַפּע, זאָגענדיג :

— ווי שעהן ביסט דו !.. וויפיעל מאָל איך זעה דיך, געפין איך אַלץ, אַז דו ביסט נאָך שעהנער, ווי פריהער ..

— לאָז מיך אָב !..—האָט חברון געזאָגט—טהיילמאָל האָב איך מורא, דו זאָלסט מיך נישט בייסען !..

בייסען ?.. ניין ... קושען וועל איך דיך, ביז צו'ם טויט ... דו אַליין ווייסט גאָרנישט, ווי שעהן דו ביסט...

— לאָז מיך אָב !..

— איך וואָלט געוואָלט האָבען אַזוי פיעל אָרמען, וויפיעל צווייגען עס האָט אַ בוים און מיט אַלע אָרמען דיך האַלזען... איך וואָלט געוואָלט האָבען אַזוי פיעל מײַלער, וויפיעל בלומען איך האָב אין גאָרטען, אום איך זאָל קענען מיט איינמאָל קושען דײַנע אויגען, דײַן מויל, דײַנע באַקען, דײַן ברוסט...

— אַלס אַ קעניג, וואָס זײַן טראָן איז נישט זיכער, ביסט דו צו פרײַ...

— זײַענדיג בײַ דיר, פערגעס איך אָן מײַן טראָן — האָט ער געזאָגט — ווי לאַנג איך האָב מײַן שווערט, וועל איך האָבען מאַכט...

— דײַן מיליטער איז צושלאָגען! — האָט זי געזאָגט, אַרויסדרייענדיג זיך פון זײַנע הענד.

— מאָרגען וועלען צוקומען פרישע פאָלקען און דערנאָך וועל איך פערזאַמלען די סאָלדאַטען, וועלכע זענען זיך פונאַנדערגעלאָפען... איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל: קלער נישט פון נאַרישקייטען... אײַן ווײַלע צו זײַן מיט דיר צוזאַמען איז מעהר ווערטה, ווי אַ יאָהר הערשונג...

אַ שעה נאָכ'ן זונאונטערגאַנג איז פרעה אַרויסגעגאַנגען פון חברונ'ס דירה און לאַנגזאַם איז ער געגאַנגען צו זײַן פּאַלאַץ. ער איז געווען פערחלומ'ט, פערשלאָפען און ער האָט זיך געטראַכט, אַז די כהנים-גדולים זענען גרויסע נאַרען דערמיט, וואָס זײַ שטעלען זיך געגען איהם. ווי לאַנג מצרים עקזיסטירט, איז נישט געווען קיין בעסערער הער פון איהם.

פּלוצלונג איז פון צווישען פײַגענבוימער אַרויס איינער אין אַ טונקעלען מאַנטעל און ער האָט איהם דעם

וועג פֿערשטעלט. אום צו זעהען, ווער דאָס איז, האָט פּרעה צוגערוקט זיין פּנים צו דעם פּנים פֿון דעם פֿרעמדען און באַלד האָט ער אויסגעשריען:

— אַך! דו ביסט דאָס!... דו, מערדער!... קום צו דער וואַך!...

דער פֿרעמדער איז געווען ליקאָן. פּרעה האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים האַלז. דער גרעק האָט געקרעכצט און נידערגעקניעט אויף דער ערד. און גלייכצייטיג האָט פּרעה דערשפּירט אַ שמערץ אין דער לינקער זייט פֿון זיין בויך.

— דו ביסט נאָך? — האָט פּרעה געשריען.

מיט ביידע הענד האָט ער צוגעדריקט דעם גרעק ביים האַלז און ווען ער האָט דערהערט, אַז די ביינער פֿון דעם גרעק ברעכען זיך, האָט ער איהם אַוועקגעוואָרפֿען מיט פֿעראַכטונג.

ליקאָן איז געפֿאַלען, וואַרפֿענדיג זיך אין דער גסיסה־קאָנוואולסיע.

פּרעה איז נעגאַנגען עטליכע טריט, דערנאָך האָט ער בעריהרט דאָס אָרט, וואו ער האָט דערשפּירט אַ שמערץ און דערטאַפּט אַ הענדעל פֿון אַ שטילעט.

— ער האָט מיך פֿערוואונדעט?...

ער האָט אַרויסגעצויגען דעם שטילעט און צוגעדריקט דאָס וואונד.

— איינער פֿון מיינע יועצים האָט אַ ודאי ביי זיך אַ פּלאַסטער — האָט ער זיך געטראַכט.

ער האָט דערשפּירט אַ איבעלקייט און האָט אָנגעהויבען ניך צו געהן

נעבען פאַלאַץ איז צו איהם צוגעלאָפען אַ אָפּיציר און געשריען:

— טוטמאָזים איז שוין טויט... דער פערדעטהער עינן האָט איהם געהרג'עט!

— עינן?... — האָט פרעה געשריען — און וואָס האָבען די אַנדערע געטהון?...

— כמעט אַלע, וואָס זענען געוועזען מיט טוטמאָזים'ן, זענען אָבגעקויפט געוועזען פון די כהנים...

— נו, דאָס מוז אַ סוף נעהמען! — האָט פרעה געזאָגט — זאָל מען טראָמפּעטען אויף די אַזיאַטישע פאָלקען...

באַלד האָבען זיך דערהערט די טראָמפּעטען און די אַזיאַטען זענען אַרויס פון זייערע קאַזארמען ציהענדיג מיט זיך זייערע פערד...

— גיט מיר אויך אַ פערד — האָט פרעה געזאָגט.

ער האָט אָבער דערשפירט אַ קאָפּדרעהעניש.

— ניין — האָט ער געזאָגט — גיט מיר אַ לעקטיקע!... איך וויל זיך נישט ערמידען...

פלוצלונג איז ער געפאַלען אויף די אָפיצירען, וואָס זענען געשטאַנען נעבען איהם.

— איך האָב גאָר פערגעסען... — האָט ער גזאָגט שטיל — גיט מיר אַ העלם און אַ שווערט... די שטאָרקע שווערט... פון דער מדבר... געהען מיר קיין מעמפיס...

פון דעם פאַלאַץ זענען אַרויס די גרויסע לייט און די דיענסטשאַפט מיט שטאָלקאַצען אין די הענד. פרעה האָבען געהאַלטען די אָפיצירען; ער איז אָבער וואָס אַ מאָל שוואַכער געוואָרען. זיין פנים איז געוואָרען גרוי און זיינע

אויגען זענען בעדעקט געוואָרען מיט א נעבעל. ער האָט אויסגעצויגען די האַנד. ווי ער וואָלט געזוכט די שווערט, ער האָט עפּעס געמאַכט מיט די ליפּען און פּלוצלונג האָט ער אויפגעהערט צו אָטהעמען

## אכצעהנטעס קאפיטעל.

זייט רעמסס דער דרייצעהנטער איז געשטאָרבען ביז צו זיין לויה, האָט געהערשט אין מצרים סאַן-אַמון-הרהור, אַלס כהן-גדול פון דעם גאָט עמון אין טעבי און אַלס שטעלפערטרעטער פון דעם פערשטאָרבענעם פּרעה.

די עטליכע-חדשים'דיגע הערשונג פון הרהור'ן, איז געוועזען זעהר גוט פאַר מצרים. די בונטען פון המון זענען איינגעשטילט געוואָרען און, ווי עס ראַז געפלעגט זיין פאַרצייטענס, האָט ער ערלויבט די ארבייטענדע צו רוהען יעדען זיבענטען טאָג. צווישען די כהנים האָט ער איינגע-פיהרט א שטרענגע אָרדנונג. די אויסלענדער זענען גע-שיצט געוואָרען, די פעניציאַנער האָבען זיך רוהיג און זיכער געקענט פערנעהמען מיט זייערע געשעפטען און מיט אשור האָט ער געשלאָסען א אָבמאַך, נישט אָבגע-בענדיג פעניציען.

משפטים זענען אין דער קורצער צייט פערפיהרט געוואָרען געגען אַלע פערברעכער, וועלכע זענען בע-שטראָפט געוואָרען, אָבער נישט מיט אכזריות. די פויע-רען האָט נישט יעדער געמעגט שלאָגען, ווי פריהער און יעדער פויער האָט געמעגט זיך בעקלאָגען אין געריכט אויף דעם, וואָס האָט איהם האָט געשלאָגען, אויב ער האָט נאָר געהאַט צייט און עדות.

הרהור האָט אויך אָנגעהויבּן אויסצוצאָהלען די חובות פון פרעה'ן און פון דער מלוכה. ער האָט גע'פועלט בּיי די פעניציאַנער, זיי זאָלען זיך ענטזאָגען אַ געוויסע טהייל פון די חובות, וואָס זענען זיי געקומען פון דעם שאַץ פון דער מלוכה. אויף צו בּעצאָהלען דאָס איבּעריגע האָט ער אַרויסגענומען פון לאַבּירינט 30,000 טאַלענטען.

אויף אַזאַ אופן איז אין משך פון דריי חדשים איינגעפיהרט געוואָרען רוהע אין לאַנד און מענשען האָבּען געזאָגט:

— געבּענשט זאָל זיין די הערשונג פון סאַן-אַמון-הרהור!... די געטער האָבּען איהם בּעשטימט פאַר אַ הערשער, אום ער זאָל בּעפרייען מצרים פון די אונגליקען, וואָס זענען געבּראַכט געוואָרען דורך רעמסס דעם דריי-צעהנטען, וועלכער איז געווען אַ לייכטזיניגער און אַ פרויען-פאַנגער...

נטליבּע צעהנדליגע טעג האָבּען געקלעקט דערויף, אַז דאָס פאָלק זאָל פערגעסען, אַז אַלעס, וואָס הרהור האָט איינגעפיהרט, איז געווען נאָר דאָס, וואָס דער יונגער אַיי-דעלער פרעה האָט געשטרעבּט איינצופיהרען!

אין חודש טאַבּי (אָקטאָבּער—נאָוועמבּער), ווען די מומיע פון רעמסס דעם דרייצעהנטען איז געלעגט געוואָרען אין דער קעניגליכער הייהל, האָבּען זיך אַלע גרעסטע לייט פון מעבּי פערזאַמעלט אין דעם בּית-מקדש פון גאָט עמון אין טעבּי. אַלע כּהנים-גדולים, הויפּט-מענער פון פּראָווינצען און גענעראַלען זענען געווען אויף דער פערזאַמלונג. צווישען זיי איז אויך געווען דער אַלטער אַנפיהרער פון דער מזרח-אַרמעע — ניטאַגער.

זײַן דעם זעלבען ריזיגענדיגען זײַלען-זאל. וואו די כהנים האבען פאר א האלב יאהר געמשפּט רעמסס דעם צוועלפטען און געוויזען זייער שנאה צו רעמסס דעם דרײַצעהנטען, אין דעם זעלבען זאל האבען זיך הײַנט פערזאמעלט די גרויסע לײַט, אום צו בעהאנדלען די וויכטיגסטע פראגען אין דער מלוכה, אונטער דער לײַטונג פון דעם גרויסען הרהור. דעם 25-טען טאבי, האט זיך הרהור געזעצט אויף דעם טראָן אין דעם הוט פון אמן-הטף, אנדערע האבען זיך געזעצט אויף שטוהלען און עס איז פארגעקומען די בעראטונג.

די בעראטונג האט גאר נישט לאנג געדויערט, ווײַל יעדען וואלט פאראויס זיך אָבגעשמועסט, וואס עס זאל בעשלאָסען ווערען.

— כהנים-גדולים, הויפּטמענער פון פראָווינצען און פעלדהערער! — האט הרהור געזאגט — מיר האבען זיך דא פערזאמעלט צו בעטראכטען וויכטיגע און טרויעריגע פראגען צוזאמען מיט'ן טויט פון דעם אייביג לעבענדען רעמסס דעם דרײַצעהנטען. וואס זײַן קורצע הערשונג האט זיך געענדיגט אין אזעלכע אונגליקליכע בעדינגונגען.

הרהור האט שווער געזיפצט און ווײַטער געזאגט:

— צוזאמען מיט'ן טויט פון רעמסס דעם דרײַצעהנטען איז געשטארבען נישט נאר פרעה, אבער אויך די גאנצע דינאסטיע...

די פערזאמעלטע האבען צווישען זיך עפּעס שטיל געשמועסט.

— די דינאסטיע איז נישט אויסגעשטארבען! — האט זיך אנגערופען דער הויפּטמאן פון טעבי — עס

לעבט דאָך די פֿערגעטערטע מלכּה ניקאָטריס, בכן געהער איהר די קרוין ...

נאָך א ווײַלע האָט זיך הרהור אָנגערופֿען:

— מײַן הויכגעשעצטע פֿרוי די מלכּה ניקאָטריס...

די פֿערזאַמעלטע האָבען געשריען פֿון בעוואונדערונג. דאָס געשריי האָט געדויערט עטליכע מינוטען און ווען עס איז שטיל געוואָרען, האָט הרהור רוהיג און הויך ווײַטער געזאָגט:

— מײַן הויכגעשעצטע פֿרוי, די מלכּה ניקאָטריס, זײַענדיג זעהר פֿערטרויערט נאָך דעם טויט פֿון איהר זוהן, האָט זיך ענטזאָגט פֿון טראָן ...

— ערלויבט! — האָט אויסגעשריען דער הויפּטמאַן פֿון מעמפֿיס — דער גרויסער הרהור זאָגט, אַז די מלכּה איז זײַן פֿרוי... די ידיעה איז גאָר נײַ און זי מוז קודם כּל בעשטעטיגט ווערען ...

הרהור האָט מיט זײַן פֿינגער געוואונקען צו דעם גרעסטען שופֿט פֿון מעמפֿיס און דער האָט אַרויסגענומען א כּתובה, וועלכע איז פֿאַר צוויי טעג געשריבען געוואָרען פֿאַר דער מלכּה ניקאָטריס דורך דעם גרויסען הרהור...

אין זאַל איז זעהר שטיל געוואָרען און הרהור האָט געזאָגט:

— ווײַל מײַן ווײַב, די אײַנציגע יורש'טע פֿון טראָן, ענטזאָגט זיך איהרע רעכטע צום טראָן און ווײַל דורך דעם איז געענדיגט געוואָרען די הערשונג פֿון דער צוואַנציגסטער דינאַסטיע, מוזען מיר זיך וועהלען א נײַען הערשער...

— דער הערשער פֿון מצרים — האָט הרהור ווײַטער

געזאָגט — מוז זיין אַ מענש מיט ערפאהרונג, מיט ענער־גיע. דאדורך וואלט איך אייך געראטהען, גרויסע לייט, איהר זאָלט אויסוועהלען...

— הרהור'ן! — האָט איינער אויסגעשריען.

— ... איהר זאָלה אויסוועהלען דעם גרויסע ניזוי־נער, דעם אנפיהרער פון דער מזרח־ארמעע — האָט הרהור געענדיגט זיינע ווערטער.

ניטאָגער איז לאנג געזעסען שטיל־מיט פערמאכטע אויגען, שמייכלענדיג, ענדליך איז ער אויפגעשטאנען פון אָרט און האָט געענטפערט:

— עס וועט אודאי קיינמאָל ניט פעהלען קיין מענשען, וועלכע וועלען גערן אָננעהמען דעם טיטול פון פרעה. אזעלכע מענשען איז שטענדיג פאַרהאַנען מעהר, וויפיעל מען דארף. צו אונזער גליק האָבען די געטער אליין אונז געוויזען, וועמען מיר האָבען צו וועלען. און מיר דאכט זיך, אז איך וועל זעהר קלוג טהון, ווען אנשטאָט אָנצונעהמען די קרוין, וועלכע מען וויל מיר געבען, וועל איך אייך זאָגען:

— אייביג זאָל לעבען דער הייליגער סאָן־אמן־הרהור, דער ערשטער פרעה פון דער נייער דינאסטיע!...

אלע פערזאמעלטע, אויסער עטליכע, האָבען אויס־געשריען נאָך איהם:

— אייביג זאָל לעבען דער הייליגער סאָן־אמן־הרהור, דער ערשטער פרעה פון דער נייער דינאסטיע!...

גלייכצייטיג האָט דער העכסטער שופט געבראכט אויף אַ גאָלדענער טאץ צוויי הימען: אַ ווייסען — פון העכערן און אַ רויטען — פון נידריגען מצרים. איין דעם האָט

בענומען דער כהן-גדול פון אזירים, דעם צווייטען — דער כהן-גדול פון חירות און זיי האבען ביידע היטען געגעבען הרהור'ן, וועלכער האט געקושט די גאלדענע שלאנג, וועלכע איז געוועזען אויף זיי און האט זיך אנגעטהון ביידע היטען, איינעם אויפ'ן אנדערען.

דערנאך האבען די פערזאמעלטע, איינער נאכ'ן אנדערען געקניעט פאר הרהור'ן, געפאלען פאר איהם אויף די פנים'ער און געקושט די ערד, אויף וועלכער ער האט געהאלטען די פיס. דערנאך איז געשריבען געווארען א אקט, אויף וועלכען יעדער פון די פערזאמעלטע האט געלעגט זיין חתימה און פון דאמאלס אן איז סאן-אמן-הרהור געוועזען א פרעה, א הערשער פון ביידע וועלטען, ווי אויך פון דעם לעבען פון זיינע אונטערטהענער.

פאר נאכט איז דער היילינגער פרעה צוריקגעקומען א מיעדער אין זיינע צימערען, וואו ער האט אנגעטראפען דעם כהן פענטועך, וועלכער האט זעהר שלעכט אויסגעזעהן און אויף זיין דאר פנים האט מען דערקענט, אז ער איז זעהר טרויעריג.

פענטועך איז געפאלען אויף זיין פנים און הרהור האט איהם אויפגעהויבען, זאגענדיג צו איהם מיט א שמייכעל אויף די ליפען:

— דו האסט נישט אונטערגעשריבען דעם אקט, אז איך בין געוועהלט געווארען אלס פרעה און דו האסט מיר נישט אבגעגעבען דעם כבוד, וואס אלע האבען אבגעגעבען... הלואי זאל איך דיך נישט דארפען א מאל בעלעגערען אין דעם בית-מקדש פתח!...

דו האסט נישט בעשלאסען צו בלייבען ביי מיר: דו

ווילסט בעסער געהן צו מענעס'ן ?...

— זיי מיר מוחל, היליגער! — האט דער כהן גע, זאגט — דאס לעבען אין קעניגליכען הויף איז מיר אבער אזוי פערמיאוס'ט געווארען, אז מיין גאנצער וואונש איז היינט נאר צו לעגען זיך קלוגשאפט ...

— דו קענסט ניט פערגעסען אן רעמסס'ן! —ה הרהור געפרעגט — איהם האסט דו דאך געקענט זעהר קורץ אין ביי מיר האסט דו געארבייט עטליכע יאהר.

— האלט מיר דאס נישט פאר א עולה, היליגער. רעמסס דער דרייצעהנטער איז געווען דער ערשטער פרעה וועלכער האט געפיהלט דעם צער פון דעם פאלק אין מצרים ...

הרהור האט געשמייכעלט.

— א, איהר געלעהרטע!... — האט ער געזאגט שאקלענדיג מיט'ן קאפ — דו, דו אליין האסט דאך אויף מערקזאם געמאכט רעמסס'ן, אז די לאגע פון המון איז זעהר שלעכט און איצט טרויערסט דו אין דיין הארץ נאך איהם, חאטש ער האט גארנישט געטהון פאר'ן פאלק ... דו האסט דאך געטהון, נישט ער ...

חכמים זענט איהר און קיין שכל האט איהר נישט— האט הרהור ווייטער געזאגט — מענעס איז אויך אזוי, ווי דו ... ער האלט זיך פאר דעם רוהיגסטען מענש אויף דער וועלט, חאטש ער האט די דינאסטיע אויסגעראטעט א מיר האט ער געעפענט א וועג צו דער הערשונג!...

ווען נישט זיין בריעף וועגען דער לקוי-חמה, וואס איז געווען דעם 20-טען פאאפי, וואלטען מיר אבער ביידע איצט מיט ספרים'ן, געהאקט שטיינער אין די גראבען ...

נו, געה שוין, געה און גרים מענעסען פון מיר, געדענק אויך דאס, אז איך קען זיין דאנקבאר און דאס איז א גרויסע מעלה ביי א מלך. זאג מענעס'ן, אז איך וועל אלע זיינע ביטעס ערפילען, אבי ער זאל מיך נישט הייסען זיך ענטזאגען פון טראן ... ווען דו וועסט זיך דארט ביי איהם אויסרוהען, ווענד זיך צו מיר און איך וועל דיר א גרויסע שטעלונג געבען.

און ער האט ארויפגעלעגט די האנד אויף דעם קאפ פון פענטוער'ן, וועלכער איז געוועז אראבגעבויגען מיט הכנעה.

## ענדע!